# ייִדישע שפּראַך



זשורנאַל פֿאַר די
פּראָבלעמען פֿון דער
ייִדישער כּלל־שפּראַך



אינהאַלט:




ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער
אינסטיטוט — ייִוואָ

1048 פֿינפֿטע עוועניו
ניו־יאָרק 28, נ"י

יאַנואַר—מאַרץ 1956, ב' XVI, 1

344

אַבאָנעמענט־פּרייז — 2 דאָלאַר אַ יאָר


vol. 16

# שמועסן וועגן העברעיש־יידיש און יידיש־העברעיש

פון יהודה עלזעט

## I. חלק־שני און פלג־גוף

אין יידישע שפראַך, ב׳ XV, נומ׳ 3, האָב איך געשריבן „וועגן א במקום פאַרן וואָרט ׳ווייב׳ און דעם ווייבס נאָמען״. איצט האָט מיין חלק־שני א טענה צו מיר, הלמאי איך האָב נישט דערמאָנט די גוטמוטיקע ווענדונג: „נו, וואָס מאַכט עפּעס אייער חלק־שני?״ אָדער: „און וואָס וועט מיין חלק־שני זאָגן דערצו?״ ברענגט דאָס מיר אויפן געדאַנק אַ צווייטן, כמעט ענלעכן, אויסדרוק — פלג־גוף [„פּלאַג־גוף״]. חלק־שני איז א גוט באַקאַנטער און ווייט פאַר־שפּרייטער אופן צו באַצייכענען א פרוי בנוגע צו איר מאַן, הגם ביז איצט קאָן איך דאָס ניט דאָקומענטירן מיט קיין שום געדרוקטן מקור, העברעיש צי יידיש. אנדערש איז עס מיט פלג־גוף. דער געדאַנק איז דאָ אַ דעפיניטיווער: עס ווערט קלאָר באַשטימט אַז מאַן און פרוי זיינען צוויי העלפטן פון איין גאַנצן קערפּער. און דערצו האָט דער אויסדרוק שוין באַקומען אָנערקענונג אין דרוק. וועלן מיר צום ערשטן באַטראַכטן דעם פלג־גוף.

### א

אין יידישע ווערטערביכער האָב איך דעם אויסדרוק פלג־גוף דערווייל ניט געפונען. ער ווערט דערמאָנט אין טביובס „היסודות העברים בז׳רגון״. לויט זיין שטייגער אין דער דאָזיקער אַרבעט, גיט ער אָבער ניט קיין מקור און ניט קיין דערקלערונג. יהודה גור־גרזובסקי, אין זיין גרויסן מלון־עברי, פאַרלאַג דביר, פאַרצייכנט עס, ניט אָנגעבנדיק קיין שום געדרוקטן מקור און ניט דעם פאַקט וואָס עס שטאַמט פון יידיש. ער פאַרטייטשט עס: „חצי הגוף. כנוי לאשתו של אדם על־פי הפסוק ׳והיו לבשר אחד׳״ (בראשית, ב, 24). אבן־שושן, אין מלון חדש, איז זיך דאָ נוהג ווי גור, אָבער ער פאַרטייטשט: „כנוי הלצי לאשת־איש. המחצית השניה שלו״.

אין פלוג איז מיר זייער טייטש אויסגעקומען זייער אויסטערליש, ווייל לויט ווי מיר איז דער אויסדרוק באַקאַנט פון דער לעבעדיקער שפּראַך, הייסט פלג־גוף: אַן אַלטער, פאַרזעסענער בחור, אַן אלמן אָדער אַ גרוש.[1]

---

[1] פאַראַן א ליצנותדיק ווערטל: אז דאס ווייב איז אן אלמנה איז דער מאַן אַן אלמן. אָבער ווען דאָס ווייב איז א גרושה — איז באמת דער מאַן א גרוש, הגם לויטן יידישן דין איז קיין גרוש ניט פאַראַן, נאר א מגרש, ווייל דער מאַן קען גטן, אבער ניט געגט

פריינד אַ. מ. האָבערמאַן (שטאַמט פון לעמבערג) פאַרזיכערט אַז ביי זיי האָט פלג־גופא געהייסן אַ חתונה־געהאטע פרוי. אַ י. פּאַפּירנאַ, אין זיינע זכרונות,[2] דערציילט פאַר וואָס ער און אַ חבר זיינער, אַ פּאָר יונגע משכּילים, האָבן זיך געריסן חתונה צו האָבן:

> דער מאַן און די פרוי צוזאַמען בילדן עפּעס גאַנצעס, באַזונדער אָבער — איז יעדער פון זיי אַ פּלאָג[!]־גוף, אַ האַלבע זאַך, נישט קיין פאַרענדיקטע בריה. אַ בחור, ווי ער זאָל ניט זיין קלוג און געלערנט, האָט נישט געגאָסן די אַכטונג פון דער געזעלשאַפט, האָט נישט באַקומען קיין געזעלשאַפטלעכן פּאָסטן, נאָר דאָס חתונה האָבן האָט געמאַכט דעם מענטשן פאַר אַ בירגער, פאַר אַ בן־אָדם.

פּאַפּירנאַ האָט לאַנגע יאָרן געלעבט אין מיין געבוירן־שטאָט פּלאָצק. מעגלעך אַז ער האָט דעם פלג־גוף מיטן באַטייט: אַ ניט־חתונה־געהאטער מאַן, אויפגענומען דאָרטן, הגם ביי אונדז האָט מען געזאָגט פלג־גופא.

## ב

לאָמיר איצט זיך אַרויסלאָזן אויף אַ לאַנגן שפּאַציר כּדי צו דערגרייכן די ערשטע מקורות פונעם באַנעם אַז מאַן און ווייב זיינען צוויי העלפטן פון איין גאַנצס. געוויינטלעך קומט באַלד אויפן זינען די חומש־דערציילונג אַז חוה איז באַשאַפן געוואָרן פון אָדמס ריפּ. אַ ריפּ איז אָבער ניט קיין האַלב פונעם מענטשלעכן קערפּער, ס'איז ניט מער ווי אַ חלק. די אידיי פון צוויי גלייכע העלפטן איז לגמרי אויסגעהאַלטן און שטימט פולקום מיט אַן אַלטער טעאָריע וואָס געפינט זיך אין דער גמרא, מדרש און זוהר, וואָס איז שוין געווען באַקאַנט אין אַלטן בבל, וואָס ווערט ברייט אַרומגערעדט פון אַריסטאָפאַנעס אין פּלאַטאָס סימפּאָזיום, און וואָס איז געווען באַוווסט צו די פּאַטערס פון קריסטנטום.[3] די דאָזיקע טעאָריע איז אויך געווען גוט באַקאַנט ביים

ווערן. די פאָלקשפּראַך אָבער שאַפט פאַרמירונגען לויט אַנאַלאָגיע. גרוש געפינט זיך שוין אין דער גמרא גטין, קי״ב, סוף ע״א. גאַלאָמב, מלים בלשוני, ז' 96, גיט צו צום וואָרט גרוש: „מכּאן לשיווי זכיות הנשים בתלמוד, כּי כּמו שהיא גרושה כּן הוא גרוש מאשתּו״. אַן אמתע שמחה! זען אָבער וואָס איך האָב געשריבן וועגן וואָרט מסור אין שי לישעיהו, ספר יובל לר' ישעיהו וולפסברג בן הששים, תּל־אביב, תּשט״ו.

[2] ציטירט פון דער יידישער איבערזעצונג, וואַרשע, 1923, ז' 171.

[3] די רבנישע ליטעראַטור וועגן דעם איז פאַרצייכנט אין הרב מ. כּשר'ס תורה שלמה, בראשית, ב, סמנים רנ״ז, רע״ד, רע״ה, רפ״א. גאָר באַלערנדיקע באַטראַכטונגען וועגן דעם ענין גיבן ד״ר טעאָדאָר אין זיין אויסגאַבע פון בראשית רבה, ז' 55, און פּראָפ' ל. גינצבורג אין *Legends of the Jews*, Vol. V, p. 88, n. 88. אַגב, צום סוף פון דער דאָזיקער הערה ציטירט ל. גינצבורג פון תּרגום ירושלמי (בראשית, ב, 21) אַז חוה איז גענומען געוואָרן פון דער דריטער ריפּ פון אָדמען; באמת שטייט דאָרטן — פון דער דרייצנטער ריפּ. און נאָך וואָס: אויף דעם זעלביקן אָרט זאָגט דער תּרגום ירושלמי אַז חוה איז גענומען געוואָרן פון דער רעכטער זייט פון אָדמען.

איך זע אין דעם אַ מקור פאַר דעם באַקאַנטן מנהג אַוועקצושטעלן די כּלה אונטער דער חופּה ביי דער רעכטער זייט פון חתן. איך זע אין דעם אַ פּאָעטישן סימבאָל: ווען מע ברענגט די פרוי צום מאַן, זיי זאָלן ווידער ווערן לבשר אחד — שטעלט מען זי אַוועק ביים אָרט פון וואַנען זי איז גענומען געוואָרן.

יידישן עולם, ווײַל אזוי טײַטשן אויך רשי און דער אבן־עזרא אויפן חומש, בראשית, ב, 21.

לויט דער דאָזיקער טעאָריע איז דער ערשטער מענטש באַשאַפן געוואָרן א צווייאייניקייט, א מאַן־פרוי, אָדער, אין גריכיש: אַן אנדרוגינוס, אַ דו־פרצופין, אָדער, ריכטיקער, אַ דיפּרוסופין, דאָס הייסט אַן אמת צווייפּנימדיקע באשעפעניש, א מאַן און פרוי צוזאַמענגעוואַקסן.[4] און די שפּעטערדיקע באַ־רימטע אָפּעראַציע איז באַשטאַנען ניט אין אויסשנײַדן אַ ריפּ, נאָר אין פו־נאַנדערשנײַדן די צוויי פּערזאָנען און פונאַנדערטיילן די צוויי פיגורן — איין זײַט פון דער צווייטער זײַט.

אַפילו לויטן פּשט אַז 'צלע' איז ניט קיין זײַט,[5] נאָר א ריפּ, האָט דער געדאַנק אַז מאַן און פרוי דערגאַנצן זיך קעגנזײַטיק אַ שטאַרקן גרונט אין יידישע מקורות און ווערט דערמאָנט אין אַ סך ערטער פון גמרא, מדרש און זוהר.[6]

מען איז זיך סומך אויף דעם פּסוק אין בראשית, ה, 2: „זכר ונקבה בראם... ויקרא את שמם אדם". דרינגט מען דערפון אַז נאָר מאַן און ווײַב צוזאַמען פאַרדינען דעם נאָמען 'אָדם'. דעריבער קומט מען צום אויס־פיר: „כל אדם שאין לו אשה אינו אדם"; אַ מאַן אָן א ווײַב איז גאָר קיין אָדם ניט. און דער מדרש קהלת זאָגט אויפן פּסוק (ט, 9): „ראה חיים עם האשה אשר אהבת" — דער מאַן אָן א ווײַב איז ניט קיין אָדם שלם, ניט קיין גאַנצער מענטש, ווײַל: „בזמן ששניהם כאחד הם אדם, אין שניהם כאחד אין קרויין אדם".

באַזונדער אָפט קערט זיך צוריק צו אָט דעם רעיון דער זוהר, ספּע־ציעל אין אָנהייב פון ויקרא, ווען מע קומט צום פּסוק: „אדם כי יקריב מכם קרבן". רעדט זיך דאָרטן מיט פײַער און עקסטאַז קעגן דעם מענטש

[4] אזוי איז עס לויט יידישע מקורים. דאָ קומט אויס אז מאַן־און־פרוי זײַנען געווען צונויפגעוואַקסן פּלייצע צו פּלייצע (לויטן פּסוק אין תהלים, קלט, 5: „אחור וקדם צרתני"). דער גריכישער טעקסט אין סימפּאָזיום איז ניט גאַנץ קלאָר. דאָרטן קומט אויס אז עס זײַנען געווען גאַנצע דרײַ סאָרטן מענטשן, און אלע צווייפּנימדיק, פּירהעגטיק, פירפיסיק. איין סאָרט איז געווען כלו זכר, דער אנדערער — כלו נקבה, דער דריטער — מאַן־פרוי. די אָפּעראַציע איז לויט אָט דער ווערסיע געווען ניט אזוי איינפאַך ווי בײַ אונדז, און דורכ־געפירט האָט זי דזעוס בכבודו ועצמו מיט נאָך עטלעכע געטער ווי אסיסטענטן. די דרײַ סאָרטן באשעפענישן זײַנען נייטיק געווען צו דערקלערן דעם אָפּשטאַם פון דרײַ מינים ליבעס: האָמאָסעקסועלע, לעסבישע און העטעראָסעקסועלע. בײַ אונדז איז איינציק און אליין געווען אָנערקענט ווי די געזעצלעכע און די נאַטירלעכע די ליבע צווישן מאַן און פרוי. די דערקלערונגען, בײַ זיי ווי בײַ אונדז, גייען לויטן תלמודישן כלל: „בעל אבידה מחזר על אבידתו" (קדושין, ב, ע"ב) — יעדערער זוכט וואָס ער האָט פאַרלוירן.

[5] די וואָס האָבן זיך געהאַלטן בײַ דער טעאָריע פון דער לכתחילהדיקער צווייאייניקייט מאַן־און־פרוי האָבן געטײַטשט דאָס וואָרט צלע („ויקח אחת מצלעותיו", בראשית, ב, 21) ניט ריפּ, נאָר זײַט. דאָס וואָרט צלע מיטן באַטײַט זײַט טרעפט זיך אין שמות כו, 20: „ולצלע המשכן השנית" — יהואָש טײַטשט: „און פאַר דער צווייטער זײַט פון משכן".

[6] די מקורים זײַנען פאַרצייכנט אין תורה שלמה, בראשית, ה, סימן כ"ו.

וואָס זיצט אָן אַ ווײַב, בפרט ווען ער איז אַ כּהן: ער איז ניט קיין גאַנצע באַשעפעניש, ער איז אַ פּגום, אַ קאַליקע, אַ בעל־מום. ווי קומט ער גאָר צו ברענגען אַ קרבן, ווי קומט ער מקטיר צו זײַן קטורת, וואָס פאַר אַ מין שליח־ציבור קאָן ער זײַן, וואָס פאַר אַ ברכות קאָן ער אַראָפּברענגען — אַזאַ בעל־מום, אַזאַ ווײַסטער קאַליקע, אַ מאַן אָן אַ ווײַב, דער ניט־גאַנצער!

אַזוי האָט מען פון אומעטום קאָנצענטרירט די אַטאַקע קעגן דעם ניט־חתונה־געהאַטן מאַן. אמת, מע וואָלט דאָס אַלץ געקאָנט זאָגן אויך קעגן דער ניט־חתונה־געהאַטער פרוי, אָבער מען האָט זי דעליקאַט פאַרזען איבערן כּלל אַז „אשה רוצה להנשא".[7] און דאָך — הגם מיר הערן כּסדר אַז דער מאַן אָן אַ פרוי איז ניט קיין אָדם שלם, הערן מיר אָבער אין ערגעץ ניט אַז ער איז אַ האַלבער מענטש, אַ פלג־גוף.

זעט אויס אַז דאָס פאַלק האָט זיך אַליין, אָן דער הילף פון שריפטלעכע מקורות, פאָרמולירט דעם תּמצית פון די דערמאָנטע געדאַנקען אין דעם קורצן אויסדרוק פלג־גוף אָדער פלג־גופא. דאָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דעם יידיש־ריידנדיקן עולם. ווי אַ יידישיזם דאַרף עס באַצייכנט ווערן אין די נײַ־העברעישע לעקסיקאָנען. אויב טביוב האָט אָנגעהויבן צונויפצושטעלן „היסודות העברים בז'רגון", איז אַצינד געקומען די צײַט צונויפצונעמען אַ רשימה, ריכטיקער, צו מאַכן אַ גענויע פאָרשונג: היסודות היידישים בשפה העברית החדשה.

## ג

ס'איז בײַ מיר נאָך ניט אויסגעשלאָסן אַז אַ חלק אין שאַפן דעם אויסדרוק פלג־גוף האָט אויך געהאַט דער אַרומיקער שפּראַכיקער קלימאַט. וואָס הערט זיך עפּעס מכּוח די דאָזיקע ענינים אין דער גרויסער ניט־יידישער וועלט?

די פראַנצויזן האָבן פאַר דער פרוי די באַצייכענונג moitie — העלפט, טייל מאָל אויך מיט אַ צולאָג פון ווערטער פון ליבלעכקייט און צערטלעכקייט ווי chere אד"גל.

קעטרידזש [8] פאַרצייכנט פון שעקספּירס *King John*, II, i, אַז מאַן און ווײַב זײַנען העלפטן וואָס יעדער טייל דערגרייכט שלמות נאָר דורך פאַראייניקונג מיטן צווייטן. דאָ רעדט זיך בפירוש וועגן העלפטן.[9]

די דײַטשן האָבן meine bessere Hälfte, וואָס שטאַמט פונעם ענגלישן my better half, וואָס מע געפינט שוין אין אַן ענגלישן ראָמאַן, געדרוקט אין לאָנדאָן אין 1590.

---

[7] גטין, מ"ט, ע"ב.

[8] *Kettridge's French Idioms*, London, 1939, p. 152, moitie.

[9] באַריכות וועגן דעם און מקורים פון נאָך ענגלישע ראשונים זען בײַ:

H. H. Furness, *New Variorum Edition of Shakespeare*, Twelfth Night, Act I, sc. I, 44.

זען אויך די אויסגאַבע פון W. J. Rolfe, ז' 144, אין די הערות צו אַקט I, סצענע 2, שורה 38, און אַקט II, סצענע 4, שורה 41. אין די דאָזיקע מקורים ווערט באַזונדער באַטאָנט די שלמות צו וועלכער עס דערגרייכט די פרוי דורכן פאַראייניקן זיך מיטן מאַן. אפילו איר שלמות אין שיינקייט דערגרייכט זי נאָר דעמאָלט. (אַ פּאַראַלעל צו דעם איז דער יידישער אויסדרוק: כּלה־חן.)

ביי מילטאָנען [10] זאָגט אדם הראשון צו חוהן: Best image of myself and dearer half.
שיפּלי [11] קומט מיט גאָר אַ נייעם איינפאַל: ווען אַ מאַן רעדט וועגן זיין בעסערער העלפט, באַציט ער זיך צו דער ריפּ פון אדם הראשון. דער זינען פון דעם וואָרט half איז טאַקע געווען זייַט; [12] און אַזוי ווי אַ מענטש האָט צוויי זייטן, קומט אויס אַז זייט איז העלפט. גאָר נישקשה, אָבער ס'איז פאָרט קשה. ווי אַזוי זייַנען די ענגלענדער געקומען צו טראַכטן וועגן אַ זייַט, ווען זיי האָבן איבערגעזעצט צלע — אַ ריפּ און ניט קיין זייַט.[13] דאַרף מען אָננעמען אַז שיפּלי האָט זיין דערקלערונג גענומען פון אַ גרעסערן אַרטיקל, ווו עס ווערט אָנגעוויזן אויפן טייטש צלע: זייַט, און אין זיין קיצור האָט ער עס דורכגעלאָזט. קומט די המצאה אויס ניט מאָטיווירט.

פאַראַן נאָך אַ מחבר [14] וואָס זעט דעם מקור פאַרן ענגלישן better half (וואָס באַצייכנט לויט אים בדרך הלצה אַ ווייַב) בייַם רוימישן דיכטער האָראַציוס וועלכער רופט אָן זיין פריינד ווירגיליוס — Animae dimidium meae (Horace, *Odes*, I, iii, 8). ער פאַרזעט אָבער אַ גאָר וויכטיקן פּרט: אַלע מקורים זייַנען מרמז אויף אַ האַלבן גוף, בשעת האָראַציוס רעדט וועגן זיין האַלבער נשמה.[15] איז דאָס גאָר אַן אַנדער ענין, וואָס מיר וועלן באַטראַכטן ווייַטער בשייכות מיט אונדזער אויסדרוק חלק־שני.

ווי אַזוי עס איז באמת געקומען צו די דערמאָנטע פֿעלקער דער ענין אַ ה ע ל פ ט — דאַרף נאָך געפאָרשט ווערן. און אפשר ליגט דער פּתרון אין דעם אַז half האָט אויך באַטייַט אַ חלק (זען הערה 13). אויב אַזוי זייַנען אַלע אונדזערע שוועריקייטן נאָר צו פֿאַרדאַנקען די גלגולים וואָס אַן אַלט וואָרט איז במשך הדורות דורכגעגאַנגען סיי אין אויסלייג און סיי אין באַטייַט.*

כּדי אונדזער חקירה זאָל זיין ווי ווייַט מעגלעך גאַנץ, לאָמיר צוגעבן אַז באמת קען מען געפינען אין דער תּורה אַ גאַנץ כּשרן סמך פאַרן אויסדרוק פלג־גוף — און דאָך האָט אונדזער פלג־גוף קיין שייַכות ניט צום ציטאַט

[10] Buchmann, *Geflügelte Worte*, 27. Auflage, p. 295.

[11] J. T. Shipley, *Dictionary of Word Origins*, 1945, p. 174, half.

[12] healf אין אַנגלאָ־סאַקסיש האָט באַטייַט: אַ זייַט. ווען איינער אַרבעט in behalf פון אימעצן הייסט עס: ער אַרבעט אויף זיין זייט, ער איז פון זיין צד.

[13] healf האָט אָבער אויך באַטייַט אַ חלק, זען: Skeat, *Ethymological Dictionary of the English Language*, Oxford, 1882. איז לכתחילה דאָס וואָרט healf געווען אויסגעהאַלטן לכל הדעות. די שוועריקייטן הייבן זיך ערשט אָן, ווען פון healf איז געוואָרן half — מיט אַ נייעם טייַטש: העלפט.

[14] *Brewer's Dictionary of Phrase and Fable*, N.Y., Harper & Brothers, p. 100.

[15] טשיקאַווע איז די איבערזעצונג, וואָס דאַרף זיין „וואָרט־בייַ־וואָרט", וואָס מיר געפינען בייַ H. Bryce (Bohn's Library, London, 1897). דאָרטן לייענען מיר: My dear *life's* better part.

* דער רעדאַקטאָר דערלויבט זיך דאָ צו מאַכן פון זיין זייט אַזאַ אַלגעמיינע הערה וואָס קוואַלט אַרויס פון זיין קוק אויף פּאַראַלעלן אין פאָלקלאָר און אין דער אידיאָמאַטיק: אויב מע געפינט ענלעכע און אפילו אַלצאיינע שפּרוכן, ווערטלעך און אידיאָמען אין אַ פּאָר לשונות איז דערפון נאָך ניט תּמיד געדרונגען אַז איינס שטאַמט פון דעם צווייטן, ווי אַ זון פון אַ פאָטער. עס איז פאַראַן די מעגלעכקייט פון זעלבשטענדיקן שאַפן, פון פאַרזיכדיקן אויפקום פון ווערטלעך און אידיאָמען בייַ פאַרשיידענע פעלקער, אויב די תּנאים פאַרן אויפקומען פון די אויסדרוקן און ווערטלעך זייַנען געווען מער־ווייניק די זעלביקע. און גראַד די באַציונגען צווישן מאַן און פרוי זייַנען דאָך אומעטום אין תּוך די זעלביקע.

וואָס מיר ברעגגען דאָ. אין במדבר, יב, 12, זאָגט אהרן: „אשר בצאתו מרחם אמו ויאכל חצי בשרו"; און רשי טייטשט, לויטן ספרי, אז אַ ברודער אָדער אַ שוועסטער הייסן חצי בשרו (האַלב פון זיין פליש), ווייל עס שטייט דאָך אין בראשית, לז, 27: „כי אחינו בשרנו הוא". און אַזוי ווי אָדם האָט געזאָגט: „זאת הפעם עצם מעצמי ובשר מבשרי" (בראשית, ב, 23) — וואָלט אַ פרוי געקאָנט הייסן חצי־בשׂרו. היות אָבער ווי יעדער נאָענטער קרוב הייסט אין תנך עצמי ובשׂרי (אייגן בלוט און פליישו), און דאָך הייסט קיין שום קרוב ניט פלג־גוף — קען קיין אויסנעם פאַר אַ ווייב אויך ניט געמאַכט ווערן אויפן סמך פון חצי־בשׂרו.

ד

מיר האָבן שוין געהערט ווי האָראַציוס רופט אָן זיין פריינד ווירגיליוס „די העלפט פון מיין נשמה". די מפרשים פון האָראַציוס שרייבן אז ער איז מרמז אויפן געדאַנק פון דער אַלט־גריכישער פילאָסאָפיע — טייל שרייבן עס צו פיטאַגאָראַסן[16] — אז „פריינד זיינען צוויי קערפּערס מיט איין נשמה".[17]

די דאָזיקע טעאָריע איז געקומען צו דערקלערן די פאַלן פון פאַרליבונג „אויף טויט און לעבן", און באַזונדער די דערשיינונג פון בכל־נפשך־פריינדשאַפט צווישן מענער, וואָס פון איר האָבן מיר יידן נאָר איין ביישפּיל: אהבת דוד ויהונתן. ביי די אַלטע גריכן איז עס אָבער געווען אַן אַלגעמיין פאַרשפּרייטער פענאָמען, וואָס זיין אמתער כאַראַקטער איז נאָך עד־היום ניט אין גאַנצן קלאָר.[18] די דאָזיקע דערשיינונג איז אויך געווען פאַרשפּרייט ביי די אַראַבער. דאָ איז תמיד פאַראַן דער חשד פון אַ סעקסועלן אונטערשלאַק. אין יידישע מקורים פון מיטל־עלטער ווערט די זעלביקע דערשיינונג אָפט דערמאָנט; עס זעט אויס אַז יידן האָבן ניט אין גאַנצן פאַרשטאַנען און ניט פאַרטראַכט זיך וועגן די רעזולטאַטן און קאָנסעקווענצן פון דער דאָזיקער טעאָריע טעאָלאָגיש און פּראַקטיש. אָט די דאָזיקע טעאָריע ווערט איבער־געגעבן אין ספר מוסרי הפילוסופים:[19]

ושאלו לבטלמוס על ענין החשק, ואמר כי הבורא יתעלה ברא כל נשמה עגולה בתבנית כדור, וחלקה לשני חלקים, ושם בכל גוף חצי האחד, וכל גוף כשיפגוש האחר שיש בו החלק השני יהיה ביניהם חשק. (מען האָט געפרעגט פּטאָלאָמעוסן וועגן ענין גלוסטן, האָט ער געזאָגט: דער בורא, ברוך הוא, האָט באַשאַפן יעדע נשמה רונדיק, אין געשטאַלט פון אַ באַלעם, און האָט זי דערנאָך פונאַנדערגעטיילט אין צוויי חלקים, און אין יעדן גוף האָט ער אריינגעטאָן איין העלפט. און יעדער גוף, ווען ער טרעפט דעם אַנדערן גוף, וווּ עס געפינט זיך דער חלק־שני פון זיין נשמה — וועט צווישן דיביידע זיין גלוסט.)

[16] James Hastings, *Encyclopaedia of Religion and Ethics*, Vol. VII, p. 135b.

[17] *Horace.* Notes by A. J. Macleane, Cambridge, 1866.

[18] זען ד״ר קלויזנערס אריינפיר צו דער העברעישער איבערזעצונג פון סימפּאָזיום, אין השלוח, כרך מ״ג, תשרי תרפ״ה.

[19] געשריבן אויף אַראַביש אין 9טן י״ה. דער מחבר חניה בן יצחק איז געווען אַ קריסט. זען די איבערזעצונג פון אל־חריזי, פראַנקפורט־מיין, תרנ״ו, זז׳ 38־39.

דאָ זאָגט זיך וועגן דער נשמה אַלץ וואָס אַריסטאָפאַנעס האָט אין סימ־פּאָזיום געזאָגט וועגן קערפּער, וואָרעם דער עיקר איז די דאָזיקע טעאָריע געקומען צו דערקלערן „פריינדשאַפט" צווישן מענער. דער קריסטלעכער שרייבער גיט עס איבער, גלייך ווי עס וואָלט זיך לגמרי ניט גערעדט וועגן ליבשאַפט צווישן מאַן און פרוי.

רב סעדיה גאָון (געבוירן אַ צוואַנציק יאָר נאָכן טויט פון מחבר פון מוסרי הפילוסופים) האָט די דאָזיקע טעאָריע גוט פאַרשטאַנען מיט אַלע אירע אימפּליקאַציעס און ער באַטראַכט זי בפרטיות אין צענטן מאמר, פּרק זיבן, פון זיין פונדאַמענטאַלן ווערק האמונות והדעות; ער מאַכט פון איר עפר ואפר און לאָזט אויס אַז „בטל השער הזה ושבור".[20]

אַזוי שטאַרק איז אָבער דער כּוח פון אַ געפליגלט וואָרט אַז סעדיה גאָונס ערנסטע חקירה האָט ניט געלאָזט נאָך זיך קיין שפּורן. נאָר די קורצע שלאָגעדיקע שפּרוכן על־פּי דער דאָזיקער טעאָריע זיינען כּסדר איבערגע־חזרט געוואָרן פון יידישע חכמים.[21] אַפילו דער בעל־התניא שרייבט אין זיין סידור, אין די „דרושים לחתונה":

---

[20] ד"ר שמואל ראָזנבלאַט, אין זיין ווערק *Saadia Gaon. The Book of Beliefs and Opinions*, p. 374, n. 29, ציטירט ד"ר יעקב גוטמאַנס מיינונג, אויסגעדריקט אין זיין בוך *Religionsphilosophie des Saadia*, p. 270, n. 4, אַז סעדיה גאָון האָט דאָ געהאַט אין זינען דעם שמועס אין פּלאַטאָס סימפּאָזיום. דאָס איז לגמרי ניט ריכטיק. גוטמאַן האָט אַליין געפרעגט אַ גוטע קשיא: פון וואַנען האָט סעדיה געוווּסט פון אַריסטאָפאַנעסעס רייד, ווען דער סימפּאָזיום איז קיין מאָל ניט איבערגעזעצט געוואָרן אויף אַראַביש. איז ער געצוווּנגען צו זאָגן אַז סעדיה זאָל דאָס האָבן גענומען פון אַ סעקונדערן, אַ ניט־פּלאַטאָנישן מקור. עס איז אָבער קלאָר אַז סעדיה רעדט ניט פון צעטיילטע קערפּערס, נאָר פון צעטיילטע נשמות — אין הסכּם מיט דער טעאָריע פון פּטאָלאָמעוסן.

[21] מיר ברענגען דאָ נאָר עטלעכע דוגמאות.

אבן פלקירא, המבקש, וואַרשע, פאַרלאַג טרקלין, ז' סה: „שאלה. היאך אמרו בחבר הנאמן שהוא אחד והוא הוא?" (דאָ דאַרף זיין: והוא אתה ואתה הוא. זעען שירת ישראל פון ר' משה אבן־עזרא, ז' קלו: „אמר סוקרטס, הידיד הוא איש אחר שהנו אתה, אף על פי שהוא זולתך. אמר דיוגנס: הידיד הוא לב [!] אחד הכולל שני גופים".)

„תשובה. האחים הנאמנים [זעען וועגן דעם ביי קלויזנערן, ציטירט אין הערה 18] וחברים הותיקים, שאהבתם אהבה רוחנית, מאמינים שהם בנפש אחת — נחלקת בגופים רבים, ועל כן רואים כל אחד הטבתו לחברו כאילו הטיב לעצמו ממש". און דאָרטן, ז' ס"ט: „כל אהבה תהיה לסבה מה, כשתבטל אותה הסבה תבטל אותה האהבה, מלבד אהבת 'האחים הנאמנים', מפני שהם מאמינים שהם נפש אחת בגופות רבים".

דער אַבּרבנאל, אין דער פּרשה ויגש, אויפן פּסוק: „ונפשו קשורה בנפשו", שרייבט אַזוי: „כאילו היו שני גופים בנשמה אחת".

ר' עזריה מן האדומים, אמרי בינה, פּרק נ"ז, שרייבט אויף דעם זעלביקן פּסוק: „אַלץ וואָס די געלערנטע האָבן אין זייערע ביכער פאַרגעשלאָגן וועגן דער אמתער ליבע צווישן צוויי פּערזאָנען... לערנען מיר עס דאָך פון די פּשוטע ווערטער: ונפשו קשורה בנפשו".

אין הצופה לחכמת ישראל (בודאַפּעשט, תרפ"ח), אין ישעיה בערגערס הערה צו דעם וואָס זבארה שרייבט אין זיין ספר שעשועים (אויסגאַבע פון ישראל דווידזאָן, בערלין, תרפ"ח, ז' 138): „ושאלו לאריסטו מה הוא האוהב? אמר לב אחד חובר בשתי גופות". (זעען אויך דאָרטן דווידזאָנס הערה). בערגער האָט ניט באַמערקט דעם גרויסן חילוק צווישן זבאַראַהס נוסח

כדמיון שני חצאי כדורים, חצי כדור התחתון עולה ומתרחב מלמטה למעלה, וחצי כדור העליון יורד ומתרחב מלמעלה למטה, ובאמצעיתו מתאחדים. והוא משל להבין ענין יחוד זו״נ [זכר ונקבה] שנקראו חתן וכלה.

ח

אַזוי קומען מיר צום אויספיר אַז די באַצייכענונג פלג־גוף שטאַמט פון דער טעאָריע אַז דער מענטש איז צום ערשטן באַשאַפן געוואָרן אַן אַנדרוגינוס און איז דערנאָך צעטיילט געוואָרן אין צוויי גלייכע העלפטן. דאָס שטימט מיטן פירוש וואָס חכמים פון מדרש און גמרא האָבן געגעבן צו די פסוקים פון בראשית. דאָס שטימט אויך מיט דעם וואָס אַריסטאָפאַנעס האָט פאָרגע־לייגט פאַר דער באַרימטער פאַרזאַמלונג פון די חכמי־יוון מיט סאָקראַטעסן בראָש.

דער אויסדרוק חלק־שני באַציט זיך צו דער נשמה און שטאַמט פון אַ טעאָריע אין גריכנלאַנד, צוגעשריבן צו פּיטאַגאָראַסן און פּטאָלאָמעוסן, באַ־קעמפט פון רב סעדיה גאָון און דאָך ציטירט פון אַ סך יידישע חכמים במשך פון הונדערטער יאָרן.

(צווייטער טייל פון אַרטיקל אין קומעדיקן נומער יידישע שפּראַך)

# מערצאָל פון זאַכווערטער *

## פון יודל מארק

### יא. פאַראַלעלע מערצאָל־פאָרמען

מיר האָבן שוין געזען אַז דער קאַפּיטל גראַמאַטיק — מערצאָל פון זאַכ־ווערטער — איז גאַנץ קאָמפּליצירט אין יידיש. ביים קלייבן מאַטעריאַלן פאַר דעם קאַפּיטל האָבן זיך צונויפגענומען הונדערטער פאַראַלעלע מערצאָל־פאָר־מען. עס איז גאַנץ נאַטירלעך, למאַי עס האָט זיך אַזוי באַקומען. די צאָל ענ־דונגען אַפילו פאַר איין קאַטעגאָריע איז פאַרשיידנדיק און די אַנאַלאָגישע רייען האָבן זיך היפּש צונויפגעפּלאָנטערט (למשל אין געוויסע פאַלן: ־ן און ־ים; ־ס אָדער ־ן נאָך ־ער). אַפילו ביי די זעלביקע ריידערס האָבן זיך צונויפגעצ־שטויסן פאַרשיידענע נטיות און געוווינשאַפטן צו שאַפן די מערצאָל, שוין אָפּגערעדט פון די אונטערשיידן וואָס קומען אַריין, ווען מע רעכנט זיך מיט אַלע דיאַלעקטן.

לב אחד אאז״ת און דעם נוסח ,One soul abiding in two bodies וואָס Diogenes Laertius ברענגט אין אַריסטאָטלס נאָמען (פאַרלאַג באָהן, ז׳ 188).

זען אויך א. מ. דיק, „דיא נאכט פאר דער חופּה״ (געדרוקט צוזאַמען מיט אידישער פּאָסלאַניק, ווילנע, 1880, ז׳ 11): „מאַן אונ ווייב זיינען נור איינע זייל וואָס בעלעבט צוויי בעזונדערע קערפּער״.

* דאָס איז דער לעצטער חלק פון דער אַרבעט. די פריערדיקע טיילן זען אין יידישע שפּראַך, ב׳ XIV, נומ׳ 2, זז׳ 33—42, נומ׳ 3, זז׳ 80—92, נומ׳ 4, זז׳ 120—126; ב׳ XV, נומ׳ 1, זז׳ 5—11, נומ׳ 2, זז׳ 58—63, נומ׳ 3, זז׳ 65—79, נומ׳ 4, זז׳ 110—118.

במשך פֿון די צוויי יאָר וואָס עס איז אויסגעקומען זיך צו פֿאַרנעמען מיטן אויססאָרטירן דעם גרויסן מאַטעריאַל און אויסגרופּירן אים, איז געווען די כּוונה אין אַ באַזונדער קאַפּיטעלע צו ברענגען די אַלע זאַכווערטער, וואָס פֿאַר זיי ווײַזן די פֿאַרצייכענונגען צוויי און מער פּאַראַלעלע פֿאָרמען אין מערצאָל. אָבער מיר זענען אײַנגעפֿאַלן אַז דאָס וואָלט פֿאַרנומען זייער אַ סך אָרט און דאָס וואָלט אָגבֿ קוים געווען ניצלעך. מיר האָבן זיך דאָך שוין אָפּגעשטעלט הן אויף באַזונדערע ווערטער הן אויף גאַנצע גרופּעס ווערטער וואָס פֿאַרמאָגן פּאַראַלעלע מערצאָל־פֿאָרמען.

דער עיקר קומען די פּאַראַלעלע פֿאָרמען איבער דעם חילוק אין דיאַלעקטן. און מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דער נטיה צו דער ענדונג ־ער אין דעם פּוילישן ייִדיש, וואָס אין דעם פּרט איז די כּלל־שפּראַך ניט נאָכגעגאַנגען אָט דעם מוסטער. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די כאַראַקטעריסטישע פֿאַלן, ווען די פּאַראַלעלע פֿאָרמען באַקומען זיך מחמת אונטערשייד אין דיאַלעקטן בײַ די פּונקטן: ד1, ד2, ה2, ה3, ו1, ו2, ו3, ז פֿון 1 ביז 9, ח פֿון 1 ביז 4, ט3, ט4, און געבראַכט מאַטעריאַלן אין צוואָרפֿענע הערות אויך בײַ אַנדערע פּונקטן. וועלן דאָ ווײַטער ניט זײַן קיין קאָנקרעטע אָנווײַזן אויף דיאַלעקטישע אונטערשיידן.

מיר האָבן שטעלנווײַז דערמאָנט אונטערשיידן בנוגע צײַט, אויך עלטערע און נײַערע פֿאָרמען (פּאַסעס און פּאַסן, אָדער אַפֿילו באַלן און בעלער א״א). אויף די דאָזיקע פֿאַלן וועלן מיר ווײַטער ניט באַטראַכטן. בײַ אַ היפּשער צאָל ווערטער און אויסדרוקן פֿון לשון־קודש האָבן מיר אויסגעפֿונען אַ חילוק צווישן דעם נוסח פֿון תּלמיד־חכם און דעם אופֿן שאַפֿן די מערצאָל בײַם פֿאָלקס־מענטש (זען דאָס גאַנצע קאַפּיטעלע י). האָבן מיר דעם ענין שוין אויסגעשעפּט. מיר האָבן בײַ די פּאַסיקע פּונקטן זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם חילוק צווישן א פֿאָרעם וואָס איז מער פֿאָלקסטימלעך פֿון איין זײַט, און אַזאַ וואָס איז מער פֿאָרמעל און נאָרמירט פֿון דער צווייטער זײַט, למשל: ברעג — ברעגעס — ברעגן; דעמב — דעמבעס — דעמבן (פּונקט ד2); טעלער — טעלערס — טעלער; מעסער — מעסערס — מעסער[156] (פּונקט ג5). אָבער מיר שטעלן זיך ניט אָפּ אויף די אַלע פֿאַלן, ווו די פּאַראַלעלע מערצאָל־פֿאָרמען קענען ניט דינען צו ווײַזן אָדער צו שאַפֿן אַן אונטערשייד אין באַטײַט.

די כּוונה דאָ ווײַטער איז צונויפֿצונעמען דאָס שוין געזאָגטע און ברענגען אויך א ביסל נײַס בנוגע די פּאַראַלעלע מערצאָל־פֿאָרמען, וואָס זיי ד י נ ע ן ממילא אָדער ק ע נ ע ן דינען מיט אַ כּיוון צו מאַכן סעמאַנטישע אונטערשיידן, ד״ה ווו יעדער פֿאָרעם ברענגט אַן אַנדער באַטײַט אָדער אַ קלאָרן ניואַנס. ווײַטער זײַנען דאָ אויסגערעכנט ווערטער, ווו די פֿאָרעם פֿון מערצאָל

[156] די רעקאָמענדירטע פֿאַרמען ווערן געגעבן אין קורסיוו. בנוגע דעם וואָרט טעלער זײַנען מיר נוטה צו דער פֿאָלקסטימלעכער פֿאָרעם, בנוגע דעם וואָרט מעסער צו דער וואָס איז פֿאַרשפּרייט אין דער ליטעראַטור. די סיבה פֿון דעם איז די גרעסערע פֿאַרשפּרייטקייט פֿון טעלערס אין פֿאַרגלײַך מיט מעסערס.

צערײַסט די האָמאָנימישקייט פֿון אײנצאָל און ווו דער חילוק אין באַטײַט צווישן די מערצאָל־פֿאָרמען איז קלאָר פֿאַר יעדער ייִדיש־ריידער. מיר ברענגען אָבער אויך אַזעלכע פֿאַלן וואָס קענען ביי געוויסע לייענערס אַרויסרופֿן ספֿקות, אָבער דאָ מעג די האַנט פֿון נאָרמירער זיך אַרײַנמישן און אַרײַנברענגען קלאָרקייטן, אָדער ממשיך זײַן אַזוינס וואָס מען האָט שוין געהאָט פֿאָרגע־לייגט און עס האָט זיך שוין אין אַ קאָנטיקער מאָס אָנגענומען אין דער כּלל־שפּראַך. אין דעם פּונקט 1 וועלן מיר זיך פֿאַרנעמען מיט באַזונדערע ווערטער, אויסגעשטעלט אין סדר פֿון אַלף־בית; אין די ווײַטערדיקע צוויי פּונקטן וועלן מיר באַטראַכטן גרופּעס ווערטער.

1. לאָמיר זיך מערקן די אונטערשיידן אין באַטײַט בײַ די צווייִקע מערצאָל־פֿאָרמען פֿון אָט די ווערטער:

אבן־טוב — אַבנים טובות (טײַערע שטיינער) — אבן־טובס (טײַערע כאַראַק־טערס, גוטע מענטשן).

אומשטאַנד [157] — אומשטאַנדן (באַדינגונגען, פֿאַרהעלטענישן) — אומשטענדן (שוואַנגערשאַפֿט, בלויז אין מערצאָל).

באַנד — בענדער (סטענגעס, לענגלעכע פּאַסן מאַטעריאַל) — בענד (ביכער, איינסן פֿון אײַנבינדער).

באַנק — בענק (צו זיצן און אויך קלענערע געלטקאַנטאָרן) — באַנקען (גרע־סערע געלטקאַנטאָרן).

באַס — באַסן (באַסאָווע שטימען, מענטשן מיט באַסשטימען) — בעס (?) (מו־זיקאַלישע אינסטרומענטן).

בטחון [158] — בטחונס (האָפֿענונגען, אינעווייניקסטע זיכערקייטן) — בטחונות (גאַראַנטיעס אין האַנדל).

בן־זכר — בנים זכרים (ייִנגלעך, זין) — בן־זכרס (שׂמחות פֿאַרן ברית).

בן־מלך [159] — בני־מלכים (סתּם זין פֿון מלכים, פּרינצן) — בני־מלך (זין פֿון איין מלך).

בעל־הביתל [160] — בעלי־בתּימלעך (קליינע אָדער אָרעמע אייגנטימער אָדער ראָשים פֿון משפּחות) — באַלעבעסלעך (ניט לאַנג חתונה־געהאַטע; קליינ־בירגערס, מיט חוזק).

---

[157] אײנגלטלעך געהער ניט אָט דאָס וואָרט אַהער, ווארעם אומשטענדן מיטן ספּע־ציפֿישן באַטײַט איז ניט שייך אין איינצאָל. כּדי אָבער דער חילוק זאָל זײַן אויפֿן אויג איז דאָס וואָרט אַרײַנגעשטעלט אין דער רשימה.

[158] ס׳איז אויסגעקומען צו הערן: אַז ער וועט געבן אַ בטחון, וועל איך אײַנגיין אויף דעם.

[159] אין אײנצאָל איז דאָ ניטאָ קיין האָמאָנימישקייט.

[160] עס איז אויסגעקומען צו הערן אַן אונטערשייד אין אַרויסרעדן: „באַלעבאַיסל״ מיטן באַטײַט: קליינער בעל־הבית און „באַלעבעסל״: יונגער בעל־הבית און קליינבירגער.

בעל־לשון — בעלי־לשונות (סתם שפּראַכקענערס) — בעלי־לשון (קענערס פון לשון־קודש).

גאַנג — גענג (געווינטלעך, און אויך אין שפּילן) — גאַנגען (ביים שפּילן שאַך).

גרוב — גריבער (פּאַרטיפונגען) — גרובן (מינעס, ספּעציעלע גריבער ארויס־צוקריגן קוילן, זאַלץ, מעטאַלן).

דאַמע — דאַמען (פרויען, חשובע פרויען) — דאַמעס (מלכות אין שאַכשפּיל און פרויען מיט בײטעם פון חוזק).

האַרנדל [161] — הערנערלעך (פון אַ בעל־חי) און האַרנדלעך (קליינע חפצים געמאַכט פון האָרן).

הויף — הויפן (ביי הייזער, לויט נוסח ליטע) — הייף (ביי חסידישע רביים, ביי מלכים,[162] לויט נוסח פּוילן).

היטל — היטלעך (מענערשע) — היטלען (פּרויישע).[163]

וואַראַביײטשיק — וואַראַביײטשיקעס (די פייגעלעך) — וואַראַביײטשיקס (די מיטגלידער פון דער משפּחה מיט דעם פאַמיליע־נאָמען).[164]

זון — זין (פון אַ טאַטן, בנים) — זונען (אין אַסטראָנאָמיע).

חיבור — חיבורים (ווערק) — חיבורס (אַקטן פון צונויפרעכענען אין אַריטמעטיק).

חיסור — חיסורים (דעפעקטן) — חיסורס (אַקטן פון אַראָפּנעמען אין אַריטמעטיק).

חסידל — חסידימלעך (קליינע חסידים) — חסידלעך (חסידישע טענץ).

טעם — טעמען (וואָס מע דערשפּירט מיט דער צונג) — טעמים (מאָטיוון, גרונדן, סיבות).

כּתב — כּתבֿים (שריפטן) — כּתבן (אופנים פון שרייבן מיט דער האַנט, האַנטשריפטן).

ליכט — ליכט (אין לייכטערס) — ליכטער (אַסטראָנאָמיש, זון און לבֿנה).

מאַן — מענער (געווינטלעך) — מאַנען [165] (פון ווייבער).

---

[161] למשל, דאס ציגעלע האט צעבראכן א הארנדל; ער שפּילט (אויף א) באלאלייקע מיט א הארנדל.

[162] דא ווערט דער חילוק געמאכט אויף א קינסטלעכן אופן, ווי א רעקאמענדאציע.

[163] אין מיין מוטערשפּראך איז היטלען די איינציקע פארעם פון מערצאל. ביי די וואס זיינען אויסגעפּרעגט געווארן זיינען געווען פארשיידענע מיינונגען: טייל האבן גע־האלטן אז עס איז ניטא קיין חילוק אין באטייט; טייל האבן בפירוש געטענהט אז היטלען זיינען מענערשע און היטלעך זיינען פרויישע, אבער דאס רוב אויסגעפרעגטע האבן דווקא געוואלט דורכפירן אט דעם אונטערשייד ווי אנגעגעבן. ברענגען מיר עס, הגם ביי אונדז איז ניטא קיין זיכערקייט אין דעם.

[164] דער זעלביקער חילוק קען זיין אויך ביי אנדערע פאמיליע־נעמען: די סאלא־ווייטשיקעס (נאכטיגאלן) און די סאלאווייטשיקס, מעגלעך אויך אנדערע.

[165] אין דער אלטער און אפילו עלטערער ליטעראטור טרעפט מען מאנען מיטביידע באטייטן. אבער אט דער חילוק האט בלי ספק זיך פעסט איינגעשטעלט און זיך געהאלטן א צאל דורות. איצט ווערט דער חילוק ווידער צעוואקלט און דאסווארט מאנען טרעפט

מאַסע — מאַסן (אַ סך פאַלק, פּאַלקסמאַסן) — מאַסעס (אין פיזיק).

מאַרק — מערק (ווו מע האנדלט) — מארקן (דייטשישע מטבעות).

נאָטע — נאָטן (פאר מוזיק) — נאָטעס (דיפּלאָמאטישע).

נאַר — נאַראָנים (אויך נאראָים, ניט־קלוגע) — נארן (קאָמעדיאַנטן).

סאָד־סוד [166] — סעדער (ווו עס וואַקסן פּרוכטביימער), סודות (וואָס מע דאַרף זיי ניט אויסזאָגן).

עולם — עולמס (גרופּעס מענטשן) — עולמות (וועלטן).

פאַס — פעסער (דאָקומענטן) — פאַסן (לאַנגע און געוויינטלעך שמאָלע שטיקער מאַטעריאַל).

פויערל — פויערימלעך [167] (אָפּט מיט רחמנות) — פייערלעך (אָפט מיט ביטול).

פּלאַן — פּלענער (סכעמעס, פּראָיעקטן, כּוונות) — פּלאַנען (צייכענונגען, אויס־געשריבענע סכעמעס פאַר אַ שריפט).

פוס — פיס (אויף צו גיין) — פוסן (איינסן פון לענג).

פוקס — פוקסן (חיות) — פיקס [168] (די פעלן פון די פוקסן).

פיי, דער — פייען (גרויע וועווערקעס) — די פיי [169] (די פעלן פון אָט די וועווערקעס).

צונג — צינגער (ביי מענטשן) — צונגען (פון בהמות).[170]

קאַפּיטל — קאַפּיטלעך (פון תהילים, קלענערע אָפּטיילן פון אַן אַרבעט) — קאַפּיטלען (גרעסערע אָפּטיילן פון אַן אַרבעט, פון אַ בוך).

קול — קולות (שטימען, געשרייען) — קעלער [171] (שטימען, דער עיקר ביים זינגען).

---

מען זעלטן. עס וואָלט געווען אַ מצווה דאָך אויפצוהיטן דעם אונטערשייד צווישן מענער און מאַנען.

[166] אוודאי איז עס אַ האמאנים אין דער גערעדטער שפּראַך.

[167] דאָס וואָרט לאָזט זיך ניט אַריבערטראָגן צום וויטערדיקן פּונקט 3, ווייל אויך די ערשטע פאָרעם איז ניט די נייטראַלע, נאָר בינדט זיך מיט אַ ספּעציפישן בייטעם.

[168] פּיקס איז אויך אַן אַלטע אַלגעמיינע פאָרעם פון מערצאָל און איז פאַרבליבן אין אַ צאָל ריידעניש וואָס האָבן ניט די פאָרעם פוקסן.

[169] עס זיינען בלי ספק פאַראַן נאָך אַזעלכע פּאָרלעך ווי פוקסן — פּיקס און פייען — פיי, אָבער מיר האָבן ניט פאַר דעם געניג פאַרצייכענונגען.

[170] דער חילוק אין באַטייט צווישן דיביידע פאָרמען ווערט דורכגעפירט דער עיקר ווי אַ רעקאָמענדאַציע.

[171] ביים פּונקט 11 (ב' XV, ז' 67) ווערט געזאָגט: „אין מיינע אויספרעגענישן האָב איך קיין מאָל ניט אָנגעטראָפן די פאָרעם 'קעלער'". לא ראיתי אָדער לא שמעתּי איז טאַקע ניט קיין ראיה. ביני לביני האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז אין געוויסע ריידענישן פון פוילן, למשל אין קוטנע, איז זיכער געווען קעלער. ברענגען מיר אָט דאָס פּאָרל, הגם מיר האָבן ניט גענוג מאָטיוו צו רעקאָמענדירן, מע זאָל טאַקע זען בכיוון דורכצופירן אָט דעם חילוק צווישן קולות און קעלער.

קינדעלע — קינדעלעך (גאָר קליינע קינדער) — קינדערלעך (מיט ליבשאַפט און אינטימקייט אויך בנוגע צו גרעסערע).

קראַפּט — קראַפּטן (אין מעכאַניק) — קרעפּטן (פּאַרווײַלערס ביי אַ שמחה).

רבי — רביים (הן חסידישע הן די וואָס מע לערנט זיך ביי זיי) — רביס [172] (חסידישע, מיט אַ בייטעם פון ביטול און אין קינדער־לשון).

רבל — רבנימלעך (קליינע אָדער יונגע רבנים) — רבלעך (מיט ביטול).

שטערן — שטערן (אין הימל) — שטערנס (פון די פנימער).

שלאָג — שלעג (קלעפּ) — שלאָגן (פון פולס, פון האַרץ, פון זייגער).

שלאַנג — שלאַנגען (באַשעפעניש) — שלענג [173] (שלעכטע מענטשן).

שלאַק — שלעק (פּאַפּלעקציעס, שלעכטע כאַראַקטערס) — שלאַקן (שניידער־שע מאָסן).

שמשל — שמשימלעך (קליינע שמשים) — שמשלעך (די ליכטלעך וואָס מע צינדט מיט זיי אָן).

שנור — שניר (די ווייבער פון די זין) — שנורן (שטריקלעך).

פאַרשטייט זיך אַז אין אָט דער רשימה וואָס האָט 50 זאַכווערטער זיינען פאַראַן אַ שפּאָר ביסל וואַקלדיקייטן און אַז דאָ זיינען שולט אויך דיאַלעקטישע אונטערשיידן, אָבער דאָך דאַרף זי געבן אַן אָנשפּאַר פאַר דעם וואָס וויל מדקדק זיין און פאַרפינקטלעכן זיינע רייד.

2. כדי אָנצוּווייזן אויף פ א ר ש יי ד ע נ ע מ י נ י ם פון איין שטאַף, פון איין קאַטעגאָריע, פון איין כוללדיקער גרופּע איז נייטיק צו שאַפן די מערצאָל מיט דער ענדונג ־ן (־ען), און אויב עס איז דערביי פאַראַן אויך אַן אַנדער מערצאָל־פאָרעם — באַקומען זיך פּאַראַלעלע פאָרמען מיט אַ קלאָרן חילוק אין באַטייט.

ביים פונקט א5 האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אויף: פליש — פליישן, ווייַן — וויינען, פלאַקס — פלאַקסן אאַז״וו. אָבער מיר האָבן דאָ אויך אַ פּעקל פּאַראַלעלע פאָרמען, למשל:

דער פיש — די פיש — די פישן (פאַרשיידענע מינים פיש); געלט — געלטער [174] — געלטן; באָב — באָבעס — באָבן (פאַרשיידענע מינים);

---

[172] מיר האַלטן אַז די נייטראַלע, די כלל־שפּראַכיקע פאָרעם איז בלויז רביים; אין רביס פאַר חסידישע רביים שטעקט עפּעס אַ בייטעם פון ביטול, אפשר איינגעפירט פון די קעגנערס און דערנאָך צום טייל גענוצט אויך פון די חסידים גופא, הגם די דאָמינירנדיקע פאָרעם איז בלי ספק פאַרבליבן רביים. פאַר מלמדים איז רביס אוודאי אַ פאָרעמונג פון קינדער־לשון.

[173] שלענג איז דיאַלעקטיש אויך פאַר שלאַנגען; דער חילוק וואָס ווערט דאָ געגעבן איז אַ רעקאָמענדאַציע.

[174] אַזוי איז דער נוסח זייער אָפט אין דער פּרעסע; אַזוי ווי אַ סך געלט איז נאָך אַלץ געלט און ניט געלטער, רעקאָמענדירן מיר אייגנטלעך בלויז די צווייטע פאָרעם —

די ברוסט — די בריסט, בריסטן — ברוסטן (פֿאַרשיידענע מינים ברוסט ווי פֿליש צום עסן); גראָז — גרעזער — גראָזן (הן ווי אַ געוויינטלעכע מערצאָל הן פֿאַר פֿאַרשיידענע מינים גראָז); האָלץ — העלצער — האָלצן [175] (פֿאַרשיידענע מינים); דער־די ווייַנשל — די ווייַנשל — די ווייַנשלען (פֿאַרשיידענע מינים); זאַמד — זעמדער, זעמד — זאַמדן (הן ווי אַ געוויינטלעכע מערצאָל הן פֿאַרשיידענע מינים זאַמד); טוך — טיכער — טוכן [176] (פֿאַרשיידענע מינים); טאָרט — טערט [177] — טאָרטן; לעקעך — לעקעכער — לעקעכן; פֿויגל — פֿייגל — פֿויגלען; לעדער — לעדערס (גרויסע פֿלאַכטעס) — לעדערן (פֿאַרשיידענע מינים); דאָס רעכט — די רעכט — די רעכטן („די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע רעכטן", כּדי אַרויסצוהייבן אַז דאָס זיינען פֿאַרשיידענע מינים רעכט).

די מיגלעכקייט צו שאַפֿן מערצאָל־פֿאָרמען פֿון שטאָפֿנעמען האָט דאָ דעם ייִדיש־ריידער געעפֿנט אַ נייַ און גרויס פֿעלד צו דערשלאָגן זיך צו באַטייטיקע ניואַנסן. די אַלע ביז־איצטיקע דוגמאות באַזירן זיך אויף באַקאַנטע ענינים און אויף פֿילמאַליקע פֿאַרצייכענונגען. מיר גיבן דאָ עטלעכע פֿון די אויסטערלישע פֿאַלן בייַ יחידים:

פֿון אַ קרעמער אין קאָוונע: „איך האָב אַזוי פֿיל מינים שטריקן אַז איך ווייס ניט אויף וועלכן מין שטריק זיך אויפֿצוהענגען"; פֿון אַ לעקטאָר וועגן פֿאַרשיידענע צערעמאָניעס בייַ חתונות און פֿאַרשיידענע טיפּן חתונות: די חתונותן; פֿון אַ בעסאַראַבער ייִד וואָס האָט זיך צערעדט וועגן פֿאַרשיידענע מינים פֿערד: די פֿערדן; פֿון אַן עלטערער פֿרוי וואָס האָט גערעדט וועגן פֿאַרשיידענע מינים חלות אויף יום־טובֿים: די חלותן. מיר ברענגען אָט די מאָדנע פֿורעמונגען כּדי צו ווייַזן ווי לעבעדיק עס איז דאָס געפֿיל אַז מען האָט דאָ אַ כּלי אין האַנט צו שעפֿן ניואַנסן דורך פּאַראַלעלע מערצאָל־פֿאָרמען. פֿאַרשטייט זיך אַז דער יחיד איז און מוז בלייַבן באַגרענעצט און מע קען ניט סתּם שאַפֿן ווילדע פֿאָרמען (למשל „מויזן" אָדער „מייַזן" פֿאַר פֿאַרשיידענע מינים מייז, אָדער „אייען" אָדער „אייערן" פֿאַר פֿאַרשיידענע מינים אייער), און אויך די עטלעכע ציטאַטן פֿון דער ריידשפּראַך זיינען ניט קיין מוסטערן פֿאַר אונדז. זיי זאָגן בלויז עדות אויף דער אינטערעסאַנטער טענדענץ.

3. די עשירות אין מערצאָל־ענדונגען גיט אַ מיגלעכקייט צוצוגעבן צו דער נאָרמאַלער פֿאָרעם אויך אַ ספּעציעלע מערצאָל־פֿורעמונג וואָס ברענגט אויך אַ שינוי אין באַטייַט: עס שאַפֿט זיך אַ פֿאַר־גרעסער־פֿאָרעם, אָדער עס באַקומט זיך אַ פּעיאָראַטיוועד באַטייַט, פֿון אָפּשפּאָט, פֿון ביטול צי חוזק, אָדער עס ווערט אַרויסגעהויבן אַן אויסטערלישקייט. דאָס ווערט דערגרייכט דורך די ענדונגען ־עס און ־ים, אָפֿט מיט ספּעציעלע שינויים אין מערצאָל לגבי דער פֿאָרעם פֿון איינצאָל.

דער פּונקט איז באַריכות שוין באַטראַכט געוואָרן אין 6ד און 6ו (אויג — אויגן — אויגאַנעס, אויגאַנים; גוואַלד — גוואַלדן — גוואַלדעס; שנייַדער — 

געלטן (ווי עס באַדאַרף זייַן פֿאַר פֿאַרשיידענע מינים געלט). מיר טאָרן דאָ אָבער ניט פֿאַרזען דעם פֿאַקט אַז די פֿאָרעם געלטער איז פֿאַקטיש פֿאַראַן.

[175] באַטייט אויך: גראָבע קעפּ און אומבאַוועגלעכע מענטשן.

[176] אין דעם לשון פֿון שניטקרעמערס.

[177] אין דעם בייַשפּיל און אין די ווייַטערדיקע צוויי פּרוּוון מיר אויסניצן די דיאַלעקטישע פּאַראַלעלן צו קאָנסטרויִרן אונטערשיידן אין באַטייַט; פֿאַרשטייט זיך אַז מע וואָלט דאָ געקאָנט ברענגען נאָך ווערטער. די אַלע דריי פֿאַלן זיינען אַזוי צו זאָגן עקספּערימענטן.

שנײדערס — שנײַדורים, שנײַדורעס; דער ווונדער — די ווונדער, ווונדערס — ווונדײרים אאַז"וו). מיר דערמאָנען אויך אַז אָט די נטיה האָט געפירט דערצו אַז געוויינטלעכע מערצאָל־ענדונגען אויף ־עס האָבן צובאַקומען א ביסל א פּעיאָראַטיוון בײַטעם, און דאָס האָט ווײַטער געבראַכט אַז עס זאָלן זיך פאַרשפּרייטן מערצאָלן אויף אַנדערע ענדונגען, למשל אַנשטאָט פעלדשאַ־רעס — פעלדשערס, אַנשטאָט סטאָליאַרעס — סטאָליערס אאז"וו (זען ייִדישע שפּראַך, ב' XIV, ז' 125). און דאָס האָט אויך געפירט צו אַזאַ מין טראַכטן: אַזוי ווי זשיראַנטים איז ווייניקער חשוב ווי זשיראַנטן, אָדער דעפּוטאַטים איז אָפּגעלאַכט פון דעפּוטאַטן (זען הערה 80, דצ"וו, ב' XV, ז' 62) — איז בכן אין אַזאַ וואָרט ווי פּרצופים מיגלעך צו מילדערן דעם בײַטעם פון ביטול דורך שאַפן קינסטלעך פּרצופן: „דער גלויבן וואָס האָט הונדערטער פּרצופן איז דער גלויבן אין גן־עדן" (י. מ., נײַ"ס, 1923). דאָס פירט אויך צום פילן אַז אין אַזאַ מערצאָל ווי תּהומות איז פאַראַן עפּעס מער תּהומיקייט ווי אין דער פאָרעם תּהומען, אָדער אַפילו אַז סכומים זאָל זײַן עפּעס וואָגיקער ווי סכומען. בכל אופן איז עס דער אײַנדרוק פון איין ריידער, אָבער קען זײַן אַז דאָס איז בלויז אַ יחידישע דאַכטעניש.

צו דעם פּונקט געהער אויך דער ענין וואָס איז באַטראַכט געוואָרן אין 8ז וועגן די סובסטאַנטיוון אויפן סופיקס ־עכץ. טועכצן קלינגט נייטראַלער ווי טועכצער, ווו עס איז בפירוש פאַראַן א פּעיאָראַטיווער מאָמענט (זען ייִדישע שפּראַך, ב' XV, ז' 70). הכלל, דאָס צוריקפירן צו דער סאַמע פאַרשפּרייטער מערצאָל־ענדונג ־ן (־ען) פירט צום אָפּמעקן דעם בײַטעם פון ביטול אָדער מאָדנעקייט, און פאַרקערט: דאָס צוגעבן אַ צווייטע, א פּאַראַלעלע מערצאָל־פאָרעם צו דער פאָרעם אויף ־ן העלפט שאַפן דעם קלאָרערן אָדער בלויז אַנגעדײַטן בײַטעם פון ביטול (זען דאָרטן גופא וועגן דעם חילוק צווישן גענעראַלן און גענערעלער).

מע דאַרף אָננעמען ווי אַ כּלל גדול: אומעטום ווו עס זײַנען פאַראַן פּאַראַלעלע גראַמאַטישע פאָרמען אין די גרענעצן פון איין דיאַלעקט אָדער בנוגע דער כּלל־שפּראַך אין פאַרשיידענע דיאַלעקטן — איז פאַראַן די נטיה צוצוגעבן זינען און אינהאַלט די דאָזיקע פּאַראַלעלע פאָרמען און אויפצובויען אויף זיי ס ע מ אַ נ ט י ש ע נפקא־מינהס. צום טייל קענען זיי בלײַבן גע־קינצלטע אָדער עפּעמערישע, צום טייל פאַרוואָרצלען זיי זיך אין דעם לשון.

## יב. ווערטער וואָס זײַנען נאָר אין איינצאָל

בלויז עטלעכע קאַטעגאָריעס סובסטאַנטיוון פאַרמאָגן ניט קיין מערצאָל, זײַנען דעפעקטיוו לגבי מערצאָל. בײַ אָט דעם פּונקט איז ייִדיש פרײַער ווי אַ צאָל אַנדערע לשונות. באַזונדער בולט איז אָט די נטיה במשך פון די לעצטע עטלעכע צענדלינגער יאָרן, אָט די טענדענץ צו שאַפן מערצאָלן פון אַזעלכע קאַ־טעגאָריעס ווערטער, וואָס פריער האָט מען זיי געניצט בלויז אין איינצאָל (נעמען פון שטאָפן, אייגן־נעמען, נעמען פאַר אַבסטראַקטע באַגריפן). דעריבער רעקאָמענדירן מיר ווי אַן אַלגעמיינעם אָנווייז:

1. טאָמער קומט אוים ביים ריידן אָדער ביים שרייבן צו ניצן אַ מער־צאָל־פאָרעם פון אַזאַ וואָרט וואָס מע טרעפט זעלטן אין מערצאָל — זיך ניט שרעקן און זיך ניט צוריקהאַלטן פון ארויסזאָגן אָדער אָנשרייבן דאָס וואָרט אין דער מערצאָל־פאָרעם.

אָודאי קאָן מען האָבן מערצאָל פון שטאָפּנעמען, ווען מע דאַרף ווייזן אויף פאַרשיידענע מינים זאַכן פון דעם זעלביקן שטאָף. מיר האָבן עס אַרומגערעדט ביי די פונקטן א5 און יא2. מיר ברענגען דאָ נאָך אַ פּאָר דוגמאות:

פאַראַן אוראַניומס מיט פאַרשיידענע אַטאָמישע וואָגן; אין קראָם קענט איר קריגן כּלערליי לעדערן; אין בעקעריי זיינען אויסגעשטעלט קיילעכדיקע און לענגלעכע ברויטן און עס זיינען פאַראַן קאָרנענע, ווייצענע און פּאָפּשויענע ברויטן (אין ערשטן פאַל רעדט זיך וועגן באַזונדערע לעבלעך, אין צווייטן פאַל וועגן פאַרשיידענע מינים ברויט); „זאָל ער זען די ווײַנען, די טאָרטן, די פישן און די פלײשן" (פּרץ); מע קריגט אַרויס גאָלד פון קוואַרצשטיינער און פון זאַמד, הכּלל עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע גאָלדן.

מע קען אויך ניצן די מערצאָל־פאָרעם פון נעמען פאַר אַבסטראַקטע באַגריפן, געפילן, כּוללדיקע נעמען פון קאָלעקטיוון, לשונות א"אַ, וואָס אַנדערע וואָרענען קעגן דעם.[178] אָט איז אַ פּעקל דוגמאות:

חרפּה — חרפּות, עגמת־נפש — עגמת־נפשן, רחמנות — רחמנותן, גוטסקייט — גוטסקייטן; דער פּראָלעטאַריאַט אין רוים און דער פּראָלעטאַריאַט אין ענגלאַנד זיינען פאַרשיידענע פּראָלעטאַריאַטן; דער עלטער — אין אַלע עלטערס פון מענטשלעכן לעבן; די עלטער — עס זיינען דאָ גוטע און שלעכטע עלטערס (עלטערע יאָרן); יוגנט — יוגנטן; עס איז ניטאָ איין קריסטנטום — פאַראַן פאַרשיידענע קריסטנטומען; ער פאַרגינט זיך אַלע עולם־הזהס; איך גיב אָפּ אַלע עולם־הבאס פאַר אַ שטיקעלע ערדיש גליק;

„מוז איך מיט צוטראַכטונגען פאַרדעקן ביטערע וואָרן און אמתן" (י. י. סיגאַל); „פּריי פון מה־יפית־טאַקטיקן" (ה. זשיטלאָווסקי); „קיין מענטשלעכע פּאָעזיע וואָס זאָל ליגן אין דרויסן פון די נאַציאָנאַלע פּאָעזיעס איז ניטאָ" (ה. זשיטלאָווסקי); „די ליכטיקע זוהרס" (מ. י. בערדיטשעווסקי); „אַרויסטרעטן קעגן לויתנס" (איינהייטלעכע פּאָלקשול, 1922); „אַלע ווילן מיר פּרילינגען, דעם אַלמענטשלעכן און דעם יידישן" (אונזער שול, נ"י, 1936); „מיר מוזן האָבן איין יידיש און ניט קיין סך יידישן" (דאָרטן); „כּלערליי מלאך־המותן פאַר־שניידן די יונגע זאַנגען" (קולטור און דערציִונג, 1942).

2. בלויז עטלעכע געציילטע סובסטאַנטיוון איז דערווייל ניט אויסגע־קומען צו באַגעגענען אין דער פאָרעם פון מערצאָל און עס איז שווער צו ניצן דעם לשון רבים:

דער עונג — ... (אָבער דער תּענוג — די תּענוגים, דער עונג־שבת — די עונג־שבתן);

[178] למשל א. זאַרעצקי. זען פּראַקטישע גראַמאַטיק, מאָסקווע, 1927, ז' 53.

דער מוט — ..., אויך הויכמוט, איבערמוט;
דער מוסר — ... (אָבער די מוסרניִען, און אפשר איז מיגלעך: די פּאַר־שיידענע מוסרס);
דער שלאָף — ... (די שלאָפן, די איינציק טעאָרעטיש דערלאָזלעכע פאָרעם, איז ניט מיגלעך);
די רו — ... (אָבער פון אומרו קען ווערן אומרוען, אמת מיט אַן אַנדער באַטייט);[179]
דער רבים — ... („דעם יחיד איז שלעכט ווען דער רבים איז אומגע־רעכט"; טעאָרעטיש וואָלט מיגלעך געווען „רבימס" וואָס איז ניט בנמצא).

מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט סך־הכל פינף ווערטער. אַוודאי קענען זיך געפינען נאָך עטלעכע וואָס זיינען ניט אַריין אין אונדזער נעץ, אַזוי צו זאָגן. מיר הייבן אַרויס די קליינצאָליקייט פון אָט דער גרופּע כּדי צו באַשטעטיקן דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ, פאָרמולירט אין פּונקט 1.

3. אויך סובסטאַנטיווירונגען קענען געמאָלט זיין אין מערצאָל־פאָרמען, למשל:

דער אויבנאָן — די אויבנאָנען; דער גרויער אינדערוואָכן — די גרויע אינדערוואָכנס; עס טרעפן זיך צו פיל איבעריקע פונען; אָט איז איין היות און אָט אָ צווייטער — די ביידע היותן[180] מוז מען נעמען אין באַטראַכט; „אַזוי פיל פריידיקע פּראָגרעסיווע וועגען" (ח. זשיטלאָווסקי).

און דאָך האָבן מיר דריי קאַטעגאָריעס ווערטער וואָס מע ניצט ווי סוב־סטאַנטיוון אָדער האָבן צום טייל דעם כאַראַקטער פון סובסטאַנטיוון און זיי קענען ניט האָבן קיין מערצאָל.

4. נאָר אין איינצאָל קען מען ניצן סובסטאַנטיווירונגען פון אַדיעקטיוון פון דעם נייטראַלן מין וואָס ענדיקן זיך אויף ־ע און גיבן איבער דאָס אַבסטראַקטע און כּוללדיקע, למשל:

דאָס גוטע — ... (די גוטע באַטייט: גוטע מענטשן, אָדער דער סובסטאַנטיוו ווערט אין דער פראַזע דורכגעלאָזט, ווייל ער איז גוט באַקאַנט דעם הערער — מען האָט אים פריער דערמאָנט; אָבער פון דאָס גוטס — די גוטסן); דאָס בייזע — ... (די בייזע אַזוי ווי פריער, אָבער דאָס בייז — די בייזן); דאָס דערהויבענע — ... (די דערהויבענע מענטשן, שטימונגען אאַז"וו — די סוב־סטאַנטיוון פאַרבלייבן אין דער געטראַכטער שפּראַך); דאָס ראָש־וראשונדיקע — ... (די ראָש־וראשונדיקע פּראָבלעמען, ענינים, לויט אאַז"וו ווי פריער).
אומעטום ווו מיר ווילן דאָ ניצן די מערצאָל ווערט פון דער סובסטאַנ־טיווירונג צוריק אַ געוויינטלעכער אַדיעקטיוו.

---

[179] פון דער אומרו פון זייגער ווערט אויך אומרוען, אָבער חוץ לזה איז פאַראַן די אומרוען אין פּאָליטישן לעבן.

[180] מיר געפינען ביי ח. זשיטלאָווסקין: „דער זעלביקער לאָגיש ריכטיקער און פאַק־טיש אמתער שלום קען זיין אַ פּועל־יוצא פון אין גאַנצן פאַלשע היותן... אָדער פון היותן, ווו אמת און שקר זיינען צונויפגעמישט אין איינעם".

5. אינפיניטיוון וואָס ווערן גענוצט ווי סובסטאַנטיוון קענען זײַן נאָר אין איינצאָל, למשל:

דאָס קויפן — ... (די קויפן איז מערצאָל פון וואָרט דער קויף); דאָס פאַרקויפן — ... (די פאַרקויפן איז מערצאָל פון וואָרט דער פאַרקויף); דאָס צונויפפאָרן זיך — ... (פאָרן באַטײַט פון מערצאָל מוז מען אָנקומען צו: די צונויפפאָרענישן, די צונויפפאָרונגען); דאָס עוקר־מן־השורש־זײַן — ....

ווי נאָר מיר האָבן ווערטער פון דעם שניט ווו מע קען יאָ שאַפן פון זיי מערצאָל־פאָרמען איז עס אַ סימן אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן עכטן סובסטאַנטיוו לכתחילה אָדער אַז פון דעם אינפיניטיוו איז געוואָרן אַן עכטער סובסטאַנטיוו מיט אַלע זײַנע סימנים (און די מיגלעכקייט צו קענען האָבן א מערצאָל־פאָרעם איז א סימן פון וואָרטקלאַס סובסטאַנטיוו).[181] מיר פאַר־מאָגן למשל אזעלכע סובסטאַנטיוון:

דאָס לעבן — די לעבנס; דאָס (דער) פאַרמעגן — די פאַרמעגנס; דאָס (דער) פאַרברעכן — די פאַרברעכנס; דאָס־דער אָנבייסן — די אָנבייסנס; דער־דאָס אויסזען — די אויסזענס און נאָך עטלעכע.

6. אין אַספּעקט פון מיטאַמאָליקייט בײַ ווערבן קען דער ווערבאַלער סובסטאַנטיוו זײַן בלויז אין איינצאָל, למשל:

ער האָט א שטארקן קלאַפּ געטאָן — ער האָט דרײַ מאָל א שטארקן קלאַפּ געטאָן; וואָס האָסטו מיר א קניפּ געטאָן? — וואָס האָסטו מיר צוויי מאָל אַ קניפּ געטאָן?

דער דאָזיקער פּונקט ווערט געגעבן כּדי עס זאָלן ניט זײַן קיין טענות, למאַי מען האָט אים פאַרזען, הגם לאָגיש וואָלט מען געמעגט אויסקומען אויך אָן אים.

און חוץ די פאָר קאַטעגאָריעס סובסטאַנטיווירונגען איז פאָרט פאַראַן א גרופּע עכטע סובסטאַנטיוון וואָס קענען זײַן בלויז אין איינצאָל.

7. עס קענען ניט זײַן אין מערצאָל ווערטער פאַר אַזעלכע באַגריפן וואָס על־פּי זייער מהות איז אויף זיי חל בלויז איינצאָל, למשל:

דער אין־סוף; דער אוניווערס;[182] דער קאָסמאָס; דער שם־המפורש; דער כסא־הכבוד; דאָס זײַן;[183] די שכינה; די כּנסת־ישׂראל; דער כּדור־האָרץ; דער עולם־ומלואו; דער סדר־העולם; דער אָדם־הקדמון; די

[181] זען יודל מארק, „וואָרטקלאַסן אין דער גראַמאַטיק פון יידיש", יידישע שפּראַך, ב׳ VIII, ז׳ 7.

[182] געהערט אזא שפּאסיקן זאָץ: „איך גיב מײַנע אַלע אוניווערסן פאַר איר". בכלל איז דאָ מיגלעך צו שאַפן מערצאָל־פאָרמען וואָס זאָלן דינען ווי א מיטל אויסצודריקן חוזק, אָפּצושפּאָטן, צו וויצלען זיך.

[183] דאָס וואָרט געהער גלייכצײַטיק צום פּונקט 5, אָבער אַזוי ווי לויטן באַטײַט איז עס געווים געוואָרן א פולער סובסטאַנטיוו איז כּדאַיער עס אַרײַנצונעמען אַהער.

סטראָ־אחראָ;[184] דער יהי־אור; דער ואָהבֿת לרעך; דער נעשׂה ונשמע; „די גאָלדענע קייט״; דער „חטאת נעורים״.

אין די אַלע פֿאַלן רופֿט מען אָן איין־איינציקייט אָדער מע פֿאַררופֿט זיך אויף איין איינציקן אויסדרוק, איין איינציק ווערק.

ווענן פּרט־נעמען האָבן מיר שוין גערעדט ביים פּונקט ב5. מיר האָבן דאָרטן געוויזן ווי אזוי מע שאפט מערצאָל־פֿאָרמען פֿון נעמען פֿון מענטשן, פֿון שטעט. איז קלאָר אז מע קען ניט סתּם פֿאָרמולירן אַז אָט די פּרט־נעמען האָבן ניט קיין מערצאָל, נאָר עס קומט אויס צו זיין מער אָפּגעהיט.

8. געאָגראַפֿישע נעמען וואָס באַצייכענען אַ לאַנד, אַ שטאָט, אַ בארג א״אַ האָבן געוויינטלעך ניט קיין מערצאָל; נעמען פֿון חדשים זײַנען גאָר זעלטן אין מערצאָל; נעמען פֿון מענטשן ווערן גע־ניצט ס׳רובֿ אין איינצאָל. דוגמאות:

דער ירדן (אָבער ירדנס טרערן); דער אַררט, דער קאַווקאַז, דאָס פֿרייע ענגלאַנד; ירושלים, יעהופּעץ, ניו־יאָרק, רוים („די אמתע בבלס און רוימס״, ה. לייוויק, צוקונפֿט, 1955);

דער אויגוסט, דער אָקטאָבער („די אָקטאָבערס זיינען אין ניו־יאָרק זייער שיינע״); דער תּמוז („די הייסע תּמוזן״), דער אָדר („אין אַן עיבור־יאָר זיינען פֿאַראַן צוויי אָדרס״).

זרח, זיסל, זלאַטע, פֿייגל (אָבער „די ראובֿנס און די שמעונס פֿון די משא־ומתּנס״). זען די פּילצאָליקע ביישפּילן ביים פּונקט ב5.

## יג. ווערטער וואָס זיינען פֿאַראַן נאָר אין מערצאָל

פֿאַראַן אין יידיש געציילטע ווערטער און א צאָל אויסדרוקן וואָס קענען זיין בלויז אין מערצאָל, וואָס זיינען דעפֿעקטיוו לגבי איינצאָל. אָבער אויך דאָ איז פֿאַראַן אַ נטיה, פֿאָרמעל א פֿאַרקערטע, — צו שאַפֿן די איינצאָל, צום טייל אויף אַ קינסטלעכן אופֿן. אין תּוך אָבער איז עס איין נטיה: שטרעבן דערצו אַז דער סובסטאַנטיוו זאָל פֿאַרמאָגן ביידע פֿאָרמען — הן איינצאָל, הן מערצאָל. מיר טיילן איין דאָס קאַפּיטעלע אין פֿיר קליינע פּונקטן כּדי דער ענין זאָל ווערן קלאָר.

1. די ווייטערדיקע ווערטער טרעפֿן זיך נאָר זעלטן אין איינצאָל:

בעבעכעס („די לעצטע בעבעכע ארויסגעטראָגן״); ברילן („איין בריל האָט זיך צעבראָכן״); הויזן („זע, דער הויז איז צעריסן״); הייוון (אירע, זייערע הייוון, אָבער אויך: „איר הייוון איז מכולה געוואָרן״); כּלי־זיין (געוויינטלעך די כּלי־זיין, זייערע כּלי־זיין, אָבער אויך: „דאָס איז א שוואכער כּלי־זיין״); כּלי־זמר (באַטייט: די אינסטרומענטן, אָבער אויך: „דער באַס איז אַ שווערער

[184] ווען מע זאָל דאָ ניצן די מערצאָל, ווערט פֿון דעם אלגעמיינעם באגריף א פּרט־באגריף מיטן באַטייט: יצר־הרע אָדער טייוול. דאָס אייגענע איז מיטן וואָרט שטן.

כּלי־זמר״); כּלי־קודש (ס׳רוב — אונדזערע כּלי־קודש, אָבער בײַ ממו״ס: „ער איז אַ גאַנצער כּלי־קודש״ און אַזוי אויך אין דער ריידשפּראַך); כּשרונות (אָבער אויך: „ער האָט נאָר איין כּשרון״ [„קישרען״]); מזונות (זעלטן אויך: מזון); מכשירים (דער ׳מכשיר׳ איז געוואָרן פֿאַרשפּרייט אין די יידישע שולן פֿון ליטע און לעטלאַנד); מערידן („עס בלוטיקט איין מעריד״); סיגופֿים („אויפֿן האַרבסטן סיגוף זײַנען מער קיין כּוחות ניטאָ״); עלטערן („עס איז גענוג אַז עס קומט איין עלטער״ — אין יידישע שולן פֿון ליטע); קאַסטן (זײַנע קאַסטן, אָבער אויך: „דער קאַסט איז ניט פֿאַר מיר״); קלײַען (זיינע, זייערע, אָבער אויך — זײַן און זייער קלײַען); רייד (זייערע, אָבער אויך זײַן, דײַן רייד); שפּאַקולן (אויך שפּאַקול, אַזוי ווי בריל); תּפֿילין (אויך תּפֿיל: דער של־ראָש אליין אָדער דער של־יד).

באַזונדער קומט אויס אַוועקצושטעלן דאָס וואָרט לײַט,[185] וואָס איז א ספּעציעלע און פּאַראַלעלע מערצאָל־פֿאָרעם צו מענטשן אָדער מענער. עס קען זיך טרעפֿן אויך אין איינצאָל — א לײַט (גאָר ניט זעלטן: „אויך מיר אַ לײַט״, „ער האָט געקאָנט דאָרטן ווערן א לײַט, טאַקע וואָס לײַט הייסט, אַז גאָט און לײַט וואָלטן מיר מקנא געווען״ — ממו״ס); אָבער אויך זעלטענער: דער לײַט — „דער לײַט וואָס וועט שוין אַרויסוואַקסן פֿון אים״. מיר האָבן לײַט אין אַזאַ אָפֿטן צונויפֿהעפֿט ווי פֿורלײַט און אין א זעלטן וואָרט מאַנסלײַט, פּאַראַלעל צו מאַנסביל(ן) אין פֿאָלקסטימלעכע ביכלעך פֿון פֿאַרגאַנגענעם י״ה.

## 2. די ווײַטערדיקע ווערטער טרעפֿן זיך נאָר אין מערצאָל:

אָבות (פֿון יידישן פֿאָלק), אמהות, אומשטענדן, ברואים, בשמים, געבליטן, געדערים, דדים, ווייען (בײַם געבערן), זכרונות, יסורים, לומדים, מאָזלען, מטלטלין, מלקות, מילואים, ממתקים, מעות (אויך מעות חיטים, מעות עניים), מעשׂים (אויך מעשׂים טובים, מעשׂים רעים, מעשׂים תּעתּועים), מרחקים, משוגעים,[186] נכסים, עולמות (אָבער דאָ קען זײַן אַ מערצאָל פֿון מערצאָל־פֿאָרעם — עולמותן), עינים,[187] עצמות,[188] פֿורעניות (קען פֿון דעם ווערן אויך פֿורעניותן), פּני, רחמים, שיריים, שנים, תּחנונים, תּחתּונים, תּכריכים, תּנאָים,[189] תּרעומות (מיגלעך אויך תּרעומותן).

---

[185] און ווײַל מיר פֿאַרנעמען זיך מיטן וואָרט גאַנץ באַזונדער, האָבן מיר עס דורכ־געלאָזט אין דער רשימה ווערטער מיט צווייקע מערצאָל־פֿאָרמען. בפֿרט נאָך אַז דאָרטן וואָלט אויפֿגעקומען די שאלה: איז עס מערצאָל פֿון מענטש אָדער פֿון מאַן?

[186] איינצאָל פֿון משוגעים איז משוגענער, אבער מערצאָל פֿון משוגענער איז משוגענע. פֿאָרמעל גענומען קען משוגעים זיך טרעפֿן נאָר אין מערצאָל, ווײַל משוגע איז נאָר א טייל פֿון א צונויפֿגעזעצטן ווערב: משוגע זײַן אָדער משוגע ווערן.

[187] זען הערה 86. א יד און א רגל קען געמאָלט זײַן — אָבער עס דאכט זיך אונדז אז עס קען ניט זײַן קיין עין און קיין שן, סײַדן אין דעם אויסדרוק: ער איז ארויס בשן ועין.

[188] ביינער, אויך עצמות היבשות, ציען די עצמות, דעם מארך פֿון די ביינער. פֿון דעם וואָרט עצם איז די מערצאָל עצמס, ווי פֿון תּוך — תּוכן, פֿון תּמצית — תּמציתן.

[189] פֿאַרשטייט זיך אז פֿון תּנאי איז מערצאָל תּנאָים, אָבער דאָ האָבן מיר אין זינען דעם אָפּמאַך און די צערעמאָניע בײַם באַשליסן ווען די חתונה זאָל זײַן.

מיר שטעלן דאָ אוועק באַזונדער די ביידע ווערטער וואָס קענען זיין בלויז אין אַ ווענדונג: רבותי און רבותים.[190]

3. אַ היפּשע צאָל צונויפזעצן און אויסדרוקן האָט מען גענומען פון לשון־קודש אין דער מערצאָל־פאָרעם און זיי פאַרמאָגן נאָר אָט די פאָרעם אין יידיש, למשל:

ימים נוראים, מים אחרונים, מים חיים, מצוות מעשיות, נקבים גדולים, נקבים קטנים, דברים בטלים, נביאים ראשונים, נביאים אחרונים; אומות העולם א״א;

אורים ותומים, נסים ונפלאות, אותות ומופתים, קולות וברקים, תהילות ותשבחות א״א;

ראָשי־פּרקים, חילוקי־דעות, צרכי־ציבור, צרכי־רבים, סתרי־תורה, בגדי־מלכות, פלאי־פלאים, חבלי־לידה, הרי־חושך, מפיצי־השכלה, טובי־העיר, נכבדי־העיר, לצני־הדור, צירופי־אותיות, מתי־מדבר, יחידי־סגולה, חסידי אומות העולם און אַ סך אַנדערע;

חכמי־יוון (־לעזשאַנקע, ־זשאגער), מלאַכי־השרת (־קודש), מעשׂי־בראשית (־גבורה, ־סדום) א״אַ;

כל־המינים, כל־הנערים, כל־הנגישות; אַרבע־כוסות, די עשׂר־מכות, עשׂרת בני המן; די צען־געבאָט.

מיר בעטן דאָ צו נעמען אין באַטראַכט די דערקלערונג וואָס איז געגעבן געוואָרן צום סוף פון קאַפּיטעלע י.

4. נעמען פון בערגקייטן און אויך אַנדערע געאָגראַפישע נעמען קענען זיין בלויז אין מערצאָל, למשל:

אַלפּן, קאַרפּאַטן, פּירענייען, דאַרדאַנעלן.

*

דער קאַפּיטל פון דער ידישער גראַמאַטיק וואָס פאַרנעמט זיך מיט מערצאָלן פון זאַכווערטער געהערט צו די קאָמפּליצירטסטע אָפּטיילן, בפרט נאָך ווען דאָ איז געווען אַ באַשטרעב צו בויען ניט אויף איין דיאַלעקט, נאָר צו האָבן אין זינען די כלל־שפּראַך. אין אַ סך פּרטים האָט זי שוין זיך דורכגעשלאָגן אַ קלאָרן וועג, אָבער אין אַ צאָל אַנדערע פּרטים זיינען פאַרבליבן וואַקלעניש, וואָס דער באַשרייבער און צונויפקלייבער פון פאָרמען האָט געמוזט אויססדרן און דערביי אויך נעמען אויף זיך די אַחריות און דעם מוט פון אַ נאָרמירער. אָבער עס איז געווען תמיד דער אָפּשײַ פאַר דעם וואָס מע געפינט הן אין דער ליטעראַטור הן אין דער גערעדטער שפּראַך, און דאָ איז קיין זאַך ניט געזאָגט געוואָרן וואָס זאָל ניט האָבן אונטער זיך אַ פעסטן אָנשפּאַר אין דעם לשון פון אונדזער דור.

[190] איך בין ניט אין גאַנצן זיכער וועגן אָט דעם וואָרט. מיגלעך אז רבותים זאָל אויך קענען זיין מיטן אַרטיקל: די רבותים.

# ווערטער און ווערטלעך פֿון דער חורבן־תּקופֿה

פֿון נ. בלומענטאל

## אַרײַנפֿיר

ווערטער און ווערטלעך אין אַ לעבעדיקער שפּראַך האָבן זייער געשיכטע. זיי ווערן אין אַ געוויסן מאָמענט געבוירן, לעבן אָפּ זייער צייט און ווערן בהדרגהדיק פֿארשוווּנדן. דער פּראָצעס געדויערט אַ לענגערע צייט. פֿאַראַן אָבער מאָמענטן וואָס טרייסלען אויף די יסודות פֿון דעם גאַנצן לעבן. זיי שלאָגן זיך אויך אָפּ אויף דער געשיכטע פֿון דער שפּראַך. אויב דער דאָזיקער כּלל איז חל אויף אַלע צײַטן, איז ער על אַחת כּמה וכמה שייך צו דער לעצטער תּקופֿה, דער היטלער־תּקופֿה. קיין שום צײַט האָט אַזוי ניט אויפֿגעטרייסלט די ייִדישע פֿאָלקס־נשמה.

די היטלער־אָקופּאַציע האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע השפּעה אויפֿן לשון פֿון אַלע ייִדישע יישובים וואָס זײַנען אַרונטער אונטער איר מאַכט. איבער דעם כּמעט פֿולשטענדיקן אומקום פֿון אַ די ייִדן און איבער דער צעשפּרייטקייט און צעוואָרפֿנקייט פֿון דעם ביסל געראַטעוועטע, איז שווער נאָכצוקאָנטראָלירן די אַלע שפּראַך־שינויים וואָס זײַנען אויפֿגעקומען בעת דער אָקופּאַציע. אַנשטאָט אויף אַ לעבעדיקן גערעדטן מאַטעריאַל, קומט אונדז אויס זיך צו שטיצן אויף דעם געשריבענעם וואָס איז פֿאַרבליבן פֿון יענער צײַט.

נאָר אַ טייל ייִדן האָבן ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה געהאַט צו טאָן מיט דער דרויסנדיקער, אַנדערש רעדנדיקער וועלט. אָבער אונטערן נאַצי איז דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן געוועזן באַווירקט. סײַ אין לאַגער סײַ בײַ צוואַנג־אַרבעט איז דער ייִד געוועזן די גאַנצע צײַט אונטער דער ווירקונג פֿון פֿרעמד־שפּראַכיקע עלעמענטן, וואָס דער ייִד האָט זיך געטראָפֿן מיט זיי בײַ דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט, ביים דורכגיין די געטאָ־טויערן, בײַ אָפֿטע רעוויזיעס, סעלעקציעס אאַז״וו. איז דעריבער די ערשטע גרויסע קאַטעגאָריע נײַע ווערטער געוועזן **אַנטלײַונגען פֿון דער פֿרעמד,** דער עיקר פֿון **דײַטש.**

ווען איך האָב אין 1944 גערעדט מיט ייִדן וואָס האָבן איבערגעלעבט די גרויליקע יאָרן, בין איך דערשטוינט געוואָרן פֿון דער גרויסער צאָל פֿרעמד־ווערטער וואָס איך האָב דערהערט. אַ סך פֿון דעם וואָס מען האָט מיר דערציילט האָב איך ניט פֿאַרשטאַנען. פּשוטע ייִדן פֿון אַ גאַנץ יאָר האָבן איצט געניצט אַזעלכע ווערטער ווי: קריפּאַ, אַבמאַן, אַקציע, לײַסטונג, ראַלקאָמאַנדאַ, קאָנקאַרטע אאַז״וו. אַט די ווערטער זײַנען געקומען פֿון דײַטש צוזאַמען מיט די אינסטיטוציעס וואָס דער דײַטש האָט געבראַכט. אָבער עס האָבן אויך געווירקט די לשונות פֿון זײַנע מיטהעלפֿערס, דעם פּוילישן, אוקראַינישן צי ליטווישן פֿאָליציאַנט. אַ פּוילישער פֿאָליציאַנט האָט געהייסן אַ גראַנאַטאָווי, אַן אוקראַיִנישער — אַ שוואַרצער (איבערן קאָליר פֿון זייערע מונדירן). נאָך ווערטער פֿון אָט דער צײַט: שאַבער, שאַברעווען, טשוכעס...

אין דער טרויעריקער צייט האָבן יידן עפּטערס באַנוצט פרעמדע שפּראַכן. און ניט דווקא די יידן וואָס האָבן געלעבט אויף דער „אַרישער זייט". אַגב האָבן ניט איין מאָל אַזעלכע יידן זיך דערקענט אין דעם אופן ווי אַזוי זיי האָבן גערעדט פּויליש. ס'האָט מיר איבערגעגעבן אַ יידיש־פּוילישער ליטע־ראַט אַז ער האָט דערקענט אַ יידן אין זיין ווענדן זיך מיטן אויסדרוק: „אידזש אי פּאָוויעדז מו" (גיי און זאָג אים). איבער דער מורא פאַרן פרעמדן אַרויסרייד האָט נישט איינער פון די לעבן געבליבענע „אַריער" זיך פאַרשטעלט פאַר אַ טויב־שטומען. מיר דערמאָנען דאָ ש. קאַטשערגינסקין און דעם קינסטלער ווילענבערג (דער לעצטער האָט אַפילו געהאַט וויזיט־קאַרטלעך מיט דער אויפשריפט „טאַובשטומער קינסטלער"). אין געוויסע ערטער איז אויך געווען אַ בפירושער איסור קעגן רעדן יידיש. עס איז אויך געווען די מורא, אַז מע וועט חושד זיין אין קאָנספּיראַציע. עס איז אפשר ביי אַנדערע געווען די האַ־פענונג אַז אויב מע רעדט ניט יידיש, וועט מען זיך פאַרגעסן אַז מע האָט דאָ פאַר זיך אַ יידן. נאָר מיט אַ טייל אַנטלייונגען פון דער פרעמד, מיט די וואָס האָבן באַקומען אַ ספּעציפישן באַטייט, נאָר מיט זיי וועלן מיר זיך שפּעטער פאַרנעמען. סתם דייטשישע ווערטער וועלן אין אונדזער רשימה ניט אַריין.

די צווייטע גרופּע ווערטער וואָס האָבן זיך באַוויזן אין יידיש אין אָט דער מאַוימדיקער צייט זיינען טאַקע יידישע ווערטער פון דור־דורות, נאָר זיי זיינען כמעט ווי פאַרגעסן געווען, און די ביטערע צייט האָט זיי צוריקגעבראַכט צום לעבן. אָט נעמט אַזאַ וואָרט ווי גטאָא וואָס איז איצט אַזוי שכיח אין מויל. דאָס גוט באַקאַנטע וואָרט פאָגראָם האָט מען ניט געניצט; עס איז גע־קומען די צייט פון ראַציאַ און פון אַקציע.

די דריטע גרופּע ווערטער זיינען די נ יי ש אַ פּ ו נ ג ע ן אין יידיש, ווערטער וואָס זיינען פריער בכלל נישט געווען בנמצא אין אונדזער שפּראַך־אוצר, אויף אָט דער גרופּע וועלן מיר זיך דער עיקר אָפּשטעלן.

חוץ דער פראַגע וועגן די קאַטעגאָריעס ווערטער, האָבן מיר פאַר זיך די פּראָבלעם וועגן דער פאַרשפּרייטקייט פון די אויסדרוקן. צי האָט מען דאָ צו טאָן נאָר מיט לאָקאַליזמען? פאַרשטענדלעך אַז געוויסע ניישאַפונגען זיינען געוואָרן באַקאַנט אויף אַ גרעסערן שטח. אָבער ווי האָט אויסגעזען דער קאָנ־טאַקט צווישן יידן? נאָר אין אָנהייב, אין די ערשטע בהלה־טעג, איז געווען די גרויסע באַוועגונג פון איין אָרט צום צווייטן: פון קלענערע שטעט איז מען געלאָפן אין די גרעסערע, פון די גרעסערע אין די קלענערע. אָבער גאָר גיך האָט דער שטראָם זיך אָפּגעשטעלט. שוין אָנהייב 1940 איז געוואָרן פאַר־ווערט זיך צו באַנוצן מיט דער באַן. דערנאָך קומט דאָס פאַרמאַכטע געטאָ. שאַפן זיך ספּעציעלע אידיאָמען אין יעדער געטאָ צי לאַגער. אין אַ גרויסן קיבוץ ווי וואַרשע אָדער לאָדזש איז נאַטירלעך אויך די שפּראַכיקע שאַפונג געווען אַ גרויסע און האָט אַרומגענומען אַ גרעסערע צאָל יידן. אָבער אויך אין קלענסטן קיבוץ איז אויפגעקומען אַן אייגענע „שפּראַך". אין וואָס איז זי באַשטאַנען? קודם־כל אין געבן פאַרשטעלטע נעמען די הענקערס, מע זאָל קענען רעדן

ווענן זיי און זיי זאָלן ניט פאַרשטיין; אין פאַרשיידענע וואָרן־צייכנס. צווייטנס, זיינען אַנטשטאַנען ווערטער אויף צו באַצייכענען נייע אַרבעטס־געביטן, נייע פונקציעס (דאָ לאָזט זיך דער עיקר מערקן דאָס אַנטליִען דייטשישע ווערטער).

אַ ייִד וואָס האָט איבערגעלעבט דעם טויטן־לאַגער טרעבלינקע גיט איבער זיינע איבערלעבונגען און ניצט דערביי אַזעלכע אויסדרוקן וועגן פאַך־ענינים: די קאַלומנע בלויע (מיט בלויע בענדער אויף די אָרעמס) טרייבן אַרויס פון די וואַגאָנען; די קאַלומנע רויטע אָדער חברה קדישא (מיט רויטע בענדער) זיינען פלאַצאַרבעטער, לייגן צונויף די זאַכן פון די וואָס זיינען גע־גאַנגען אין באָד; די גאָלדייִדן זיצן אין אַ קליין הייזעלע און נעמען צו ביי ייִדן דאָס גאָלד און ווערטזאַכן כדי זיי צו היטן ביז איבער דער באָד; די קאַפּאָס און די פאָראַרבעטער פירן אָן באַזונדערע גרופּעס אַרבעטערס; די האָפייִדן זיינען די בעלי־מלאָכות וואָס מע לאָזט זיי אַ שטיקל צייט לעבן אין לאַגער און מע באַגייט זיך מיט זיי אַ ביסל בעסער; דענטיסטן זיינען די וואָס רייסן אַרויס די גאָלדענע ציין ביי די מתים; דאָס פּעקל איז דאָס וואָס עס שפּאָרט אָפּ דער וואָס אַרבעט פון די מאַטעריאַלן וואָס ער ניצט און וואָס ער בייט עס אויס אויף ברויט, און דאָס גופא הייסט שוין ספּעקולאַציע. יעדער „ווערקשטעל" האָט אַרויסגעשטעלט אויף צונג אַ שומר וואָס האָט געמאָלדן כאַסקל גייט, ווי נאָר עס האָט זיך באַוויזן אַן עס־עס־מאַן. די עס־עס־לייט האָבן אויך געהייסן: קיווע, ליאַלקע, קרומער קאָפּ. דער זעלביקער ייִד דערציילט: „קיווע האָט אַוועקגעשטעלט אַ קלאָזעט־שומר, אָנגעטאָן אים אין אַ טראַכט פון אַ סינאַגאָגע־קאַנטאָר, מיט אַ הויכן אַכטקאַנטיקן הוט אויפן קאָפּ; אויפן באַפעל פון ליאַלקען האָט ער זיך פאַרלאָזט אַ קורץ שפּיציק בערדל..."

דאָס אַלץ זיינען ווערטער פון איין לאַגער. טייל ווערטער טראָגן זיך אי־בער אין אַנדערע ערטער מחמת דעם וואָס מען האָט טייל אַרבעטערס אַריבערגע־פירט אין אַנדערע לאַגערן. טייל מאָל ווערן די ווערטער אַזוי ווי אויף ס'ניי אַנט־דעקט און געניצט אין אַנדערע מקומות. יעדער מקום מיט זיינע אידיאָמען. אין דעם ווערטערביכל וואָס מיר ברענגען ווייטער גיבן מיר אָן ביי יעדער וואָרט די ערטער ווו מען האָט עס געניצט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס לאָזט זיך ניט דורכפירן אַזוי פּינקטלעך מע זאָל קענען דערגיין די פאַרשפּרייטקייט פון יעדער וואָרט. עס פעלן אונדז מאַטעריאַלן פון דער גרעסטער צאָל שטעט וואָס זיינען אומגעקומען און ניט איבערגעלאָזן נאָך זיך קיין שום שפּראַכלעכע שפּורן. אַ „פונאַנדערבלי" פון דעם געטאָ־יידיש איז געוועזן משמעות אומעטום.

וועגן דעם יידיש אין ווילנער געטאָ שרייבט א. סוצקעווער אין בוך ווילנער געטאָ (פאַריזער אויסגאַבע, ז' 68), ווען ער איז צוריקגעקומען אין געטאָ אַריין נאָך דעם ווי ער איז דאָרטן אַ שטיקל צייט ניט געווען: „דאָס געטאָ האָב איך ניט דערקענט... איך האָב זיך איינגעהאָרכט אין זייער שפּראַך. קיין מאָל האָב איך ניט געהערט אין ווילנע אַזאַ יידיש. עס איז די שפּראַך פון אַ לעבן וואָס וויל זיך ניט אונטערגעבן דעם טויט..."

ביי דער דריטער גרופּע ווערטער, ביי די ניישאַפונגען אין געטאָ, איז

געגאַנגען אין שאַפן זיך אַ ג ע ה יי מ ע שפּראַך, כּדי צו קענען זיך פאַרשטענ־דיקן מיט די אייגענע, נישט מורא האָבנדיק פאַר אַ זייטיקן אויער. עס זיינען געווען אָפּגערעדטע ווערטער אָדער אַזעלכע וואָס מע קען גרינג כאַפּן וואָס זיי באַטייטן. איז אַנשטאָט צו זאָגן היטלער — האָט מען אָנגערופן דעם יידישן פאַמיליע־נאָמען האַראָוויץ, אַנשטאָט מוסאָליני, בעניטאָ — משה־בער אַאַז״וו. מען האָט געניצט אייגן־נעמען פון מענטשן, וואָס מען האָט געוווּסט וועגן זיי אַז זיי געפינען זיך אין געוויסע מקומות, אויף צו באַצייכענען אָט די מקומות (לענדער אָדער שטעט). דער עיקר האָט מען עס געניצט אין פּריוואַטע בריוו, אָבער אין אַזאַ עת־צרה זיינען זיי געווען אויס פּריוואַט־אייגנטום. מענטשן האָבן זיך איבערגעגעבן יעדער פּרט פון לעבן; מען האָט זיך געטרייסט, זיך געקוויקט מיט אַ ווערטל און דערביי מעגלעך געמאַכט אַז די געשאַפענע ווערטלעך זאָלן זיך פאַרשפּרייטן.

נאָך אַ דראַנג איז געווען אין די ניישאַפונגען: אָ פּ צ ו ח ו ז ק ן פון דעם בלוטיקן שונא. אויב מע קען דערווייל אין אים קיין פיזישע נקמה ניט נעמען, איז לכל־הפּחות אָפּלאַכן פון אים! דעריבער איז פאַראַן אַזאַ גרויסע צאָל צונעמענישן, אָפּשפּאָט־ווערטלעך און בלשון־סגי־נהורס. לייב גאָלדין הייבט אָן, אין אויגוסט 1941, זיין כראָניק „פון איין מעת־לעת הונגער״ (אויפגעהיט אין רינגלבלום־אַרכיוו) מיט אַזאַ פּאַראַפראַז פון „מאָניש״: „אַנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען, ווען כ׳זאָל מעגן אַלצדינג זינגען״. דאָס קען דינען ווי אַ מאָטאָ פאַר שפּראַך־דערשיינונגען פון אָט דער צייט.

וואָס דאַרף מען באַטראַכטן ווי דעם יידישן וואָרט־אוצר פון יענער תּקופה? אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יידיש. אָבער דאָס איז ניט גענוג. אַ גרויסער טייל פון דער יידישער שפּראַכיקער אויפטוערישקייט האָט זיך אויסגעדריקט אין פּויליש, בעל־כּרחו אויף פּויליש. עס זיינען פאַרבליבן ווערטלעך און קאַלאַמבורן אויף פּויליש, וואָס זיינען בלי ספק געשאַפן געוואָרן פון יידן און פאַר יידן. משמעות אַז אַ גרויסער טייל אַזעלכע ווערטלעך זיינען לכתּחילה אויפגעקומען אויף יידיש, נאָר דער אָריגינאַל איז צו אונדז ניט דערגאַנגען — געהאַט דעם גורל פונעם שאַפער. ס׳איז פאַרבליבן דאָס ווערטל אין פּויליש שוין פון דער צווייטער האַנט. געווען אויך פאַלן ווען יידן האָבן בכּיוון געשריבן אויף פּויליש מיט דער אויסרעכענונג אַז דאָס גיט מער שאַנסן איי־בערצולעבן די שרעקלעכע צייט און צו דערגיין צו לעבן געבליבענע. אין אַן אַרישער באַהעלטעניש איז געווען גלאַט אַ סכּנה צו שרייבן יידיש. אין אַ צאָל פאַלן לאָזן זיך די ווערטלעך אויף פּויליש איבערבערענגען צוריק אויף יידיש. אָבער ניט אַלע מאָל איז מען דאָ אויף אַ זיכערן באָדן. ווייטער וועלן אָנגעגעבן די אַלע פאַלן ווען איך זעץ איבער.

ניט בלויז פילאָלאָגן, אויך פּסיכאָלאָגן דאַרפן פאָרשן די שפּראַך אונטער די נאַציס. זי גיט אַ שליסל צו דער פאָלקס־נשמה. זי העלפט פאַרשטיין דאָס לעבן פון אונדזערע מאַרטירערס. און דער היסטאָריקער הערט דאָ דעם מאָוימדיקן אמת פון דער בלוטיקער צייט. יעדער וואָרט, יעדער אויסדרוק

איז דורכגעזאַפּט מיט בלוט. יעדער וואָרט איז ממש אַ סימבאָל, אַ גאַנצע וועלט.

יידן אין די געטאָס האָבן שוין געפּאָרשט די שפּראַכלעכע דערשיינונגען וואָס זיינען אויפגעקומען אין די אויסטערלישע באַדינגונגען. אין רינגלבלום־אַרכיוו זיינען אויפגעהיט געוואָרן לידלעך, וויצן, פאָלקלאָר — טאַקע נאָר עטלעכע פּאָזיציעס. אָבער מיר ווייסן אַז צו אונדז איז דערגאַנגען נאָר אַ קליי־נער ברוכטייל (למשל אַ טייל פון כּתב־יד 109). אויך אין לאָדזשער געטאָ האָט מען געקליבן פאָלקלאָר־מאַטעריאַלן: ווערטלעך, וויצן, ווערטער אאַז"וו. די צאָל איינסן איז דאָ משמעות דערגאַנגען אין טויזנטער. אָבער איז דען ערגעץ פאַרבליבן אַ פולע זאַמלונג דערפון? מיר ווייסן אויך אַז אַ צאָל מענטשן האָבן זיך פאַרנומען מיט אָט דער זאַמל־אַרבעט. מע דאַרף דאָ קודם־כּל דערמאָנען שמואל לעהמאַן, וואָס איז געשטאָרבן אין וואַרשעווער געטאָ. זיינע מאַטעריאַלן האָבן זיך ניט אויפגעהיט.

## רשימה ווערטער און אויסדרוקן

קיצורים וואָס ווערן געניצט אין דער רשימה:

א"ל = אַרבעט־לאַגער;
אנדענקבוך = אָנדענקבוך ראַדאָם, מינכן, 1948;
ג' = געטאָ;
גאָלדשטיין = בערנאַרד גאָלדשטיין, פינף יאָר אין וואַרשעווער געטאָ, ניו־יאָרק, 1947;
ג"ל = „געטאָ־לשון", אַ נישט־קאָמפּלעטער כּתב־יד פון לאָדזשער געטאָ;
ג"ע = גבית־עדות;
דוואַרזשעצקי = ד"ר מאַרק דוואַרזשעצקי, ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום, פּאַריז, 1948;
וו' = וואַרשע;
וו"ג = וואַרשעווער געטאָ;
ייהא = יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פּוילן;
כּ"י = כּתב־יד;
ל' = לאַגער;
ל"ג = לאָדזשער געטאָ;
ליוור = ד. ליוור, עיר המתים, תּל־אביב, תּש"ח;
פּרץ = ד"ר אַהרן פּרץ (פּערציקאָוויץ), דעם גורל אַנטקעגן, יאָהאַנעסבורג, 1952;
פל"ח = פון לעצטן חורבן, צייטשריפט פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין מינכן (10 העפטן);
קאַפּלאַן = י. קאַפּלאַן, דאָס פאָלקסמויל אין נאַציקלעם, מינכן, 1949;
ק"ל = קאָנצענטראַציע־לאַגער;
ר"א = רינגלבלום־אַרכיוו אין ייהאָ;
ראַכמאַן = לייב ראַכמאַן, אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן, פּאַריז, 1949;
רינגל' = ד"ר עמנואל רינגלבלומס נאָטיצן פון וואַרשעווער געטאָ, 1939—1943, כּתב־יד, ייהאָ;
שאַליט = לוי שאַליט, אַזוי זיינען מיר געשטאָרבן, מינכן, תּש"ט.

אָבאַזאָווי — דער וואָס גיט אַכטונג אויפן גאַנצן לאַגער און אויפן אויפפירן זיך פון די אַבאַזניקעס — ל' לאַנקי, 1941 (ר"א, כּ"י 411); ל' קאַמפּינאָס, לעבן וואַרשע (ר"א 379, 1390); ל' קסאָניע, לעבן קעלץ, אַפּריל 1941 (ר"א 392);

אָבאַזאָווע — אַדיעקטיוו צום וואָרט אַרבעט אין לאַגער גופא, נישט מחוץ זיינע גרענעצן — ל' קסאָניע, אַפּריל 1941 (ר"א 392);

אָבאַזאָווצעס — יידן אין א"ל, לאַגעריסטן, אַבאַזניקעס (זעלטן געניצט);

אָבאָזניק, ־עס — אַ ייִד אין א"ל (דער געוויינטלעכער אויסדרוק);

אַבוז — לאַגער, פון פויליש. „יעדער פּאַליציאַנט איז אַ גרויסער לאַבוס, ער וויל מעות, אַנישט כאַפּט ער אויפן אַבוז" — פון אַ לידל אין ווו״ג (ר״א 172). „דער ציל פון די אַבוזן איז געווען צו פאַרפּייניקן און פאַרקריפּלען געזונטע יידישע יונגע־לייט" (ר״א 392, אַפּריל 1941);

אַבורקאַווי — „מיר קענען שוין גוט דעם טייטש פון דאָזיקן וואָרט... דער ׳פּאַן׳ אַבורקאַווי איז דער באַדינער פון בית־הכּסא, רעכנט זיך שוין צווישן די ׳פונקציעס׳, ער זיצט ניט אין קיין פאַרמאַכטער קאַמער" (הירשהויט, פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק, פאַרלאַג פוילישע יידן, זז׳ 44—45);

אַבי וויִיטער — אַז עס פלעגט אין ראַדעמער ג׳ דורכגיין אַ שטיקל צייט רויק, האָט מען זיך געטרייסט: „דאַנקען גאָט, אַבי וויִיטער". דער אויסדרוק איז געווען זייער פּאָפּולער, די ערשטע רעוויע וואָס דער אַרטיסטישער קרייז האָט דאָרטן געשטעלט אין דעצעמבער 1941 האָט געהייסן אַבי וויִיטער. אין ל״ג האָט איינער פון די צאַלרייכע, מיט דער האַנט געשריבענע זשורנאַלן, געטראָגן דעם זעלביקן נאָמען (1943?);

אַביעקטל — אַ וואָגן אָדער אַן אויטאָ מיט געשמוגלטער סחורה. אין אָנהייב האָט מען געצאָלט פאַר אַן אַביעקטל 100 זלאָטעס אָבער „די זשאַנדאַרמען זיינען שוין געוואָרן קליגער און הייסן זיך סילוקן מיט האַרטע און גאָלדזאַכן" — ווו״ג (ר״א 490, פון 28סטן מײַ 1942);

אַבלאַווע — מיטן נייעם באַטייט: דאָס כאַפּן מענטשן צו דער אַרבעט (רינגל׳, פון 7טן מײַ 1942);

אַבמאַן — פאַרזיצער פון „יודענראַט", פון דײַטש, גערופן אויך עלטסטער א״א. „הם מנוּוולים ומשם כּך נעשׂו לאובמנים, או היו לאובמנים ומשם כּך נעשׂו למנוּוולים" (מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו, „האקציה בביליסטוק", אַרכיוו פון ביאַליסטאָקער ג׳, ייהאָ);

אָבער־יודע — דער עלטסטער איבער יידן אין אַ פאַבריק. יידן האָבן דעם דײַטשן נאָמען אַזוי אויסגעטײַטשט: אָבער איז דאָס אַ ייִד!

אָבער שטאָל ברעכט זיך אויך — פון ל״ג (פון אַ טאָגבוך, דאַטירט דעם 29סטן יולי 1944, ייהאָ);

אַבעצע — אַרגון ברית ציון, די ציוניסטישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע — אין קאָוונער ג׳ (שאַליט, ז׳ 226);

אַדון הגדול — אַ צייכן צו וואָרענען אַז עס דערנענטערט זיך אַ דײַטש — אין קאָוונער ג׳ (קאַפּלאַן, ז׳ 7);

אַדזשאַלאַווי — אָנפירער פון אַן אָפּטייל אַרבעטערס אין א״ל (ר״א 388, אַפּריל 1941), דאָס זעלביקע וואָס גרופּאַווי — ביידע ווערטער פון פויליש;

אַדע, אַדעמאַן — אַ יידישער פּאָליציאַנט פון דער „אָרדנונגסדינסט", ווי עס איז געווען די אָפּיציעלע דײַטשישע באַצייכענונג פאַר דער יידישער פּאָליציי (באַנוצט דער עיקר אין קליין־פוילן);

אַווידע — עבֿודה! אַ צייכן צו וואָרענען — אין פּלאַשעווער ל׳, לעבן קראָקע;

אַווידע גדולה! — באַטייט: דער קאָמענדאַנט קומט — פון דעם זעלביקן ל׳;

אַוועקלייגן — דערהרגענען. „אַוועקגעלייגט אַ פּאָלקסדייטשקע" („די צען פון פּאַוויאַק", כּ״י, ייהאָ); „ער האָט שוין 1,000 יידן אַוועקגעלייגט" (רעדט זיך וועגן קאָמענדאַנט פון בעלזשיצער א״ל ראַלף; ר״א 277). די עס־עס־לייט האָבן געניצט דאָס דײַטשישע וואָרט „אומלעגען";

אויב דו וועסט נאָר דערלעבן... — אָנהייב פון אַ ווערטל אין דער פאָרשטאָט פון לובלין, מאַריאַן־טאַטאַרסקי, וווּ יידן האָבן געקאָנט אויסניצן פרייע ערד און מאַכן גערטנדלעך; די דײַטשן האָבן זיך באַרימט מיט אָט דעם „מוסטער־געטאָ" און צוגעזאָגט אַז מע וועט די יידן ניט ליקווידירן. האָבן יידן געזאָגט: „אויב דו וועסט נאָר דערלעבן צו עסן דאָס ביסל קאַרטאָפל, שטעל איך דיר אַ 95ער". מען האָט פאַרשפּאַרט צו שטעלן דאָס פלעשל ספּירט — יידן האָבן ניט דערלעבט צו געניסן פון זייערע פּראָדוקטן;

אויב דו לעבסט — לאָז מיך אויך לעבן — ד״ה לאָז מיך אויך צו צו דער שיסל — א ווערטל צווישן די טרעגערס פון אומשלאָגפּלאַץ אין וו״ג (ר״א 256);

אויב נאָך אַלעמען... — אנהייב פון א פּאָפּולערער חקירה אין קאָוונער ג׳ (איבערגעבער יוסף גאר): „אויב נאָך אַלעמען וועלן מיר דאָך בלייבן לעבן, איז א סימן אַז די וואָס זיינען אומגעקומען פריער זיינען די רשעים און מיר די צדיקים; אויב אָבער נישט — זיינען מיר די רשעים און יענע די צדיקים, ווייל זיי האָבן פאַרשפּאָרט דורכצומאַכן וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט״;

אויג — צוואַנציק דאָלאַר האַרטע. „אפילו קליינע שקצימלעך האָבן שוין געוווּסט וואָס סע מיינט אַן אויג. אַז זיי האָבן געבראַכט א פּעקעלע, האָבן זיי שוין אָנגעוויזן מיט אויסגעקיילעכטע צוויי פינגער ביי זייערס אַן אויג אַז זיי ווילן 20 דאָלאַר״ (תנחום גרינבערג, „טרעבלינקע״, כ״י ייהא);

אויטאָסטראַדע — אַן אָפּגעגאָלטער שמאָלער פּאַס האָר, פון שטערן ביזן נאַקן, וואָס האָט באַצייכנט א לאַגערניק וואָס איז אַנטלאָפן און מען האָט אים געכאַפּט — פון פּלאַשעווער ל׳. די דייטשן האָבן עס גערופן: „לאַוזפּראָמענאַדע״;

אויטאָריזאַציע — דער נייער באַטייט: א ספּעציעלער דאָקומענט וואָס האָט באַפרייט פון גירוש טראַנסניסטריע (פּל״ח, 4);

אויסוווייז — דאָקומענט אַז מען אַרבעט אין א „ניצלעכער״ אינסטיטוציע — אין וו״ג און אויך אין אַנדערע געטאָס. אין לעמבערג האָט עס געהייסן איי־ווייַ. נאָך אַן אינטערווענץ מצד יידישע שתדלנים ביי דער צענטראַלער מאַכט אין קראָקע, מאַרץ 1941, האָט מען אין וו״ג איבערגעגעבן: „וואָס האָבן די הערן געבראַכט פון קראָקע? אַן אויסווייז פאַר אליהו הנביא אויף צו קענען גיין א גאַנצע נאַכט״ („אין דער נאַכט פון סדר״; רינגל׳, פון 13טן אַפּריל 1941);

אויסזידלונג — אומקום, ניט סתם גירוש. אויסזידלונג פון דער וועלט — בוטשאַטשער ג׳; אויסזידלונג אויף יענער וועלט — וו״ג;

אויסזען — אין די אויסדרוקן: אַ גוט אויסזען, ד״ה ניט ענלעך אויף א יידיש פּנים, אַ שלעכט אויסזען, ד״ה זעט אויס ווי א ייִד, אַ פּרימאַ אויסזען, ד״ה גאָרניט ענלעך צו א ייִד;

אויסיידישונג — דאָס מאַכן „יודענריין״. פּסח קאַפּלאַן האָט באַשריבן חורבן ביאַליסטאָק (אַרכיוו פון ביאַליסטאָקער ג׳, ייִהא) און דערציילט אַז „די ריינקייט פון יידיש אין די [עפּנטלעכע] מעלדונגען [פון ייִדנראַט] איז געהיט געוואָרן״ (די מעלדונגען האָט רע־דאַגירט פּסח קאַפּלאַן גופא, עס האָט זיי איבערגעשריבן אין א פּראַכט־כּתב דער וואַר־שעווער גראַפיקער און דיכטער ה. גאָלדבערג, אַן אַנטייל אין דער אַרבעט האָט אויך גענומען דער פּעדאַגאָג רפאל גוטמאַן);

אויסקערן זיך — שטאַרבן, אומקומען. אין די ג׳ האָט מען ניט געניצט די ווערטער: טויט און שטאַרבן; ער האָט זיך אויסגעקערט — ער איז געשטאָרבן; „מיר האָבן איין מאָל געמאַכט א גענויען חשבון ווען וועלן מיר, די דאָקטוירים, זיך אויסקערן״ (פּרץ, ז׳ 101 א״א);

אויסרעקלאַמירן — באַפרייען זיך פון אַרבעט — טשענסטאַכאָווער ג׳, ג״ע.

(המשך אין קומעדיקן נומער יידישע שפּראַך)

# א וואָרט אין וויכּוח וועגן קאָנווערב ׳אויס׳

## פון בתיה פּופּקאָ

איך וואָלט אפשר זיך ניט דערוועגט צו נעמען א וואָרט אין דער פּלוגתּא וועגן באַטייט פון קאָנווערב ׳אויס׳ (זען ייִדישע שפּראַך, ב׳ XV, נומ׳ 3, זז׳ 85—89, און נומ׳ 4 זז׳ 118—120), אויב די רעדאַקציע וואָלט ניט פאַרבעטן

די לייענערס זיך אַרויסצוזאָגן אין אָט דעם וויכּוח וואָס דרײַ אָנגעזעענע שפּראַכ־קענערס האָבן פֿאַרפֿירט. עס האָט מיך דערמוטיקט וואָס מע וויל אויסהערן ווי עדות פּשוטע בשׂר־ודמס וואָס ריידן ייִדיש אַ גאַנץ יאָר.

ווען אַ. גאָלאָמב האָט גענוצט דאָס וואָרט אויסגעייִדישט מיטן באַטײַט: אויסגעליידיקט געוואָרן פֿון ייִדישקייט, געוואָרן אויס ייִד — האַלט איך אַז פֿרײַנד גאָלאָמב איז געווען גערעכט. עס האָט גאָר בײַ קיינעם ניט געדאַרפֿט אויפֿקומען אַ ספֿק וועגן דעם וואָס דער שרײַבער האָט געמיינט. אין ייִדיש זײַנען דאָך פֿאַראַן אַזעלכע ווערטער ווי: פֿאַרייִדישט, פֿאַרגוייִשט, פֿאַרגרעבט אאַז״וו, און אין זיי באַטײַט דער פּרעפֿיקס ׳פֿאַר׳: מער ייִדישקייט, מער גוייִשקייט, מער גראָבקייט. אַזוי אַרום פֿאַלט אָפּ די טענה אַז אויסגעייִדישט איז עלול צו פֿאַרפֿירן דעם לייענער. וואָס שייך דער גערעדטער שפּראַך האָט אַפֿילו יודל מאַרק קיין מורא נישט אַז דאָס קאָן פֿאַלש פֿאַרשטאַנען ווערן; אמת, דאָ פֿאַר־לאָזט ער זיך גיכער אויף דער זשעסטיקולאַציע פֿונעם רײדער ווי אויפֿן שׂכל־הישר פֿון דעם הערער.

אַז אַ. גאָלאָמבס דרך איז אַ לאָגישער קען מען זען דערפֿון וואָס אויך ה. לייוויק גייט אויף דעם זעלביקן וועג אין זײַן ווערטער־פֿורעמונג. אָט לייענען מיר אין דעם ליד „צו דער וואַזאָנע״ (אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים, ז׳ 159):

איך בין אײַך טיף מקנא מיט אַ ליבשאַפֿטלעכער קנאה
אין אַל מײַן אויסגעזוומערטער, פֿאַרוואָרבסטער לידערשאַפֿט.

דאָ האָבן מיר קלאָר דעם עפֿעקט פֿון ׳אויס׳ אין ערשטן וואָרט און ׳פֿאַר׳ אין צווייטן וואָרט.

איך בין אויך ניט מסכּים מיטן אַרגומענט אַז עס זײַנען דאָ בלויז געציילטע ווערטער מיטן קאָנווערב אויס וואָס קאָנען דינען ווי אַ באַרעכטיקונג פֿאַר אַ. גאָלאָמבס נעאָלאָגיזם. אָט האָט י. בירנבוים אַליין צוגעגעבן צום וואָרט אויסוואָרצלען אויך אויסקאָרענייען און אויסקאָרטשעווען. אויסוואָרצלען איז ניט קיין „ביכלדיק״ וואָרט, ווי ער מיינט; אויסקאָרענייען טרעפֿט מען אָפֿט אין קללות, און אויסקאָרטשעווען איז אומפֿאַרמײַדלעך, ווען עס רעדט זיך וועגן אַ שטיק ערד ווו עס איז פֿריִער געווען וואַלד און מע וויל עס פֿאַראַקערן. מע קען ריידן וועגן אויסגעוואָרצלטע ייִדן, פּערזאָנען, ייִשובֿים, אָבער עס וואָלט געקלונגען משונה ווען מע זאָל זאָגן: „אויסגעקאָרענייעטע״ אָדער „אויסגעקאָר־טשעוועטע״ ייִדן, פּערזאָנען, ייִשובֿים.

קעגן וואָרט אויסגרינען זיך האָט י. בירנבוים אַ טענה אַז דאָס איז אַ „צוגעפּיקסט״ וואָרט. אָבער דאָס וואָרט האָט געקראָגן בירגערשאַפֿט אין אונ־דזער שפּראַך. מע ניצט עס אָפֿט אין דער גערעדטער שפּראַך, אין דער פּוב־ליציסטיק, אין דער ליטעראַטור. דאָס וואָרט אַליין קען דינען ווי אַ דוגמא.

אָבער אחוץ די דוגמאות וואָס אַ. גאָלאָמב האָט געבראַכט, וואָלט מען געקאָנט אָנווײַזן אויף נאָך און נאָך פּאַרטיציפּן וואָס באַקומען דעם עלעמענט פֿון נעגאַציע, ווען זיי ווערן פֿאַרבונדן מיטן קאָנווערב אויס. אַ העפֿט איז אויס־געשריבן, ווען עס איז מער קיין העפֿט ניט, ווען דער תּלמיד דאַרף קויפֿן אַ

נײַעם העפּט; אַ לעבן איז אויסגעשפּילט, ווען עס איז שוין מער ניט דאָס וואָס געווען אָדער וואָס דאַרף זײַן; ווען די מילך איז אויסגעלאָפֿן פֿון טעפּל, איז געוואָרן ווייניקער מילך אָדער בכלל ניט געוואָרן; ווען דער ווײַן איז אויסגעוועפּט, טויג ער שוין ניט; ווען די כּוחות זײַנען אויסגעשעפּט, איז מען געוואָרן שוואַכער, ניט שטאַרקער; ווען דער קוואַל איז אויסגעטריקנט, איז ער אויס קוואַל; אַן אויסגעדינטער זעלנער איז מער ניט אין דער אַרמיי; אויסגעבײַטלט באַטײַט: דאָס געלט איז אַוועק, איז מער ניטאָ; אַן אויסגעברענטע בראָדעווקע איז אַזאַ וואָס מען איז שוין פֿון איר פּטור געוואָרן; אַן אויסגעשלאָסענער מיטגליד איז דער וואָס איז שוין מער ניטאָ אין דער מיטגלידערשאַפֿט אאַז״וו.* אָדער לאָמיר נעמען אַזעלכע דוגמאות ווי: אַן אויסגעלאָדענער ביקס, אַן אויסגעשפּאַנט פּערד, אַן אויסגעגאַנגענע מאָדע, אַן אויסגעוויינט האַרץ, אַן אויסגעבירגערטער מענטש (ווען עס רעדט זיך וועגן „שטאַטלאָזע") — ווער קען האָבן ספקות אינעם נעגאַציע־טײַטש פֿון אָט די פּאַרטיציפּן מיט אויס?

איך בין זיכער אַז אָט די קורצע רשימה שעפּט ניט אויס אַלע פּאַרטי־ציפּן פֿון אָט דער קאַטעגאָריע. אין אָט די אַלע פֿאַלן איז ניט חל דער טײַטש אַז די אַרבעט איז דורכגעפֿירט געוואָרן ביזן סוף, דערפֿירט געוואָרן ביז צו אַ רעזולטאַט, ווי בײַ אויסבאַקן, אויסקאָכן א״אַ.

אין זײַן ערשטן בריוו צו אַ. גאָלאָמבן (דאָרטן, נומ׳ 3, ז׳ 86) שרײַבט י. בירנבוים: „דער ווערבאַלער צוגאָב אויס באַטײַט ניט שטענדיק נעגאַציע". אויב אַזוי, גיט ער דאָך אַליין צו אַז עס זײַנען יאָ פֿאַראַן פֿאַלן, ווען אויס ברענגט דעם באַטײַט פֿון פֿאַרניינונג. מיר ווייסן בלויז ניט ווי אָפֿט לגבי די אַנדערע באַטײַטן. גייט דאָך דאָ בלויז אין דער כּמות־פּראָפּאָרציע צווישן באַטײַטן פֿון קאָנווערב אויס. אָבער דאָ ווערט ניט אָפּגעלייקנט דער באַטײַט פֿון נעגאַציע פֿאַרן קאָנווערב אויס.

דאָס וואָרט אויסמענטשלען זיך ניצט י. בירנבוים ווי אַ מין טרומף אין זײַן אַרגומענטאַציע. עס באַטײַט דאָך יאָ ווערן אַ מענטש! אָבער אויסמענטש־לען זיך איז דאָ דאָך ניט געקומען דירעקט פֿון דער פֿאַרבינדונג ׳אויס׳ מיטן סובסטאַנטיוו ׳מענטש׳. אויסמענטשלען זיך איז געקומען פֿון מענטשלען זיך, למשל: ער מענטשלט זיך ביסלעכווײַז. דאָ בײַט ניט דער קאָנווערב דעם מהות פֿון באַטײַט, נאָר ער גיט צו פֿינאַלקייט צום פּראָצעס פֿון מענטשלען זיך. דעריבער דאַרף מען אָט דעם ווערב אַרײַנשטעלן אין דער קאַטעגאָריע ווערבן וואָס יודל מאַרק ברענגט (אויף ז׳ 86): זיך לערנען — זיך אויסלערנען, זיך באַהאַלטן — זיך אויסבאַהאַלטן, באַקן — אויסבאַקן אאַז״וו. טראָגט ניט מיט זיך דער ווערב אויסמענטשלען זיך קיין שום נײַעם כּוח אין דעם אַרגו־מענטירן.

---

* בײַ אַ צאָל דוגמאות פֿאַרזעט פּ׳ בתיה פּופּקאָ אַז די „נעגאַציע" שטעקט אין דעם ווערב גופֿא און אַז ׳אויס׳ באַטײַט בלויז אַז דער פּראָצעס איז פֿאַרענדיקט: די מילך לויפֿט ביז זי לויפֿט אויס; דער קוואַל טריקנט ביז ער טריקנט אויס; די כּוחות שעפּן זיך, ביז זיי שעפּן זיך אויס א״אַ. — רעד׳.

יודל מארקס טענה קעגן גאַלאַמבס נעאָלאָגיזם באַשטייט אין דעם אַז „מע מוז זיך האלטן בײַ די גרייטע פורעמס". שטעלט זיך אָבער די פראגע: וואָס זײַנען די גרייטע פורעמס ביים שאַפן ווערבן און פּרעפיקסן מיט דעם קאָנווערב אויס? און עס רעדט זיך דאָך ניט וועגן דעם פורעם גופא, נאָר בלויז וועגן דעם באַטײַט.* קיינער האָט ניט געזאָגט אַז אויסגעיידישט איז שלעכט, די פלוגתא איז געגאַנגען בלויז וועגן באַטײַט. שוין פון דער קאָרעספּאָנדענץ גופא זעען מיר באַשײַמפּערלעך אַז דער קאָנווערב אויס האָט א סך באַטײַטן. אָבער פון דער גאַנצער פאַרשיידנקייט וועלן מיר אויסטיילן צוויי גרעסערע גרופּעס: 1) ווערבן ווו אויס ברענגט אַריין דעם עלעמענט פון נעגאַציע; 2) ווערבן ווו אויס ברענגט דעם באַטײַט פון פאַרענדיקן די אַרבעט, זי דערפירן צו א רעזולטאַט. פאַלט שוין ממילא אָפּ די טענה צו אַ. גאַלאַמבן אַז ער האָט זיך ניט גערעכנט מיט גרייטע פורעמס. ער האָט זיי געהאַט פאַר זיך. ער האָט זיך גערעכנט מיט זיי. און אויב עס רעדט זיך וועגן זיין קאָנסעקוועגט, איז גערעכט א. גאַלאַמב, וואָס שאַפנדיק אַ נײַע פורעמונג האָט ער זיך געהאַלטן ביים גרונטטײַטש פון דעם וואָרט אויס ווען דאָס וואָרט קומט מיט א סובסטאַנטיוו (אויס מענטש, אויס ייִד).

# מע שרײַבט אונדז

124. ג. סטיווענסאָן, פון וועיווערלי, מאַס׳:

מיר געפעלט דער איינשטעל פון ייִדישע שפּראַך און איר רעדאַקטאָר ביים אויסקלייבן די פאָרמען וואָס מע באַדאַרף באַטראַכטן ווי סטאַנדאַרד־פאָרמען. דער צוגאַנג איז א שׂכל־הישרדיקער. די פאָרמען וואָס זײַנען די סאַמע פּאַרשפּרייטע ווערן באַטראַכט ווי די סטאַנדאַרדן. אויף אַזא אופן וועט ייִדיש אויסמיידן דעם אומזינען און די אומרעאַליסטישקייט פון דעם „קאָרעקטן" ענגליש, וואָס איז סטאַנדאַרדיזירט געוואָרן פון פעדאַנטן אין 18טן י"ה און איז זינט דעמאָלט ניט געקומען צו זיך. נעמט למשל דעם ענין געשפּאָלטענער אינפיניטיוו [ווען עס ווערט אַריינגעשטעלט א וואָרט צווישן to און שטאַם פון ווערב], וואָס איז געניג גוט פאַר די פּרעזידענטן הוווער, טרומאַן און אייזנהאַוער, אָבער וואָס ווערט באַטראַכט ווי ניט קאָרעקט פון דעם ענגליש־לערער אין אַ מיטלשול.

סטאַנדאַרדיזירן אַ לעבעדיק, וואַקסנדיק און זיך בײַטנדיק לשון און דערביי עס ניט אַריינפּאַקן אין אַ צוואַנגיאַק איז אַן עובֿדא וואָס דאַרף זיין אין הענט פון גענייטע געלערנטע, דורכגעדרונגענע מיט קלוגשאַפט און ליבשאַפט. ייִדיש האָט מזל צו זיין אָט אין אַזעלכע הענט, און זיי העלפן ייִדיש אַנטוויקלען זיך ביז צו פולער דערוואַקסנקייט, אַנשטאָט שטערן אין דעם וואַקסן.

* אין באַגריף פורעם גייט שוין אַריין אויך דער באַטײַט. — רעד׳.

# שאלות און תשובות

.324 ווי איז די מערצאָל פון וואָרט מוסקל? איז עס די מוסקל? און ווי איז טאַקע אויך די איינצאָל: דער מוסקל, די מוסקל, דאָס מוסקל?

**איינצאָל — דער מוסקל, מערצאָל — די מוסקלען. פאַר וואָס דער מוסקל? זען ייִדישע שפּראַך, ב׳ VIII, ז׳ 107. פאַר וואָס די מוסקלען? זען ייִדישע שפּראַך, ב׳ XIV, ז׳ 40**

(די פראַגע 324 האָט צוגעשיקט תמר שאַפּראַן, ניו־יאָרק)

.325 איך האָב די טעג געהערט אַ ייִדישן ראַדיאָ־אַנאָנסירער זאָגן: מע זאָל קומען אין ׳גראָסערי׳ און ׳אויסלייזן׳ די קופּאָנעס. וואָלט ניט געווען גלײַכער: אויסבײַטן די קופּאָנען?

אין ייִדישע צײַטונגען ווערט אָפט דער אויסדרוק field representative איבערגעזעצט פעלד־פאָרשטייער — פון אַ פירמע אָדער קאָמפּאַניע. וואָלט ניט געווען גלײַכער: ספּעציעלער פאָרשטייער אָדער אויסערן־שטאָט־פּאָרשטייער?

**אַוודאי דאַרף מען קופּאָנען אויסבײַטן און ניט „אויסלייזן" — redeem. אָבער בנוגע דעם צווייטן אויסדרוק זײַט איר אויך ניט גערעכט. אַ פירמע אָדער אַ געשעפט האָט אַ פּאַרטרעטער, ניט קיין פאָרשטייער וואָס אַרבעט מחוץ דער קאַנטאָר. דער פּאַסיקער נאָמען איז — דרויסנדיקער פאַרטרעטער.**

(די פראַגע 325 האָט צוגעשיקט יעקב גאָרעליק, ניו־יאָרק).

.326 מעג מען ניצן דעם פּאַרטיציפּ געוועלט אין כּלל־ייִדיש? איך הער אָט דאָס וואָרט פון ייִדן וואָס קומען פון ליטע אָדער ווײַסרוסלאַנד.

**געוועלט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ טייל ליטע, ספּעציעל פאַר זאַמעט. אין אַנדערע טיילן ליטע זײַנען שוין געווען פאַרשפּרייט בײדע פאָרמען: געוועלט און געוואָלט. פאַר כּלל־ייִדיש דאַרף גילטן נאָר די צווייטע פאָרעם, וואָרעם זי איז די מער פאַרשפּרייטע און זי איז כמעט די איינציקע אין דער ליטעראַטור־שפּראַך.**

.327 וואָסערע פון אָט די פאָרמען איז די בעסערע בײַ רעפלעקסיווע ווערבן: טו דיך אָן אָדער טו זיך אָן? איך קוק מיך אַרום אָדער איך קוק זיך אַרום?

**דאָס איז זייער אַ האַרבע שאלה. עס איז קיין ספק ניט אַז אין דעם גערעדטן לשון פון מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן פאַרן חורבן האָט די איבערהאַנט געהאַט: טו דיך אָן, איך קוק מיך אַרום אאַז״וו, ווײַל דאָס איז געווען הן נוסח פוילן הן נוסח אוקראַיִנע. אָבער אין דעם לשון פון אונדזער גאַנצער פּרעסע, אין אַ היפּשן טייל פון דער שיינער ליטעראַטור, אין ייִדישע שולן, אין דעם לשון פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט האָט אַלץ מער און מער די איבערהאַנט די ליטווישע פאָרעם וואָס פאַראייגפאַכט און גלײַכט אויס אַלע פערזאָנען דורך — זיך. אָט די פּשוטערע סיסטעם איז אויך די וואָס מיר רעקאָמענדירן: איך טו זיך אָן, דו טוסט זיך אָן, ער טוט זיך אָן, מיר טוען זיך אָן אאַז״וו; איך קוק זיך אַרום, דו קוקסט זיך אַרום אאַז״וו. אָבער עס קען בשום אופן ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ פגימהלע בנוגע קאָרעקטקייט, אויב מע וויל זיך האַלטן בײַ: איך טו מיך אָן, דו טוסט דיך אָן אאַז״וו. אָבער אין מערצאָל איז זיכער גלײַכער און כּללישער: מיר טוען זיך אָן, איר טוט זיך אָן, זיי טוען זיך אָן. וועגן דעם גאַנצן ענין וועט נאָך אויסקומען צו שרײַבן באַריכות.**

(די פראַגעס 326—327 האָט צוגעשיקט ב. ג. חפץ, טאָראָנטאָ).

---

רעדאַקטאָר: **יודל מאַרק.**

# YIDISHE SHPRAKH

## (THE YIDDISH LANGUAGE)



A JOURNAL
Devoted to the
PROBLEMS OF
STANDARD YIDDISH

TABLE OF CONTENTS:




**Jan.-March, 1956, Vol. XVI, 1**



YIVO INSTITUTE FOR
JEWISH RESEARCH
1048 Fifth Avenue
New York 28, N. Y.



PRINTED IN U.S.A.

Annual Subscription—$2.00

# יידישע שפּראַך

זשורנאַל פֿאַר די
פּראָבלעמען פֿון דער
יידישער כּלל־שפּראַך



אינהאַלט:




יידישער וויסנשאַפֿטלעכער
אינסטיטוט — ייִוואָ

1048 פֿינפֿטע עוועניו
ניו־יאָרק 28, נ"י

אַפּריל־יוני 1956, ב׳ XVI, נומ׳ 2

אַבאָנעמענט־פּרײַז — 2 דאָלאַר אַ יאָר

# די פּרעפּאָזיציע פֿון

## פון יודל מארק

יידישע שפּראַך האט שוין געדרוקט א צאל ארטיקלען וועגן באזונדערע פּרעפּאזיציעס: אין ב׳ III וועגן דער פּרעפּאזיציע אויף (זז׳ 53—55), דער פּרעפּאזיציע אונטער (זז׳ 86—88), דער פּרעפּאזיציע איבער (זז׳ 149־150); אין ב׳ IV וועגן דער פּרעפּאזיציע אויס (זז׳ 28־29), דער פּרעפּאזיציע אין (זז׳ 129—135); אין ב׳ V וועגן דער פּרעפּאזיציע ביַי (זז׳ 26—28), דער פּרעפּאזיציע ביז (זז׳ 154־155). פֿון דעם נומער אָן הייבן מיר ווידער אָן צו דרוקן באַטראַכטונגען וועגן פּרעפּאזיציעס. מיר באַנייען אַט די סעריע און הייבן זי אָן מיט פון.

גראַד וועגן דער פּרעפּאזיציע פון איז פאַראַן א היפּשע ליטעראַטור. נחום שטיף האט אין דעם ערשטן נומער פון זיין קיעווער יידישע שפּראַך (מאַרץ־אַפּריל 1927) אנגעהויבן זיין טעטיקייט ווי דער רעדאַקטאָר און הויפּט־מיטאַרבעטער פון זשורנאַל מיט א שטודיע וועגן און קעגן פון (שפּאַלטן 11—28). אין דעם נומער 5־6 (סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1927) איז געווען אן ארבעט פון ל. רעזניק „וועגן דער פּרעפּאזיציע פון״ (שפּאַלטן 1—12), ווו דער מחבר האט זיך אנגענומען פאַרן פון אין א צאל קאָנסטרוקציעס און ווערטער־פאַרבינדונגען, און אן ענטפער פון נחום שטיפן „דער פון, נעבעך״ (שפּאַלטן 13—40). אין זיַין בוך יידישע סטיליסטיק האט נחום שטיף איבערגעדרוקט מיט געוויסע שינויים און תּיקונים זיין ארבעט וועגן פון (זז׳ 9—34). די דאָזיקע אלע ארבעטן האבן פאַרגרינגערט די פּראָבלעם פון און האבן געבראַכט אזא גרויסן מאַטעריאַל, וואס צום טייל ווערט ער אויסגעניצט דאָ ווייטער. נ. שטיפס ראַנגלען זיך קעגן איבעריקע פונען האט געהאַט א גרויסע השפּעה אויף דעם לשון פון א צאל אָפּגעהיטענע שרייבערס ווי אויך אויפן סטיל פון דעם מחבר, הגם אין א סך פונקטן קענען מיר ניט נאָכגיין אין די פוסטריט פון דעם פיַינעם סטיליסט, אָבער צו איינזייטיקן פאַרשער נ. שטיף.

פֿון איז די אָפּטסטע פּרעפּאָזיציע אין יידיש. דאָס בינדט זיך מיטן אנאַ־ליטישן שפּראַכבוי פון אונדזער לשון. אונדזער פֿון איז דאָ ענלעך צו of אין ענגליש, צו de אין פראַנצייזיש און איז גאַנץ אָפט אומאויסמיַידלעך, אַפילו אויב ער באַגעגנט זיך צוויי אָדער אפילו דריַי מאָל כּסדר אין דעם זעלביקן זאַץ. פון שטאַנדפּונקט פון גראַמאַטיק קען דאָס אָפטע קו־מען פון דעם פֿון באַרעכטיקט ווערן, אָבער דער פיַינערער סטיליסט האָט אין זיַין רשות מיגלעכקייטן אויסצומיַידן צו אָפטע פונען, ווען ער ניצט אַזעלכע ווערטער־פאַרבינדונגען וואָס צווינגען אים ניט ארויף. מיר פאַרנעמען זיך ניט אין דעם קאַפּיטעלע מיט סטיליסטישע עצות און גיבן ניט קיין אָנוויַיזונגען ווי אַזוי איבערצובויען פאַרשיידענע קאָנסטרוקציעס. מיר פאַרנעמען זיך מיט גראַמאַטיק, בכן גיבן מיר די אלע פאַלן ווען מע מוז האָבן די פּרעפּאָזיציע פֿון

און ווען מע מעג זי האָבן. לסוף וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף די אָפּטע גרײַזן מיט איבעריקע פונען.

כּלערליי השפּעות האָבן געפירט צום פאַרמערן זיך פון פון אין דעם ייִדישן זאַץ. פון איין זײַט האָט מען אָנגעוואָרן די פּרעפּאָזיציע אויס אין אַ צאָל פאַלן (מיטן אָרטבאַטײַט: „עס שלאָגט אַ דומפּיקייט ווי אויס אַ מקווה", מיטן אָביעקט־באַטײַט: „געמאַכט אויס ריינעם זײַד"); פון דער צווייטער זײַט האָט מען פאַרביטן דעם געניטיוו מיטן פּאָסעסיוו וואָס איז פאַרבליבן ווי אַ פאַרעם דער עיקר פאַר נעמען פון באַלעבטע זאַכן (אַנשטאָט דעם געניטיוו האָט זיך פאַרפעסטיקט דער דאַטיוו מיט פון). עס האָט אויך גורם געווען דער אופן איבערגעבן די העברעישע סמיכות־קאָנסטרוקציע. „די קינדער ישׂראל" איז אַרכאַיִש און ניט מיגלעך אין דער איצטיקער כּלל־שפּראַך וואָס פאַרלאַנגט דאָ — די קינדער פון ישׂראל. די פאַרשיידנקייט אין די פונקציעס און אין די באַ־טײַטן פון דער פּרעפּאָזיציע פון האָבן געפירט צו אַ מין אימפּעריאַליזם, אַזוי אַז בײַם ריידער און בײַם שרײַבער זאָל דער פון זיך אַרויסכאַפּן אויך דעמאָלט, ווען מע וואָלט אים טעאָרעטיש און סטיליסטיש געקאָנט פאַרבײַטן מיט אַנדערע פּרעפּאָזיציעס. עס האָט אין מזרח־איראָפּע געווירקט דער „ראַדיטיעלני פּאַ־דעזש" אין רוסיש, דער „דאָפּעלניאַטש" אין פויליש און אין אַמעריקע יענער of פון ענגליש וואָס איז אין ייִדיש ניט שייך. קען מען קאָרעגירן געוויסע פרעמדשפּראַכיקע השפּעות וואָס האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין דער זשורנאַליסטיק און אין דעם לשון פון די וואָס טראַכטן טיילווײַז ניט אויף ייִדיש, אָבער דאָס אַלץ וואָס האָט זיך פאַראַנקערט אין דער שפּראַך פון פאָלק מוז אָנגענומען ווערן ווי גראַמאַטיש קאָרעקט. געוויסע עקספּערימענטן מיטן דורכלאָזן די פּרעפּאָ־זיציע פון קלינגען אומנאַטירלעך.

פון קומט אין פאַרשיידענע אומשטאַנד־באַשטימונגען, אין אַדווערביאַלע פראַזעס, אין דער ראָלע פון אַן אָביעקט נאָך אַ צאָל ווערבן און ווי־אַן אַטריבוט אַנשטאָט דעם געניטיוו און אויך ווי אַ פאַרבײַטער פון דעם פּאָסעסיוו און אין גאַנץ ספּעציעלע פאַלן, וואָס עס קומט אויס זיי איבערצורעכענען איינס נאָך איינס. מיר גייען דאָ פון פּשוטערן און גרינגערן צו דעם וואָס איז קאָמפּלי־צירטער און פאַרלאַנגט מער יישוב־הדעת.

1. פון האָט אַן אָרטבאַטײַט, ווײַזט אויפן אָרט פון וואַנעט אַ זאַך קומט, פון וואַנעט אַ זאַך נעמט זיך. פון ווײַזט אויפן אויסגאַנגפּונקט פון וואַנעט אַ זאַך באַוועגט זיך, פון צייכנט אָן דעם פּונקט פון אָפּשטאַם. קומט דער פון נאָך ווערבן וואָס ווײַזן אויף באַוועגונג און נאָך ווערטער וואָס ווײַזן אויפן מהלך, למשל:

ער וויל פאָרן פון ניו־יאָרק קיין תּל־אָבֿיבֿ; ער שטאַמט פון דער ליטע; פון סיביריען שיקט דער טאַטע דיר אַ גרוס (נאָמבערג); קומט פון סטעפּעס אָן אַ וועג, קומט פון ימען אָן אַ ברעג (פיכמאַן); ער לאָזט זיך גיין פון יאַריד; ער איז אַוועק ווײַט פון שטאָט; זי נעמט אַרויס די טעפּלעך פון אויוון; דאָס איז געשען עטלעכע מײַל פון שטאָט; עס איז אַ מהלך פון עטלעכע גוטע וויאָרסטלעך.

פֿון פּאָרט זיך אָפּט מיט ביז, מיט צו, מיט אַרויס, למשל:

פון ווילנע ביז ביאַליסטאָק; פון וואָלאָזשין ביז דער מיר; פון קאָפּ ביז די פּיס; פֿון איין עק וועלט ביזן צווייטן; ער גייט פון שטוב צו שטוב, פון כּאַסיען צו כּאַסיען; גאָלד לייכט פון בלאָטע אַרויס; ער האָט אַכטונג געגעבן אַז מע זאָל ניט אַרויסקוקן פון דער גמרא אַרויס (אַש).

מע דאַרף באַזונדער פֿאַרצייכענען די פֿאַרבינדונג פֿון אונטער און פֿון הינטער, למשל:

די שמאָלינקע טייכלעך וואָס בלאַנדזשען פון אונטער די ברוגזע ווערבעס (איינהאָרן); זי נעמט דערבײַ פון אונטער דער טערקישער שאַל אַ מתּנה אַרויס (פּרץ); איז דער רבי אַפּירגעגאַנגען פון אונטערן[1] טיש גלײַך צו מיר (לינעצקי); ער געפינט תּירוצים פון אונטער דער ערד; פון הינטער דער טיר הערן זיך קולות; פון הינטער די וואָלקנס שײַנט אַרויס די לבנה.

אָרט ווערט אויפֿגענומען ניט בלויז ווי אַ געאָגראַפישער פּונקט, נאָר אויך ווי אַ טייל פון קערפּער און ווערט אויסגעברייטערט מיט מיטאָנימישע טײַטשן. בכן האָבן מיר אַזעלכע כאַראַקטעריסטישע פראַזעס ווי:

ער איז אַראָפּ פון גלייכן וועג; שלאָג זיך עס פון קאָפּ אַרויס; אַראָפּ פון זינען; דאָס פישעלע אין טײַכעלע איז נאָך ווייט פון בײַכעלע; יידעלעך פּריש פון די אייעלעך (ביאַליק); ער וועט פון זײַן שטאַנדפּונקט ניט אָפּטרעטן; אַרויסגיין פון די כּלים, אַרויסשפּרינגען פון דער אייגענער הויט; פון אַ גוטן קאָפּ ביז אַ שלעכטן קאָפּ איז דער חילוק אַ גראָשנדיק ליכטל; זי איז פון גרעסטן ייחוס, ער איז פון הויכן שטאַנד.

2. פֿון האָט אַ צײַטבאַטײַט, ווײַזט אָן די צײַט ווען עפּעס הייבט אָן געשען, באַשטימט דעם אויסגאַנגפּונקט אין דעם לויף פון דער צייט, למשל:

ס'איז ניט פון הייַנט אָדער פון נעכטן, עס איז פון קדמונים; איך געדענק עס פון אַ מאָל; אין הייזל זיצט אַ משפּחה פון יאָרן לאַנג (אַש); דאָ פיטערן זיך דאָך אַלע שטאָט־בהמות פון אייביקע יאָרן (ממו"ס); פון מלך סאָבעצקיס צייטן.

דער פֿון מיטן צײַטבאַטײַט פּאָרט זיך אויך מיט ביז וואָס ווײַזט אויפֿן סוף פון דעם צײַט־מהלך. עס באַקומען זיך דאָ אויך צונויפֿגעזעצטע פּרעפּאָזיציעס: פֿון — אָן און פֿון — אויף, למשל:

עס געדויערט פון אסתּר־תּענית ביז פּורים; פון הייַנט ביז מאָרגן; ער דאַוונט שוין ניט פאַרן עמוד פון שמחת־תּורה אָן (ש"ע); ער טראָגט זי פון דער חופּה אָן (ר' מרדכילע); איך האָב ליב אַ שיף נאָך פון קינדווייז אויף (רייזען).

מיר דערמאָנען אויך די פֿאַרבינדונג פֿון פֿאַר: די יאָרן פֿון פֿאַר דער מלחמה.

3. פֿון האָט אַ סיבה־באַטײַט און ווײַזט אָן דעם יסוד, דעם גרונט, וואָס איבער דעם איז דאָ אַ געוויסער מצבֿ אָדער קומט עפּעס פֿאָר אָדער געשעט ניט. מיר זעען עס פֿון די ווײַטערדיקע דוגמאות:

---

[1] אין דער כּלל־שפּראַך דאַרף דאָ מסתּמא זײַן: פֿון הינטערן טיש.

דאָס קינד ציטערט פון שרעק; פון ווינטשן ווערט מען ניט רייך; פון באַרשט מיט ברויט ווערן די באַקן רויט; זי פלאַטערט פון צאַרן, פון בלוט איז זי רויט (אַנסקי); זיי קייקלען זיך פון געלעכטער; פון פיל ריידן קומט אַרויס ליידן; אַ בעל־מלאכה שטאַרבט ניט פון הונגער; דאָס קומט פון אַ גוט־אויג; ער שמעלצט זיך פון נחת; פון לעצטן טיפוס איז אַ קראַץ אין קאָפּ געבליבן (ש״ע); ער איז אומגעקומען אין פרייען פעלד פון פראָסט אָדער פון הונגעריקע וועלף (ווייסנבערג).

פאַרן עלטערן לשון און אויך צום טייל פאַרן פוילישן יידיש איז דאָ כאַ־ראַקטעריסטיש די פּרעפּאָזיציע אויס (זען יידישע שפּראַך, ב׳ IV, ז׳ 29). זייער אָפט האָבן מיר דאָ די פּרעפּאָזיציע פאַר (מיר האָבן בדעה זיך אָפּצושטעלן אויף דעם אין איינעם פון די קומעדיקע נומערן).

דאָ טרעטן מיר אָפּ אַ ביסל אין אַ זייט און דערמאָנען די צונויפגעזעצטע פּרעפּאָזיציע פון וועגן וואָס קומט פון ביידע זייטן זאַכוואָרט אָדער סובסטאַנ־טיווירונג. אין דער עלטערער שפּראַך איז געגאַנגען צוזאַמען פון וועגן און דערנאָך איז ערשט געקומען דאָס זאַכוואָרט. דער באַטייט איז דאָ: דער צ י ל, דער צוועק, דער מאָטיוו. עס ווערט דורך דעם געוויזן צ ו ל י ב וועמען אָדער וואָס, לטובה צי לרעה עפּעס ווערט געטאָן אָדער קומט ניט פאָר. דאָ זיינען דוגמאות:

פון וועגן געלט גייט קיין שידוך ניט אָפּ, פון געלט וועגן גייט קיין שידוך ניט אָפּ; טו עס, גאָט, פון וועגן די קליינע קינדער; גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן פון די קליינע קינדערס וועגן; האָט דער קיסר אַריינגעשיקט שלוחים אויב עס איז דאָ חדרים פון זיינעט וועגן און פון זיינע לייט וועגן, אַזוי ווי אַ קיסר שטייט אָן (שבחי בעשט, יאַס, 1843); אין דער שטוב איז שוין יאָ געשטאַנען עטלעכע בענקלעך פון אנשים מכובדים וועגן (לינעצקי); די באַשרייבונג מאַך איך ניט פון אַ מעשׂה וועגן (לינעצקי); געהייסן איטלעכן מקיים פּסק זיין גלאַט אַזוי זיך פון זיין כּבוד וועגן (ממו״ס); אויף יענער וועלט איז דאָ אַ גן־עדן פון יידנס וועגן געוויינטלעך (ש״ע); ער וועט אַלץ פון אונדזערט וועגן שאַפן, זונעניו (ש״ע); די גויע האָט שטאַרק דעם אויוון געהייצט אויף שבת פון דעם יידנס וועגן (אש); צעטריבן די שוואַרצע כמאַרעס אין אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט פון קידוש לבנה וועגן (לינעצקי); צו וואָס דאַרף עס יונעסקאָ וויסן? אָט גאַרניט, פון קולטור וועגן, פון תּורה און חכמה וועגן (אַ. צייטלין).

מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט אַזוי פיל זאַצן כּדי אַרויסצוהייבן דעם פון וועגן וואָס ווערט לעצטנס שטאַרק פאַרגעסן אין אונדזער ליטעראַטור־שפּראַך. געוויינטלעך האָט דאָ גובר געווען די פּרעפּאָזיציע פאַר; עס טרעפט זיך אָפט צוליב און אין דעם ניט געניג פּינקטלעכן לשון — איבער און מחמת וואָס דאַרפן דינען צו ווייזן די סיבה און ניט דעם ציל.

4. פון פאַרבינדט דעם אָ ב י ע ק ט מיטן צייטוואָרט נאָך די ווערבן: ריידן, דערציילן, שמועסן, אויסזאָגן, הערן, דערוויסן זיך, וויסן, לאַכן, טראַכטן, קלערן, חלומען, טרוימען, היטן, באַוואָרענען און אַנדערע מיט ענלעכע באַטייטן. דאָ קענען אויך צוגערעכנט ווערן די ווערבן: שטאַמען, וואַקסן, אַרויסקומען, וואָס קענען אָבער אויסגעטייטשט ווערן ווי פּרט־פאַלן פון די פּונקטן 1 און 3. פון קומט אויך נאָך פּרעדיקאַטיווע אַדיעקטיוון ווי: פריי, אָפּהענגיק, צופרידן און נאָך עטלעכע. דאָ זיינען דוגמאות:

לאזן אונדזערע קינדער וויסן פון א לעבן אויף דער וועלט (ווארשאווסקי); ער האט פון דעם גארניט געטראכט; געשמועסט פון דער ווייטער נסיעה (ש״ע); א נאכט א גאנצע טרוימען זיי פון קינדער און פון פייגעלעך (ניידוס); ער חלומט פון דעם פרילינג אין די קאלטע נעכט; איצטער וועלן אלע מיידלעך אפלאכן פון דיר (סעגאלאוויטש); מיר האבן שוין געהערט פון דעם גרויסן גליק; זאל גאט היטן פון אלע שלעק און בייזע באגעגענישן; דאס שטאמט פון אט דעם קליינעם וועווריק (ש״ע)[2]; פריי פון טרויער און פון קומער (פרוג); צופרידן פון זיך אליין, פון דער גאנצער וועלט (ממו״ס); הער אויף חוזק צו מאכן פון אים.

דאָ קען אָפט קומען די פּרעפּאָזיציע וועגן, עס טרעפט זיך די זעלטענערע פּרעפּאָזיציע מכּוח. אין געוויסע פאַלן קען דאָ קומען די פּרעפּאָזיציע איבער[3] און אויך פאַר.

5. די פּרעפּאָזיציע פון האָט די פונקציע צו ווייזן די צ אָ ל און די מ אָ ס; דאָס איז דער ק וו אַ נ ט י ט אַ ט י וו ע ר פון. ער טרעפט זיך זייער אָפט און פארשאפט ניט קיין שוועריקייטן, למשל:

א גוטער וועג פון הונדערט מייל; א שטיק סחורה פון פינף ארשין; א מויער פון צוואנציק גארנ(ס); א ווייס האנטעך פון פינעף איילן פאר א גארטל (פאלקס־ביכל, לויט שטיפן); א זקן פון עטלעכע און זיבעציק יאר; א מויד פון דרײַסיק יאר; א באגעגעניש פון א פאר מינוט.

מע דאַרף דאָ געדענקען די קאָנסטרוקציעס: פינף קילאָמעטער די לענג, צוויי פוס די הייך, פינף צאָל די ברייט אאַז״וו, ווו די פּרעפּאָזיציע פון איז ניט שייך.

6. די פּרעפּאָזיציע פון האָט די פונקציע צו ווייזן דעם ש ט אָ ף פון וואַנעט אַ זאַך איז גענומען, דעם מ אַ ט ע ר י אַ ל פון וואַנעט עפּעס איז געמאַכט; דאָס איז דער ק וו אַ ל י ט אַ ט י וו ע ר פון. אין דער עלטערער שפּראַך און צום טייל אין פּוילישן דיאַלעקט ווערט דאָ גענוצט די פּרעפּאָזיציע אויס (זען ייִדישע שפּראַך, ב׳ IV, זז׳ 28־29). פאַרשטייט זיך אַז דאָ קען מען גאַנץ אָפט דעם פון מיטן נאָמען פון שטאָף אָדער מאַטעריאַל פאַרבייטן אויף אַן אַדיעקטיוו מיטן סופיקס ־ן (־ען). דער קוואַליטאַטיווער פון טרעפט זיך גאַנץ אָפט, למשל:

זי האט זיך אויפגענייט א קלייד פון זייד; די גאלקע צום שטעקן איז פון זילבער; זי טראגט א בראשקע פון בורשטין; דער סערפ איז פון שטאל, די סאכע פון אייזן (פרוג); פון בעזנבלעטער דינינקע די חופה איז געשפינט (ניידוס); פון א הונט קען מען אפילו קיין גוטן פעלץ ניט מאכן; מלבושים פון אטלעס; פון די אותיות שטעל צונויף ווערטער אין פון די ווערטער א זאץ; צוויי טולפעפס האט ער: איינער איז א יענאטענער, דער אנדערער איז פון פיזעם (ש״ע); א קראנץ פון פעלד־בלומען; א קאבריצע פון פארביקע שטיקלעך.

---

[2] דער פאל קען אויסגעטייטשט ווערן ווי א פרט פון פונקט 1.

[3] באזונדער אפט ביי י. ל. פרצן, ווי נחום שטיף האט שוין אנגעוויזן, למשל אין די זאצן: „ער שלאפט און חלומט איבער א וועלט״, „איך האב א מיאוסע טבע געקריגן: איבער וואס איך זע האב איך ליב צו קלערן״.

ווען עס קומען צו אדיעקטיוון צום נאמען פון שטאף אדער מאטעריאל קען מען אט די פארבינדונג מיט פון ניט פארבייטן דורך אן אדיעקטיוו, נאר זי בלייבט ווי דער איינציקער מיטל אנצווייזן אויפן שטאף אדער מאטעריאל.

7. די פרעפאזיציע פון קומט נאך די פארגלייכגראדן, נאך ק א מ פ א ר א־ט י ו ו און ס ו פ ע ר ל א ט י ו ו. דא איז פון נאטירלעך און נארמאל, הגם מע קען אים פארבייטן מיט אנדערע פרעפאזיציעס. נאך סופערלאטיוו קען קומען צווישן און זעלטענער אויך אין (ווען מען האט צו טאן מיט ארט־ און צייט־באגריפן: די שענסטע אין דער וועלט, דאס בעסטע אין אלע צייטן). נאכן קאמפאראטיוו קומט זייער אפט די פרעפאזיציע פאר און עס קומען אויף א ניט ווייניקער נאטירלעכן אופן די קאניונקציעס ווי און איידער.[4] אין דער עלטערער שפראך און דיאלעקטיש טרעפט מען אויך אז און ווידער.[5] ניט גע־קוקט אויף די אנדערע מיגלעכקייטן, קען ניט זיין קיין גרייז אין ניצן די פרעפאזיציע פון נאך די ביידע פארגלייכגראדן. דאס פארבייטן מיט אנדערע פארבינדווערטער איז בלויז א פראגע פון סטיל און פון דער געטריישאפט צו דער אייגענער מוטערשפראך. מיר ברענגען דא א צאל דוגמאות פארן פון:

א מענטש איז א מאל שטארקער פון אייזן און א מאל שלאפער פון א פליג; א געמאכטע מכשפה איז ערגער פון אן אמתער; ווען פרייט זיך א הויקער? ווען ער זעט א גרעסערן פון זיך; גרינגער פון שטרוי, פון א פעדערל; מיין פאן איז שענער פון אלע פאנען, מיין עפל איז רויטער פון אלע עפל, מיין ליכטל איז גרעסער פון אלע ליכטלעך (ש״ע).

דאס ערגסטע פון דער תוכחה; דאס בעסטע פון די עשר־מכות; דער גרעסטער גביר פון שטאט; דאס שענסטע קינד פון דער גאנצער משפחה; דער מינדסטער פון די אומות העולם (ממו״ס); די גרעסטנסטע פון די ציטירטע פארמולירונגען.

אויב מיר טרעפן אזעלכע קאמפאראטיוון ווי העכער אדער קארגער, וואס נאך זיי טרעפט זיך ניט דער פון (ביי געציילטע שרייבערס, דאכט זיך בלויז פון אוקראינע און מזרח־גאליציע) באטייט עס אז דא האבן די דערמאנטע קאמ־פאראטיוון באקומען צום טייל דעם כאראקטער פון א פרעפאזיציע אדער דינען גלייכצייטיק ווי די פרעפאזיציע, זיי זיינען — לאמיר ניצן א האמעטנע ווארט — פרעפאזיציאנירט געווארן. א פאר ביישפילן, גענומען פון נ. שטיפן:

עס האט אונדז געווארפן העכער הייזער (ש״ע); די קלויסטערשפיצן האבן געשטעקט העכער די דעכער, העכער אלע שטאטישע געשטאלטן (בערגעלסאן); זיין ווייב האט אים קארגער א יאר נאך דער חתונה געבוירן א יאטל (ש״ע).

אויך פאר ביאליקן איז כאראקטעריסטיש העכער דעכער. ביי מיר איז פארצייכנט פון דער ריידשפראך פון פאדאליער און וואלינער יידן: העכער הייזער, העכער די שפיצן, העכער וואלקנס.

[4] דאס איז באזונדער כאראקטעריסטיש פארן ליטווישן דיאלעקט.

[5] נחום שטיף האט אנגעוויזן אז אז און ווידער „זיינען די עלטסטע אין דער יידישער שפראך. מיר טרעפן זיי ביי פארגלייכן שוין אין שריפטן פון 16טן יארהונדערט", יידישע סטיליסטיק, 1930, ז' 15.

8. די פּרעפּאָזיציע פֿון קומט אין דער פֿולער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע און ווײַזט אויף דעם טוער פֿון דער פּאַראַלעלער אַקטיווער פֿאָרעם: דער קראַנ־קער ווערט געהיילט פֿון דעם דאָקטער — איבערגעקערט פֿון: דער דאָקטער היילט דעם קראַנקן. די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע מיט פֿון איז אַן אַבסאָלוט לע־גאַלע פֿאָרעם אין דער יידישער גראַמאַטיק. בכן קען מען ריידן וועגן אַ פּאַסיווישן פֿון, ד"ה וועגן אַזאַ פֿון וואָס קומט בײַ דער פֿולער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע. דער סוביעקט פֿון זאַץ אין אַקטיוו ווערט מגולגל אין אַן אָביעקט פֿון דעם זאַץ אין פּאַסיוו, פֿון דעם נאָמינאַטיוו ווערט אַ דאטיוו מיט דער פּרעפּאָזיציע פֿון, זעלטענער דורך.

מע דאַרף נעמען אין באַטראַכט דעם חילוק צווישן דער טיילווײַזער און דער פֿולער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע. די טיילווײַזע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע קען זײַן אויך פֿון ווערבן וואָס זײַנען ניט קיין טראַנזיטיווע, למשל: אוי, ווערט דאָ געכראָפּעט! אָבער די פֿולע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע קען געמאָלט זײַן נאָר בײַ טראַנזיטיווע ווערבן.

אין דעם גערעדטן לשון טרעפֿט זיך די פֿולע פּאַסיווע קאָנסטרוקציע אַ סך ווייניקער ווי אין דער געשריבענער שפּראַך, אין ביכער און צײַטונגען. עס איז ניט אונדזער כּוונה איצט זיך צו פֿאַרנעמען מיט דער שאלה, ווען זאָל מען און ווען דאַרף מען ניט ניצן אָט די סיסטעם וואָס איז גאַנץ אָפֿט האַמעטנע און וואָס עס איז גרינגער זי צו פֿאַרבײַטן מיטן אַקטיוו. פֿון פּשוטע רייד זײַנען דאָ ווײַטער פֿאַרצייכנט דוגמאות פֿון דער פֿולער פּאַסיווער קאָנסטרוקציע, למשל:

ער איז פֿארשאלטן געוואָרן פֿון גאָט; זי איז געבענטשט געוואָרן פֿון זײַן ליבן נאָמען; די שטאָט איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון שׂונא; איך דערקען אים פֿון דער ווײַט, אָבער איך ווער פֿון אים ניט דערקענט; זע ווי אַלץ ווערט באַשײַנט פֿון דער זון; דער אויסוואָרף איז פֿאַרגעסן געוואָרן פֿון גאָט און פֿון לײַט.

9. אַ באַזונדער וויכטיקע פֿונקציע פֿון דער פּרעפּאָזיציע פֿון באַשטייט אין אויסטיילן אַן איינס פֿון אַ קאָלעקטיוו, איינעם אָדער עטלעכע פֿון אַ גרופּע, אַ חלק פֿון אַ גאַנצקייט, אַ קלענערע צאָל פֿון אַ גרעסערער, אין לאָ־גישע מיגלעכקייט פֿון פֿאַרשיידענע געגעבענע פֿאַלן. האָבן מיר דעמאָלט צו טאָן מיטן פּאַרטיטיוון פֿון. אָט דעם מין פֿון קען מען אָפֿט פֿאַרבײַטן מיט דער פּרעפּאָזיציע אין און אויך מיט צווישן. מיר ברענגען די ווײַטערדיקע דוגמאות:

איינער פֿון אײַך זאָל עס גלײַך טאָן; איינער פֿון די קנויטן פֿינקלט (יהואש); איינער פֿון זיי איז אַ יונגער געווען (מאַני לייב); גיט מיר עפּעס פֿון דעם מין; אין איינעם פֿון די זומערדיקע טעג; אין אַ פּאָר פֿון אָט די אוונטן זײַנען מיר געזעסן צוזאַמען; אין צוויי פֿון די הײַזער זײַנע דאַרף מען דורכפֿירן אַ רעמאָנט; אויסלערנען איינע פֿון די חכמות (ממו"ס).

ער איז פֿון די נגידים אין שטעטל; טענצער איז געווען אַ מאָל פֿון די געהוי־בענע סוסים (ממו"ס); מיר זײַנען ביידע פֿון איין משפּחה.

דאָ קען אויך געמאָלט זײַן דאָס פֿאַרקערטע, ניט דאָס אַרויסנעמען איינס

אָדער א חלק פון א גרופּע אָדער אַ גאַנצקייט, נאָר דאָס צונויפשטעלן דאָס גאַנצע פון טיילן, פון חלקים, למשל:

דער זאַק באַשטייט פון צוויי טיילן; פון קערנדלעך א הייפּעלע, פון טראָפּעלעך א טייכעלע; פון א פוס איז שוין געוואָרן ביי אים א מענטש, פון א מענטש — „מענטשעלעך"! (ש"ע).

דאָ איז באַזונדער אינטערעסאַנט דער חילוק צווישן דעם אַקוזאַטיוו נאָך א טראַנזיטיוון ווערב און דעם פּאַרטיטיוו פון, למשל: איך לייען דאָס בוך (דאָס גאַנצע), איך לייען פון דעם בוך (א טייל פון דעם גאַנצן בוך); עסט די גערעכטן (אַלע), עסט פון די גערעכטן (כאָטש עפּעס, אַ טייל); איך האָב אים געגעבן די עפּל (אַלע), איך האָב אים געגעבן פון די עפּל (נאָר א טייל) אאַז"וו. דאָ דאַרף מען פאַרצייכענען די אויסדרוקן: ער האָט פון כל־טוב, פון אַלעם גוטן (כל־טוב און אַל דאָס גוטע איז אַזוי פיל און גוט אַז אפילו א טייל איז די והותר).

אין אונדזער צוזאַמענהאַנג דאַרף מען אויך דערמאָנען די פאַרבינדונגען: איטלעכער פון און יעדערער פון, וואָס זיי צעטיילן דאָס גאַנצע אויף אַלע באַזונדערע חלקים.

10. ווי דעם אחרון אחרון חביב האָבן מיר געלאָזן דעם אַטריבוטיוון פון, דעם פון וואָס מיט אים הייבט זיך אָן די אַטריבוטיווע פראַזע, ד"ה די ווערטער־פאַרבינדונג וואָס ציט זיך צו אַ זאַכוואָרט. אין דער אַטריבוטיווער פראַזע, וואָס זי קען זיך אָנהייבן מיט אַ גרויסער צאָל פּרעפּאָזיציעס, איז דאָך פון דער אָפּטסטער גאַסט. דאָ קומט אויס זיך אָפּצושטעלן אויף באַזונדערע גרופּעס:

א. פאַרשיידענע אַטריבוטיווע פראַזעס: א מזל פון א גביר, א מציאה פון אַ גנב, אַ הולך פון אַ בטלן, אַ לשון פון אַ מאַרק־ייִדענע, אַ שטערן פון א בעל־מוח (ממו"ס); אַ מתנה פון זיין ליבן נאָמען, א קרוב פון דער מאַמעס צד; דער מלך פון קאָרטן, די אוצרות פון ווינט; ער האָט אין זיך ניט אַפילו קיין אָדער פון אַ פּרינץ (ממו"ס); א פּרינץ פון די אַמאָליקע פּרינצן (ש"ע), א רויז פון רויזנלאַנד; פון טאָג פון געבאָרן ביזן טאָג פון פאַרלאָרן האָט ער ניט געהאַט קיין גליקלעכע רגע; ער טראָגט אַ קאַפּאָטע פון אַלטן פאַסאָן.

די פּונקטן 5 און 6 קענען זיך אויך ביז אין אַ געוויסער מאָס אריינרעכענען אין אָט דער גרופּע.

ב. אַ גרונטשטריך פון דער ייִדישער גראַמאַטיק איז דער פאַקט וואָס נעמען פון אומבאַלעבטע זאַכן האָבן ניט דעם געניטיוו אָדער פּאָסעסיוו, אָדער פּינקטלעכער: פון דעם גערמאַנישן געניטיוו זיינען פאַרבליבן אין ייִדיש עטלעכע רעשטלעך [6] און דער עיקר בלויז דער פּאָסעסיוו פאַר נעמען פון באַלעבטע זאַכן. אַנשטאָט דער סינטעטישער פּאָסעסיוו־פאָרעם פון נעמען פון

6 למשל, פּטור ווערן זיינער.

אומבאַלעבטע זאַכן ניצט מען פון מיטן דאַטיוו, למשל: עס לאָזט זיך ניט זאָגן אין געוויינטלעכע רייד „דעם טישס פיסל" איז צעבראָכן, נאָר — דאָס פיסל פון דעם טיש איז צעבראָכן; ווען מע ניצט „דעם טישס פיסל" פּערזאָניפיצירט מען דורך דעם דאָס זאַכוואָרט טיש (לאָמיר זאָגן אין א קינדער־מעשׂהלע אַ־לאַ אַנדערסען). עס לאָזט זיך קוים זאָגן „דער שאַפעס ברייט", נאָר מע דאַרף ניצן — די ברייט פון דער שאַפע, ווי ביי ש"ע: אַט האָט איר אייך די ברייט פון דער שאַפע. אויף אַזאַ אופן באַקומען זיך אַן אַ סוף פאַרבינדונגען צווישן צוויי זאַכווערטער מיט פון אין דער מיט, למשל: די הייזער פון דאָרף, דער טויער פון שטאָט, א וועלט פון פעלדער און וועלדער, דאָס ברומען פון ווינט, דאָס קלינגל פון דעם מעסערל, א קנויט פון אַ לעמפּעלע, דאָס שווייגן פון א שטיין, דער שאָטן פון שלייער, די ביטערקייט פון דער ארבעט, דאָס גערעטעניש פון די ברייטע פעלדער, זכרונות פון פאַרגאַנגענע יאָרן אאַז"וו אאַז"וו.

פאַרשטייט זיך אַז אין געוויסע פאַלן קען מען דעם מין פאַרבינדונגען אויסדריקן אויך אויף אַנדערע אופנים: דורך א צונויפהעפט פון דיביידע טיילן אָדער דורך אַן אַדיעקטיוו,[7] אָבער דאָס מינערט ניט די וויכטיקייט פון דעם דאָזיקן פּונקט וואָס איז אַן עיקרדיקער ענין אין דער יידישער גראַמאַטיק.[8]

ג. אַנשטאָט דעם פּאָסעסיוו פון נעמען פון באַלעבטע זאַכן קען אויך קומען פון מיטן דאַטיוו, אויב דאָס פאָדערט:

(1) דער ריטעם פון זאַץ;

(2) אַ ספּעציעלע באַטאָנונג, א לאָגישע אָדער פּסיכאָלאָגישע אַקצענטירונג פון איין טייל אָדער פון ביידע טיילן פון דער פאַרבינדונג צווישן די זאַכווערטער;

(3) די סינטאַקטישע קאָנסטרוקציע פון דעם גאַנצן זאַץ;

(4) אַ געוויסע אומבאַקוועמלעכקייט אין דער פאָרעם פון פּאָסעסיוו.

מיר ברענגען דוגמאות פאַר די פיר פאַלן ווען מע דאַרף האָבן די קאָנסטרוקציע מיט פון:

(1) גאָט פון אַברהם, פון יצחק און פון יעקב, באַהיט מיך און דיין פאָלק ישׂראל . . . — ווי נאָר מיר זאָלן פּרווון זאָגן „אַבֿרהמס, יצחקס און יעקבס גאָט . . ." דערפילן מיר גלייך ווי עס ווערט צעשטערט דער זינגעוודיקער ריטעם פון דער תּחינה און עס באַקומט זיך אויסטערליש שווער און האַמעטנע; און דער פייף / פון דעם יינגל / האָט דורכגעהאַקט / אַלע הימלען

---

[7] למשל: דאָרפהייזער, שטאָטטויער, שלייער־שאָטן, אדער דאָרפישע הייזער, שטאָטישער טויער, שלייערשער שאָטן א"א. וועגן דעם ענין רעדט זייער באַריכותדיק נחום שטיף, זען ייִדישע סטיליסטיק, זז' 18—22, און יידישע שפּראַך, קיעוו, נומ' 5־6, שפּאַלטן 14—27.

[8] מיין שול־גראַמאַטיק אין ביישפּילן און אויפגאַבעס, קאָוונע, 1921, ווייזט שוין אַן אויף דעם גרונטשטריך וואָס ווערט דאַ באַטראַכט.

(אַנסקי) — דער זאַץ באַשטייט פֿון פֿיר גלײַכע ריטמישע אײנסן, „און דעם ייִנגלס פּייַף . . .״ וואָלט עס צעשטערט; דאָס לעבן / פֿון דעם מענטש / איז אַ ניגון (פּרק) — דאָ האָבן מיר דרײַ קורצע און גלײַך קאָנסטרויִרטע אײנסן, וואָס אַלע דרײַ ווערן זיי אַקצענטירט.

(2) געוויינטלעך דאַרף מען זאָגן: ביילעס צורה, אָבער ווען ממו״ס וויל אַרויסהייבן דאָס געפֿיל וואָס דער פֿאַרליבטער הערשעלע לעבט דורך ווען ער דערזעט זי און דערקענט אַז דאָס איז זי, דערציילט ער אַז זײַן העלד זעט: די ליכטיקע צורה פֿון ביילען; בעסער אַ פּאַטש פֿון א חכם איידער אַ קוש פֿון א נאַר — די אַקצענטשטעלונג חכם—נאַר וואָלט פֿאַרלאָרן געגאַנגען, אויב דאָס שפּריכוואָרט וואָלט געווען „בעסער אַ חכמס אַ פּאַטש איידער אַ נאַרס א קוש״; אויף די פּנימער פֿון די מענטשן איז געווען אויסגעגאָסן אַ מרה־שחורה — „אויף די מענטשנס פּנימער . . .״ וואָלט ניט געווען קאָנטיק אַז די אַקצענטירונג איז אויף מענטשן;

(3) איך האָב ניט הערשבערגס אַדרעס, אָבער — איך האָב ניט דעם אַדרעס פֿון הערשבערגן וואָס האָט זיך אַריבערגעקליבן אויף אַן אַנדער דירה; דעם פֿאַרשוינס ווערטער, אָבער — די ווערטער פֿון יענעם מאָדנעם פֿאַרשוין; מע קען זיך פֿאָרשטעלן די ביטערע, פֿינצטערע לאַגע פֿון אונדזער מחבר (ש״ע) — אָבער ס׳איז א ביסל שווערער: מע קען זיך פֿאָרשטעלן אונדזער מחברס ביטערע, פֿינצטערע לאַגע;

(4) פּירונגען פֿון מאמעס און באָבעס, אָבער עס איז אומקלאָר: מאַמעס און באָבעס פּירונגען (איז מאַמעס און באָבעס אין אײנצאָל אָדער אין מער־צאָל?); די קאָמעדיעס פֿון דעם שאַרפֿזיניקן אַריסטאָפֿאַנעס, אָבער עס איז ניט גערעדט: דעם שאַרפֿזיניקן אַריסטאָפֿאַנעסעס קאָמעדיעס; אין לאַנד פֿון זייערע אָבות, אָבער עס איז ניט מיגלעך: „אין זייערע אָבותעס לאַנד״; די נחלה פֿון די ראַבינאָוויטשעס, אָבער ניט אויף אַן אַנדער שטייגער.

ד. פֿון מיטן דאַטיוו מוז קומען אין יענע פֿאַלן, ווו דאָס ניצן דעם פּאָסעסיוו וואָלט פֿאַלש אויסגעדריקט דעם געדאַנק פֿון ריידער און וואָלט פֿאַרפֿירט דעם הערער.[9] ווען אַ מיידל וויל זאָגן אַז זי קען שוין מער ניט פֿאַרטראָגן די צרות וואָס זי האָט פֿון איר געליבטן, טאָר זי דערבײַ ניט זאָגן „מײַן געליבטנס צרות״, נאָר זי מעג זאָגן: די צרות פֿון מײַן געליבטן קען איך ניט פֿאַרטראָגן. אין וואָס באַשטייט דער באַטײַטיקער חילוק צווישן פּאָסעסיוו און דער קאָנסטרוקציע פֿון מיטן דאַטיוו? דער פּאָסעסיוו איז אײנ־באַטײַטיק און פֿאַרבײַט בלויז דעם סוביעקט פֿון זאַץ וואָס קלערט אויף, וויקלט פֿונאַנדער די פֿאַרבינדונג צווישן פּאָסעסיוו און זאַכוואָרט;[10] פֿון מיטן

[9] ווען מיר וואָלטן גערעדט וועגן פּאָסעסיוו, וואָלטן מיר דאָס אייגענע פֿאָרמולירט אי־בערגעדרייטערהייט: דער פּאָסעסיוו מוז קומען אין די פֿאַלן, ווו דאָס ניצן פֿון מיטן דאַטיוו קאָן ניט גענוג קלאָר און אײנדײַטיק אויסדריקן דעם געדאַנק פֿון ריידער און איז מסוגל צו פֿאַרפֿירן דעם הערער.

[10] יעדער בײַטייל פֿון זאַץ קען אויסגעברייטערט ווערן אין א זאַץ פֿאַר זיך, אזוי אויך

דאַטיוו קען זײַן צווייבאַטײַטיק און קען פֿאַרבײַטן הן דעם סוביעקט הן דעם אָביעקט פֿון זאַץ וואָס זאָל קומען אַנשטאָט דעם בײַטייל. מיר גיבן נאָך צוויי בײַשפּילן:

דער אַלטער מוטערס נחת — קען באַטײַטן בלויז איין זאַך: די אַלטע מוטער האָט נחת; דער נחת פֿון דער אַלטער מוטער — קען באַטײַטן דאָס זעלביקע וואָס פֿריער, אָבער אויך אַז די קינדער, לאָמיר זאָגן, האָבן נחת פֿון דער אַלטער מוטער. די בעלי־בתּימס כּבוד — קען באַטײַטן בלויז איין זאַך: די בעלי־בתּים קריגן כּבוד; דער כּבוד פֿון די בעלי־בתּים — קען באַטײַטן דאָס אייגענע וואָס פֿריער, אָבער אויך אַז זיי, די בעלי־בתּים, גיבן אָפּ כּבֿוד, לאָמיר זאָגן, דעם רבֿ.

מע קען אפֿשר אָננעמען אַז אָט דער פּונקט ד איז מובֿן מאליו, אָבער דאָך איז אונדז דאָ נייטיק אַרויסצוהייבן דעם באַטײַטיקן חילוק צווישן די ביידע קאָנסטרוקציעס.

ווי מיר האָבן געזען האָט די פּרעפּאָזיציע פֿון גאַנצע צען פֿאַרשיידענע פֿונקציעס, און זי קומט זייער אָפֿט אין יידישן זאַץ, אַפֿילו ווען מע ניצט ניט קיין איבעריקע פֿונען.[11] צו פֿיל און כּסדר ניצן פֿון מאַכט דעם זאַץ האַ־מעטנע. נאָך ערגער איז מיט ג ר ײַ ז י ק ע פֿונען, ווען מע שטעלט אָט די פּרעפּאָזיציע דאָרטן וווּ זי טאָר ניט זײַן. אויף צוויי שטחים טרעפֿט מען אָפֿט פֿאַלשע פֿונען: (1) נאָכן אינפֿיניטיוו פֿון טראַנזיטיווע ווערבן, ווען מע דאַרף שטעלן דעם אַקוזאַטיוו און מע טאָר ניט ניצן די פֿאַרבינדונג פֿון מיטן דאַטיוו; (2) בײַ אַ קוואַנטום־ אָדער כּמות־פֿאַרבינדונג צווישן צוויי זאַכווערטער. דוגמאות:

(1) „די פֿאָדערונג מאַכט שווער דאָס צוזאַמענשטעלן פֿון אַ קאָאַליציע־רעגירונג“ (פֿון אַ וואָכנבלאַט) — צוזאַמענשטעלן איז אַ טראַנזיטיווער ווערב און דער זאַץ ווערט אַ ריכטיקער, ווען מע נעמט אַרויס דעם פֿון; „מיטן פֿאָרשן פֿון דער אַלט־פֿראַנצייזישער שפּראַך . . .“ (פֿון אַ בוך) — פֿאָרשן איז אַ טראַנזיטיווער ווערב, דער טעקסט האָט אין זינען די שפּראַך בכלל און ניט קיין באַזונדערע דערשײַנונג פֿון אָט דער שפּראַך (זען פּונקט 9), בכן דאַרף דאָ זײַן: מיטן פֿאָרשן די אַלט־פֿראַנצייזישע שפּראַך.

וועגן אָט דעם פֿאַלשן פֿון איז אויסגעקומען צו ריידן שוין עטלעכע מאָל אין יידישע שפּראַך און זיך אָפּצושטעלן אויף דעם אין דעם אַרטיקל „אַ פּעקל פּרימיטיווע גרײַזן“, פּונקט ט (ב׳ V, ז׳ 69).

(2) „ווי גרויס עס איז דער פּראָצענט פֿון בירגערס“ (פֿון אַ וואָכנבלאַט)

---

דער פּאָסעסיוו וואָס איז אַן אַטריבוט: אַנשטאָט ׳דער מוטערס פֿרייד איז גרויס׳ — די מוטער האָט פֿרייד, די פֿרייד איז גרויס; ׳די פֿרייד פֿון דער מוטער׳ קען פֿונאַנדערגעוויקלט ווערן אויף צוויי אופֿנים: די מוטער האָט פֿרייד, מען האָט פֿרייד פֿון דער מוטער.

[11] איבעריקע זײַנען יענע פֿונען וואָס מע קען זיי פֿאַרבײַטן מיט אַנדערע פּרעפּאָזיציעס אָדער וואָס מע קען אויסקומען אָן זיי, אויב מע בויט איבער דעם זאַץ. זען נחום שטיפֿס שוין דערמאָנטע אַרבעטן.

— דארף זיין: . . . דער פּראַצעזנט בירגערס; „אין דעם שלל פון העברעיזמען און ארכאַיזמען פון דער דאָזיקער שפּראַך" (פון א בוך) — דער ערשטער פון איז א פאַלשער, דאָ דארף זיין: אין דעם שלל העברעיזמען און ארכאַיזמען פון . . .

וועגן דעם מין פאַלשן פון וועט זיין באַריכות די רייד אין א באַזונדערער אַרבעט וועגן דער כּמות־פאַרבינדונג צווישן צוויי זאַכווערטער.

## שמועסן וועגן העברעיש־יידיש און יידיש־העברעיש *

### פון יהודה עלזעט

### II. „בלשון העם", „בלשון הדבור", אנשטאָט צו זאָגן יידיש

אונדזער מיינונג אַז דער אויסדרוק פלג־גוף איז ריין יידיש (ערשט לעצטנס אריין אין העברעישע ווערטערביכער) קען אויסקומען אויסטערליש און ווי עפּעס אַזוינס וואָס לייגט זיך גאָרניט אויפן שכל, באַזונדער צוליב דעם וואָס ׳פלג׳ און ׳פלג־גופא׳ זיינען אראַמעיש. געפינען מיר אָבער אין יידיש גאַנצע שפּריכווערטער אין אראַמעיש, און זיי זיינען ניט קיין ציטאַטן פון אַלטע העברעיש־אראַמעישע ספרים. אָט איז למשל: „אינש באינש פגע, טורא בטורא לא פגע".[22] אין מיין יוגנט פלעג איך גאַנץ אָפט הערן: „נגיד פרזלא כד רתח". נער הייתי וגם זקנתי און איך האָב אַלץ ניט געפונען קיין מקור דערפאַר, אויסער דעם רוסישן „קוי זשעלעזאָ פּאָקאַ גאָריאַטשאָ" — און זיינע עקוויוואַלענטן.[23]

---

* דער אנהייב פון דעם ארטיקל איז געדרוקט אין פריערדיקן נומער יידישע שפּראַך.

[22] פאראַן אויך דער נוסח: טורא בטורא לא פגע, אינש באינש פגע. דאָס זעלביקע שפּריכוואָרט גיט אַן אויף רוסיש: Т. И. Михельсон, *Русская мысль и речь*, I, 208-209. ער ווייזט אָן אויף פאַראַלעלן אין אַנדערע שפּראַכן; ער ברענגט מלה במלה אונדזער שפּריכוואָרט אין לאַטייַנישער טראַנסקריפּציע און לערנט אַז דאָס איז א „ציטאַט" פון תּלמוד. ער פאַררופט זיך אויף גערבורט רעגענס (?). טביוב, אין זיין שיינער אַרבעט אוצר המשלים והפתגמים, בערלין, תּרפ״ב, ז׳ 31, קען זיך גאָרניט אַפּוווּנדערן וואָס „בילדותי שמעתי אותו אפילו מפי בורים גמורים" און האָט זיך געחידושט ווי אַזוי מען האָט דאָס שפּריכוואָרט אין שפּעטע דורות איבערגעזעצט פון רוסיש אין אַזאַ שיינעם תּרגום־לשון. שפּעטער איז ער געוואָר געוואָרן אַז אַזאַ שפּריכוואָרט איז פאַראַן אויך אויף טערקיש, איז עס שוין ביי אים רעכט געוואָרן: עס מוז שטאַמען פון אַלטע צייטן און פון די מזרח־לענדער, און מסתּמא — איז ער זיך משער — האָבן עס פאַרשלעפּט די משולחים פון ירושלים.

איך קלייב זיך נאָך אי״ה צוריקקערן זיך צו דעם דאָזיקן שפּריכוואָרט. דערווייל לאָמיך נאָר צוגעבן אַז מיינער א בעל־הבית האָט פאַרמסרט א צווייטן, אַז ער מיינט: טורא בטורא איז דער טייַטש אַן אָקס מיט אַן אָקס (תּורא בתּורא). מע וואָלט געקאָנט צוזאַמענלייגן די לומדות פון די דאָזיקע צוויי און עס וואָלט נאָך אַלץ ניט אַנגעטראָפן קיין פאַרמעגנס. איז פאַר מיר געווען א חידוש: ווי קומט עס צו א יידן אַן עם־הארץ, ער זאָל וויסן אַז תּורא באַטייַט אַן אָקס. וואָס וואָלט טביוב דערצו געזאָגט?

[23] ביי מיכעלסאָן, דצ״ח, ב׳ I, ז׳ 487, נומ׳ 796 פון אות K. דאָרטן זיינען פאַראַן נוסחאות פון אַנדערע שפּראַכן.

מע מוז שטענדיק געדענקען אז יידן לומדים, מלמדים, ווילקענערס און מחקרים, פילאָסאָפן, מורה־נבוכים־ און בעל־עקידה־יידן, שיינע אורחים ביים שבתדיקן טיש, און ווער שמועסט נאָך יונגע־לייטלעך אויף קעסט, — זיי אַלע האָבן שטענדיק צוגעטראָגן און כסדר בייגעשטייערט צום וואָרט־אוצר פון יידיש און דעם אוצר פון וויסן פון די פשוטסטע קרייזן פון עמך.[24] דער רב פון פאַרן אָרון־קודש, דער מגיד פונעם בעלעמער,[25] פאָלקס־מלמדים ביים טיש, חברות חייטים, זובחי־צדק און כל המיני אַנדערע חברות האָבן כמעט אַלע, ווי מיר זעען עס פון פנקסים, געהאַט רביס פאַר כלערליי[26] לימודים:[27] תנך,[28] אלשיך, מנורת המאור, חובת הלבבות, משניות, פרקי־אָבות אד״גל. עס האָט זיך אָן אויפהער געצויגן אַן אויסערגעוויינטלעך אינ־טענסיווע טעטיקייט אויפן קולטורעלן געביט. היינט וואָלט מען דאָס אָנ־גערופן פאָלקס־אוניווערסיטעטן, קורסן פאַר דערוואַקסענע און מיט נאָך אַזעלכע קלינגעדיקע נעמען. און ווו זיינען די ספרים און ביכלעך ספּעציעל

[24] אין הדואר, תר״צ״ה, גליון יד (ציטירט אין קונטרסים פון חנוך ילון, שנה א, קונט׳ ב, ירושלים, תרצ״ח, ז׳ 93), האָב איך דערקלערט אַז דער אויסדרוק עמך איז באַזירט אויף מדרש רבה, שמות, לא, ה. אויפן פסוק: „אם כסף תלוה את עמי״ (משפטים, כב, 24) זאָגט דער מדרש: „אמרו ישראל לפני הקב״ה: ומי הם עמך? אמר להם: העניים, שנאמר ׳כי נחם ה׳ עמו ועניו ירחם׳ ״ (ישעיה, מט, 13). וואָס פאַר אַ פּאַטאָס אַרייַנגעפּאַקט אין אַ וואָרט פון דריַ אותיות!

[25] די מגידים האָבן זייער אָפט געהאַט אַ שטאַרקן חוש פאַר זייער יידיש. אייזיק־מאיר דיק דערציילט (דער ערסטער נאבאר, ווילנע, 1871, ז׳ 30): ווען מען האָט אָפּגע־שיקט די ערשטע גרופּע יידישע יונגע־לייט צו דינען דעם קייסער, האָבן יידן זיי געמאַכט אין אַ קרעטשמע אויפן וועג אַ געזעגעניש, אַ גאַנצע חתונה מיט קלעזמארים, כדי זיי צו טרייסטן און זיי צו דערמוטיקן. דערוויַל איז געקומען אַ שליח מיוחד און צוריקגעפירט דעם שטאָט־מגיד צו מאַכן אַ הספד אויף אַ נכבד וואָס איז נפטר געוואָרן. האָט דער שטאָט־מגיד זיך געשטעלט אויפן פסוק אין קהלת (ז, 2): „טוב ללכת אל בית אבל מלכת אל בית משתה״ און האָט אים פאַרטייַטשט אַזוי: „עס איז זייער פּאַסענד צוא קומען מספיד צוא זיין אַזאַ אַ צדיק, קומענדיק פון אַזוי אַ שמחה פון וועלכע איך קום יעצט. דען איך האָב דורך גילאַזין יעצט הונדערטע קינדער אונזערע מיט קלעזמער, מיט אגוטין מאַל צייט, איינע וואָהרע חתונה. דאָך ניט אויס גיגעבין נאָר אָפּגיגעבין. אונ עס וואַר גיוויינט אונ גיוויינט״.

[26] אַ מאָדנע מעשה: צו אַלערליי שאַפט מען נאָך אַ וואָרט — כלערליי.

[27] אין דעם ביכעלע יודען אין ליטע, ווילנע, 1871 (זעט אויס צו זיין פון אמ״ד), קריטיקירט מען די ליטווישע יידן, למאַי „יעדער צעך האָט איין באַזונדער קלייזיל מיט איין זאַגער אונ׳ דאַש פערצערט דיא צייט אונ אויך דעם גראַשין״ (ז׳ 42).

[28] דער מחבר פון צאינה וראינה האָט אויך איבערגעזעצט נביאים און כתובים אויף יידיש. די דריי גרויסע בענד טראָגן דעם נאָמען המגיד (איך האָב די צווייטע אויסגאַבע פון 1675, מיט טאַוולען פון האָלץ, איבערגעצויגן מיט לעדער און שלעסער). המגיד איז געווען אַזוי פּאָפּולער אַז אין ליטע למשל האָט מען נאָך אין אונדזערע צייטן גערופן „פסוקים״ (ד״ה נביאים וכתובים) מיטן נאָמען „מגידים״, און אַפילו אַזעלכע אויסגאַבעס וואָס האָבן גאָרניט אַנטהאַלטן קיין יידיש. דער בעל־המגיד דערקלערט אַז מע פלעגט מאַכן „מסקנות און תקנות״ מע זאָל זיך זעצן „כיתות־ווייס״ צו הערן „עשרים וארבע״ פון מגידים. אַזוי אָבער ווי ניט יעדערער קען קומען צו יעדער שיעור, האָט ער געמאַכט

פֿאַרן פֿאָלק מיט זײַנע „ורומי [29] ווײַבער און' פּוילצילש" [30] און „גימײַני לײַט",[31] די ספרים און ביכלעך וואָס זײַנען פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין אַלע ייִדישע ישובֿים דורך די פּאַקן־טרעגערס, וואָס פֿאַר זײ זײַנען אַלע בתּי־מדרשים געווען אָפֿן זיך דאָרטן פֿונאַנדערצולייגן מיט זייער סחורה? [32]

און דער דאָזיקער גאַנצער אַפּאַראַט און די סיסטעם פֿון פֿאָלקסבילדונג איז ניט געווען אָרגאַניזירט, געפּלאַנט און אַרויפֿגעצוווּנגען, סובסידירט און אויסגעהאַלטן פֿון אויבן, נאָר געשאַפֿן פֿון אָרטיקע מענטשן, אויסגעהאַלטן פֿון אָרעמע גראָשנס, פֿאַרשפּרייט אין אַלע תּפֿוצות און געהאַלטן דורי־דורות. האָט דאָס אַלץ געקאָנט בלײַבן אָן אַ השפּעה אויף דער פֿאָלקשפּראַך און דענקען?

אײַזיק־מאיר דיק האָט זיך אונטערגענומען אין זײַנע צענדליגער ביכלעך ניט נאָר צו פֿאַרווײַלן דעם עולם, נאָר דער עיקר „ללמד את העם". גיט ער צו אין זײַנע הערות ניט נאָר גמרות מיט מדרשים, נאָר כּל המיני אויפֿקלערונגען, למשל: וואָס איז „טאַבעלע דע־אָהט" (די גריזעטקע, תּרל"ז, ז' 8); וויפֿל איז אַן ענגלישע גווינע (דאָרטן, ז' 9) אד"גל. באַזונדער האָט ער געוואָלט אויסמענטשלען זײַנע „געערטע לעזערינס", וואָס האָבן באַדאַרפֿט קויפֿן די ביכלעך פֿאַר „פֿינף־זעקס קאָפּייקען" אָדער „עס לײַען אָדער נעמען אויף ניצגעלט" (הקדמה צו די אײַנגעפּראָרענע שיף). ער האָט זײ באַקאַנט געמאַכט

זײַן ספר המגיד, עס זאָל פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון לעבעדיקן מגיד . . . „ספר המגיד, כּלומר מן בדאַרף קיין מגיד".

[29] פרומע. אין העברעיש קען ניט זײַן קיין פ אָן אַ דגש אָנהייב וואָרט, דעריבער האָט מען זיך געפֿירט צו שרײַבן פֿאַרן קלאַנג „פֿ" דעם אות ו. בכל אופֿן איז דאָס מײַן השערה. בכלל דאַרף מען געניי אויספֿאָרשן די אַלטע אויסלייג־כּללים אין גטן, דעם אופֿן אָנשרײַבן די נעמען פֿון מענער, פֿון פֿרויען, פֿון שטעט און טײַכן. רבנים האָבן מיט דעם זייער פֿיל זיך פֿאַרנומען, באַזונדערש פֿון די צײַטן פֿון מהרש"ל אָן. דאָס וועט געבן אַ שליסל צו דער אַלט־ייִדישער אָרטאָגראַפֿיע. מיט יאָרן צוריק האָב איך פֿאַר־געלייגט דעם ייִוואָ אין ווילנע אַרויסצושיקן אַן אַנקעטע צו אַלע ייִדישע קהילות, אויס־צוגעפֿינען ווי אַזוי מע שרײַבט בײַ זיי אין גטן די נעמען פֿון די שטעט און די טײַכן. דאָס וואָלט געגעבן אַ וויכטיקן מאַטעריאַל צו דערגיין, ווען די קהילות האָבן דערגרייכט דעם שטאַנד צו האָבן בײַ זיך מסדרי־גיטין. אַ שאָד וואָס דער דאָזיקער פּלאַן איז ניט אויסגעפֿירט געוואָרן.

[30] בתולות, מיידלעך, פֿון איטאַליעניש pulcella.

[31] לכתּחילה האָט עס באַטײַט בלויז: פּשוטע מענטשן. די געשיכטע פֿון דעם וואָרט געמיין אין דײַטש און אין ייִדיש איז זייער באַלערנדיק. דער ערשטער באַטײַט איז: אַ פּשוטער, אַ שטילער מענטש. צו די ווערטער פֿון חומש „ויעקב איש תּם" מאַכט רש"י: „מי שאינו חריף לרמות קרוי תּם". דערנאָך ווערט פֿון דעם פּשוטן און שטילן געמיינעם מאַן — אַן עני ואביון; פֿון דעם איש תּם פֿון חומש ווערט דער תּם פֿון דער הגדה, אַ חוש, אַ חושם, אַ חושים, אַ האַלבער שוטה. דערנאָך קומט דער „איש תּם וישר" פֿון די מצבֿה־אויפֿשריפֿטן, כּלומר: אַ ייִד אַן אָרעמאַן, קוים מיט צרות דורכגעשטופּט אַ לעבן, קריגט אַ הוספֿה ערשט נאָכן טויט. (אויף קיין גבֿירישער מצבֿה האָב איך ניט אָנגעטראָפֿן די אויפֿשריפֿט: איש תּם וישר.) לסוף קומט די דריטע סטאַדיע: אַ בזוי, אַ מיאוסער מענטש, אַ נידערטרעכטיקער.

[32] מענדעלע מוכר־ספרים מיט זײַן קליאַטשע איז אַלעמען באַקאַנט. זען אויך זכרונות פֿון יחזקאל קאָטיק, ב' ו, זז' 230 א"וו, און זכרונות פֿון פּאַפּירנאָ, זז' 158 א"וו; וועגן דעם רושם וואָס האָבן אָנגעמאַכט דיקס מעשׂה־ביכלעך זען דאָרטן, זז' 164־165.

מיט הונדערטער פרעמדווערטער פון כּלערליי לשונות, וואָס זייערע אָבות־אבותינו האָבן קיין מאָל ניט געהערט. האָט ער אויסגעפונען זייער אַ פּראַקטישן אופן ווי אַזוי דאָס צו טון: נאָך יעדער אומבאַקאַנטן וואָרט האָט ער געגעבן אַרייַנגערינגלט אַ פאַרטייַטשונג. נאָך דעם וואָרט 'טרוים' גיט ער אין רינגעלעך חלום; נאָך 'דיב' קומט גנב; 'ליידנשאַפט' ווערט דערקלערט דורכן וואָרט תּאוות; 'פּשיכאָלאָגען' — „די חכמים וואָס ווייסן די נאַטורען פון דיא כּוחות הנפש"; 'רויבענעסטערין' — נאות חמס; 'צוקונפט' — עתידות; 'פלוט' — מבול; 'מוראַל' — מוסר; 'עטיק' — דרך־ארץ; 'צוזאַמען גיזעצט' — מרכּב אאז"וו (אַלץ פון נטע גנב).

דער סוחרישער קלאַס איז גאָר געווען אין דער היים אין תּנך און אין ש"ס. מ'האָט גענומען די שווערסטע תּלמודישע טעכנישע טערמינען און מ'האָט זיי באַנוצט ווי רוי־מאַטעריאַל, זיי צעקנאָטן אויף ס'נייַ, זיי געגעבן אַ נייַע פאָרעם און אַ נייַעם זינען. לאָמיר נעמען דעם אויסדרוק: איך וויל ניט האָבן מיט דיר קיין מגע־ומשא. מ'האָט לכתּחילה געזאָגט — קיין משׂא־ומתּן. איז עס אָבער געוואָרן צו פּשוט, אָן שום שאַרפקייט, אָן זאַלץ און אָן פעפער. האָט מען געגעבן אַ נעם אָן אויסדרוק אין הלכות טומאה וטהרה און אַ זאָג געטאָן קיין מגע־ומשׂא — ניט נאָר ניט האַנדלען, נאָר אַפילו ניט אָנרירן, ווי עפּעס אַ טמא זאַך!

קומט בן־יהודה און שטעלט עס טאַקע אַרייַן אין זייַן גרויסן ווערטערבוך, ז' 2789, און נאָך דעם ווי ער ברענגט דעם תּלמודישן טייַטש פון די ווערטער, גיט ער אויך צו דעם יידישן באַטייַט. ער זאָגט אַז דאָס איז ד ב ו ר ר ג י ל. לייַכט צו זאָגן דבור רגיל — ווער אָבער האָט אַזוי גערעדט: די חבֿרה „שׂפה ברורה" אָדער די „דובֿרי שׂפת עבֿר"? דאָס האָבן גערעדט יידן אין יידיש! בעלי־עגלות, זיצערקעס אין מאַרק!

ווען אין דער מלחמה פאַר עצמאות האָבן אַלע גערעדט פונעם גענעראַל אין־ברירה אָדער לית־ברירה — האָט זיך עמעצער פאַראינטערעסירט זיך נאָכצופרעגן נאָך זייַן פאַספּאָרט, אויסצוגעפינען פון וואַנען דער אין־ברירה אָדער לית־ברירה איז געקומען. אוודאי געפינען זיי זיך אין תּלמוד, זיי האָבן אָבער דאָרטן אַ גאַנץ אַנדער באַטייַט און געהערן צו אַ גאַנץ שווערער סוגיא, וואָס איך קאָן זיך דאָ ניט אונטערנעמען זי צו דערקלערן.[33] און נאָך מער: דאָס גאַנצע וואָרט ברירה האָט אין תּלמוד אַ גאַנץ אַנדער זינען ווי אונדזער יידישע ברירה. בן־יהודה (ז' 640) גיט אָן ווי דעם צווייטן באַטייַט פון וואָרט: „בלשון העם במשמע האפשרות לבחור ולקבל אחד משני דברים... אלטרנטיבה". אָבער וואָס הייסט ב ל ש ו ן ה ע ם?

די סוחרים האָבן געשאַפן אַ גאַנצע ריי אויסדרוקן און ווערטלעך וואָס

[33] דער אמאָליקע צייַטן גוט באַקאַנטער לומדישער ספר כּסף נבחר פאַרנעמט זיך מיט דער סוגיא ברירה (כּלל לג) אויף גאַנצע דרייַצן זייַטן מיט געדיכטע קליינע אותיות; ער ברענגט פון גמרא, פון מפרשים און פוסקים, און נאָך דעם אַלעם גיט ער צו נאָך אַ פּאַראַגראַף (לה): „יען כי ענין כלל ברירה אינו מתבאר יפה בלתי ידיעת כל הסוגיות השייכין לה לא הצגתיו בראש הכלל, לכן אכתוב מה ענין הברירה בקצרה" — און זייַן בקיצור פאַרנעמט אַ גאַנצן עמוד מיט קליינע טל־ומטר־אותעלעך.

זעען אויס כּמו תּלמודישע ציטאַטן. אַזוי האָבן זיי געשאַפֿן דאָס וואָרט פּדיון פאַרן טײַטש: לייזונג, לייזעכץ; זיי האָבן דערבײַ איגנאָרירט דעם חילוק צווישן אויסלייזן און לייזן. וואָס טוט בן־יהודה? ער שטויסט זיך אָן אַז דאָס איז פֿון „דײַטש״ און שרײַבט דערוועגן גלייך עס וואָלט געווען אַ העברעיִש וואָרט, ווײַל אַ שפּעטערער רב באַניצט זיך שוין דערמיט אין אַ סוחרישער שאלה ותּשובה.

אָט גייען סוחרים נאָך ווײַטער און שאַפֿן זיך אַ ווערטל: „אח לא פּדה יפדה״ (תּהילים, מט, 8) — ווען אַ ברודער לייזט ניט — איז אַזוי גוט ווי ער אַליין וואָלט געלייזט.

און אָט איז אַ שמועס: — איך טענה אין לי. — אין לי איז די בעסטע טענה! — אַוודאי, בדליכּא כּולי עלמא לא פּליגי, אַז ס׳איז ניטאָ קריגט קיינער ניט. — בדליכּא שאני!

טיילן פֿון דעם דאָזיקן שמועס קאָן מען געפֿינען אין פֿאַרשיידענע ווער־טערביכער. טייל העברעיִשע מלונים גיבן צו: א מ ר ה ע מ מ י ת, ד ב ו ר ע מ מ י. י י ד י ש זאָגט קיינער ניט!

די כּלומרשטע ציטאַטן פֿון דעם שמועס זײַנען ניט קיין עכטע, גענומען פּאַרטיקע פֿון דער גמרא, נאָר זײַנען אויסגעטראַכט בנוסח הגמרא, לומדיש! לעולם תּקח איז אויך ניט קיין ציטאַט און איז ספּעציפֿיש יידיש, און דערצו קומט נאָך אַ ווערטל אויף אַ ווערטל: לעולם — נעם, תּקח — מאַן ווײַטער.

און וועלכער ייִדישער סוחר האָט דאָס ניט געוווּסט אַז אויף דעם פּסוק אין בראשית (מז, 15): כּי אפס כּסף — מאַכט דער תּרגום ארי שלים? און פֿאַר וואָס האָט ער ניט געזאָלט וויסן? האָט ער נישט יעדע וואָך מעביר געווען די סדרה שנים מקרא ואחד תּרגום?

און אָט איז אַ מיסטעריע: חצי איז העברעיִש, חנם איז העברעיִש; לייגט איר אָבער די ביידע צוזאַמען און מאַכט דערפֿון בחצי־חינם (אַפֿילו ווען איר וועט ניט זאָגן בחצי מיט אַ קמץ, נאָר מיט אַ חטף־פּתח) ווערט דערפֿון הונדערט פּראָצענט יידיש![34] אפשר גלייבט איר ניט? אבן־שושן פֿאַרזיכערט אײַך אַז ב ל ש ו ן ה ד ב ו ר (רייד און שרײַב — יידיש) האָט עס דעם זעלבן באַטײַט וואָס „בזול מאד, בזיל־הזול״. און וואָס מיינט איר איז בזיל־הזול — נישט יידיש? מישט צוריק עטלעכע בלעטלעך בײַ אבן־שושן, וועט איר זען אַז דאָס איז אויך ב ל ש ו ן ה ד ב ו ר.

ניט בחינם זאָגט מען נאָך בשם ביאַליק ז״ל: „מע רעדט העברעיִש, אָבער ייִדיש רעדט זיך״. און זאָל מיר ניט גערעכנט ווערן,[35] אויב איך בײַט

[34] אַזאַ אויסדרוק ווי בחצי־חינם איז יידיש ניט נאָר שפּראַכלעך, נאָר אויך פּסיכאָלאָגיש. דער אבסורד וואָס שטעקט דאָ! ניט בחצי־המחיר, נאָר בחצי־חינם! עס האָט אין זיך פֿון דעם מיטב השיר . . . גראָטעסק? ענגליש האָט עפּעס ענלעכס אין די אויסדרוקן: next to nothing, less than nothing.

[35] דעם אויסדרוק ניצט מען אין צוויי פֿאַלן: א) ווען אַ גוטער, אָן ערנטלעכער מענטש האָט געטאָן עפּעס אַ מיאוסע זאַך און מע דערמאָנט זי, איז מען מוסיף: זאָל

אַ ביסל דעם נוסח און גיב צו אַ נײַעם זינען: אפילו ווען מע רעדט העברעיש — רעדן זיך ארויס אַ סך יידיש־געשאַפענע אויסדרוקן און ווערטלעך.

הכלל, היוצא לנו מזה: ווער עס וויל באמת פאַרשטיין די סודות און יסודות פון יידיש, טאָר זיך ניט שרעקן פאַר לומדות און אפילו ניט פאַר תּרגום־לשון.

אמת, די ידיעות אין תּרגום־לשון זיינען ניט געווען פאַרשפּרייט און זיינען ווײַט ניט געווען פולקום. און אַז מע זאָגט אין יידיש: דו רעדסט עפּעס צו מיר תּרגום־לשון האָט עס דעם זעלבן זינען וואָס אין ענגליש it is Greek to me, און דאָס מיינט ניט אז אין ענגלאַנד האָט מען ניט געלערנט גענוג גריכיש, נאָר אַז אין דער ענגלישער שפּראַך זיינען ניטאָ קיין סך גריכישע עלעמענטן. און דרך־אגב: תּרגום־לשון פאַר אַראַמעיש איז גענומען פון זוהר (בראשית, סתרי תּורה, פּח, פּט); דאָרטן הייסט עס לשון תּרגום און פון דעם איז גע־וואָרן עכט יידיש תּרגום־לשון, אזוי ווי סידור קרבן מנחה איז העברעיש, און קרבן־מנחה־סידור איז יידיש.

לאָמיך ענדיקן דעם דאָזיקן שמועס מיינעם מיט א גוט און אינטערעסאַנט וואָרט וואָס איך האָב געהערט פון אַ זייער חשובן ירושלימער רב פונעם אלטן דור. הרב ר׳ רפאל קאצענעלנבאָגן פון שכונת „מזכּרת משה" האָט מיר געזאָגט: אויף יידיש זאָגט מען דעם רבים פון וואָרט שׂמחה ניט ווי עס קומט על־פּי דקדוק „סמאָכעס" — מיט א שוואָ אונטערן שין און א קמץ אונטערן מם, נאָר „סימכעס", מיט א חיריק אונטערן שׂין און אַ שוואָ אונ־טערן מם. מיינט מען דאָך אַז דאָס איז אַ גרײַז. דער אמת איז אָבער — טענהט דער חשובער רב — אַז דאָס איז לגמרי ניט קיין גרײַז וואָס קומט פון ניט וויסן.[36] והראיה, זאָגט מען דאָך מסכת שׂמחות (ארויסגערעדט: סמאָכעס),

עס אים ניט גערעכנט ווערן. א יידישע מאמע, שטראָפנדיק איר קינד וואס איז ניט גוט צו איר פלעגט זאגן: זאל עס דיר גאט ניט רעכענען (אנרעכענען?), מיין קינד. דער אויס־דרוק איז דירעקט געקומען פון תּנך (אין שפּעטערן העברעיש ווערט ער ניט גענוצט): „אשרי אדם לא יחשב ה׳ לו עון" (תּהילים, לב, 2; זען דעם פּירוש פון פּראָפ׳ ד. פּ. חיות אין פּירוש מדעי פון א. כהנא); „אל יחשב לי אדני עון" (שמואל ב, יט, 20); „ויחשבה לו צדקה" (בראשית, טו, 6); „ה׳ יחשב לי" (תּהילים, מ, 18); ב) ווען א רשע האָט געטאָן א גוטע זאַך, א מצווה, אדער ווען א ניט־ייד האט געטאָן א חסד מיט א יידן (ווײַל מיט דער דאזיקער מצווה שטאַרקט ער דעם כּוח פון דעם שׂר של עשׂו אין הימל און פארלענגערט דעם גלות — אויפן סמך פון בבא בתרא, י. סוף ע״ב).

[36] יידן האבן געלערנט און געקענט גענוג דקדוק, הגם ניט יעדער ייד איז געווען א בעל־מדקדק אדער א בעל־דקדוק, נאטירלעך ניט דער המון־עם. ס׳איז גענוג ווי א ראיה אַז יידיש האָט געשאַפן אָט די צוויי באַצייכענונגען פאַר א דקדוק־קענער, וואָרעם די צוויי ווערטער זײַנען ניטאָ אין העברעיִשע ווערטערביכער. פון דער טערמינאלאָגיע פון דקדוק האָט יידיש געגעבן א נײַ לעבן, א נייעם זינען און פּאָפּולאַריטעט צו די טערמינען: שם־דבר (הײַנט הייסט עס שם־עצם, און ווען ניט יידיש וואָלט שם־דבר געווען טויט און פאַרגעסן) און פּועל־יוצא (נעמט צו דעם פּועל־יוצא, וועט די עדיטאַריעל־שרײַבערס אין די טעגלעכע העברעיִשע צײַטונגען פעלן א וויכטיקער אויסדרוק). גור אנערקענט לגמרי ניט דעם יידישן באַטײַט פון די צוויי דערמאָנטע טערמינען, ס׳פּאַסט ניט אזא פּאַטריציער

ווי עס קומט על־פּי דקדוק. הכּלל, די מעשה איז אַזוי: דער אמתער נאָמען פֿון דער דאָזיקער מסכתּא איז מסכת אבל רבתי אָדער מסכת אבלות; ווילן אָבער יידן ניט עפֿענען דאָס מויל צום בייזן, רופֿן זיי די מסכת אבלות מיטן נאָמען שׂמחות, „סמאָכעס". איצט אָבער אַז „סמאָכעס" איז געוואָרן אַ במקום פֿאַר אַבלות, קאָנען דאָך שוין יידן זיך ניט ווינטשן: „זאָלן זיין 'סמאָכעס' ביי יידן" — חלילה, „זאָל מען קומען צו איך אויף 'סמאָכעס'" — חלילה. האָבן יידן מיט גוטע קעפּ זיך געגעבן אַן עצה און זאָגן אויף אמתע 'סמאָכעס' — 'סימכעס'!

נו, זאָלן שוין טאַקע זיין אמתע שׂמחות ביי יידן. ס'איז שוין צייט כלעבן. אכי"ר.

## VIII. בעל־גוף

נאָכן לענגערן שמועס קומען מיר צום באַטראַכטן דעם אויסדרוק בעל־גוף וואָס איז על משקל פּלג־גוף. פֿאַראַן אין משלי און אין תּלמוד בעל־נפש; טייל טייטשן עס אויס פֿאַר אַ מעלה און אַנדערע להיפּך (זען ערוך השלם, קאָהוט). וואָלט געווען נאַטירלעך אַז עס זאָל זיך אויך געפֿינען דער אויסדרוק בעל־גוף — געפֿינט ער זיך אָבער ניט. האָבן די יידיש־רעדנדיקע יידן אַליין גענומען און געמאַכט די דאָזיקע שפּראַך־קאָמבינאַציע. איז גע־קומען ח. נ. ביאַליק, האָט גענומען דעם בעל־גוף און אים אַריינגעפֿירט אין דעם היכל פֿון דער העברעישער ליטעראַטור, אַוועקשטעלנדיק אים בראָש פֿון אַ באַרימטער דערציילונג זיינער וואָס טראָגט דעם נאָמען אריה בעל־גוף. ביז ביאַליקן איז דאָס וואָרט ניט געווען באַקאַנט אומעטום. ניטאָ אין עלטערע ווערטערביכער, ניט ביי טאַוויוב, ניט ביי גאַלאָמב. איך אַליין האָב עס קיין מאָל ניט געהערט אין מיין יוגנט, און אין שפּעטערע יאָרן האָב איך עס גע־הערט דערמאָנען אַזוי צו זאָגן אין גענדזנפֿיסלעך, ווי אַ ציטאַט, ווי איינער זאָגט: מיט מיר שפּילט מען זיך ניט, ביאַליק איז ביי מיר מונח בקופסא.

ווייזט אויס אַז ביאַליק האָט דאָס געוווּסט. נעמט ער זיך די מי אויס־צוטייטשן געניי וואָס עס באַטייט דער דאָזיקער צונאָמען אין זיין געגנט. און אפשר האָט ביאַליק נאָר געוואָלט זאָגן אַז זיין אַריה איז געווען אַ בעל־גוף לכל הדעות און לויט אַלע פּירושים און מפרשים. און ער שרייבט: „אריה באמת 'בעל־גוף' הוא, לא רק כפשוטו אלא גם כמדרשו". וואָס זשע איז דער פּראָסט־פּשוטער טייטש פֿון בעל־גוף? אויף דעם שטעלט זיך ביאַליק ניט אָפּ. וועלן מיר אַליין מוזן צוזאַמענשטעלן דעם פּשט לויט דעם וואָס ביאַליק זאָגט פֿריער וועגן זיין אריה.

---

אַריינצולאָזן אַזעלכע אויפֿגעקומענע ווערטער אין היכל פֿון העברעיש; אבן־שושן ברענגט דעם יידישן פּועל־יוצא — ב ל ש ו ן ה ד ב ו ר, און דעם יידישן באַטייט פֿון שם־דבר נעמט ער אַריין גלייך ווי ער וואָלט געווען פֿון קדמונים... נישט נאָר „ביכער האָבן זייער מזל" — נאָר אַפילו ווערטער.

ער האָט אַ גוף „חסון ומוצק",[37] שטאַרק און געזונט, אַ גבר[38] אַ מאַן, וואָס מע ציטערט פאַר זיינס אַ מתנת־יד.[39] און דערצו טאַקע איז ער אַ גראָבער יונג כפשוטו וכמדרשו. דעם מדרש פון בעל־גוף גיט שוין ביאַליק אַליין מיט מער פרטים: „איש שמצבו איתן ועומד 'הכן' על הקרקע, בעל נכסים ונחלאות, שגם צרורות כסף מזומנים חבושים וצרורים בכיסו ובארגזו". פשוט גערעדט: אַן איינגעפונדעוועטער, אַ יוסטער בעל־הבית, מיט גיטער, וועלדער און פעלדער, און ניט בלויז נחלאות, נאָר אויך אַן אפותיקי (ניט אין זינען

[37] פריינד א. מ. האַבערמאַן אינפאָרמירט אז אין לעמבערגער געגנט האָט בעל־גוף באַטײַט: אַ הויכער, פעטער מענטש, א בעל־בשר אין דער גמרא, אָן שום אנדערע אטריבוטן. ד"ר יהודה אבן־שמואל אין מלון אנגלי־עברי, דביר, זעצט געראָטן איבער corpulent — בעל־גוף.

[38] ניטאָ אין העברעיִש, ס'איז יידיש. אוודאי א קיצור פון גבר־אַלים אָדער פון גבר־בגוברין (פאַראַן אין ברכות, לא, ע"ב, אָבער א פאָפולערן אויסדרוק האָט מען געמאכט דערפון נאָר אין יידיש). גאלאָמב איז דאכט זיך דער איינציקער וואָס רעגיסטרירט דעם לעצטן אויסדרוק און ער פינטלט גבר מיט א שוואָ אונטערן גימל און א פתח אונטערן ב, הגם איך קאָן עס ווי „גאַוער"־בגוברין. פאַראַן אין סנהדרין, סה, ע"ב: מה גבר מגוברין — דער אויסדרוק איז אבער ניט אריין אין יידיש. יידיש פאַרמאָגט ניט בלויז גבר, נאָר אויך גברן (פאַרצייכנט ביי יהואָשן); בן־יהודה נעמט עס אריין אין העברעיש, ווײַל ער געפינט עס אין א שפעט העברעיש ביכל, עס איז אָבער באַשײַמפערלעך געגומען דורכן מחבר בכוונה פון יידיש. אווע־לאַלעמאַן ברענגט אפילו בעל־גברן.

[39] מתנת־יד פאַדערט א לענגערע דערקלערונג. יהואש און הארקאַווי ברענגען דרײַ באַטײַטן: 1. א מתנה; 2. שוחד, כאבאר; 3. א קלאַפּ, א פאַטש. וואָס איז אָבער דער מקור פון דעם אויסדרוק? אויב א פראַזע האָט ניט פריער איר פשוטן זינען, ווערט זי ניט באַשאַפן צוליב „חכמה־לשון". גאַלאָמב (ז' 260) ווײַזט אָן אויפן פסוק: „איש כמתנת ידו" (דברים, טז, 17) — „א גאַבע פון האַנט, אזוי פלעגט מען אָנרופן די צוגעזאָגטע נדרים צום מי־שברך". אין א הערה גיט ער צו: „כן מצאתי בפראמבעל [!] במחזור היידנהיים, במי שברך שאחר קריאת התורה: והמפטיר לשמיני־עצרת בבית הכנסת, אחר שסיים המפטיר ברכה אחרונה — החשוב שבקהל הולך אצל כל אחד ואחד וספר תורה עמו, ומברך במי שברך לכל שינדב ליתן מתנת ידו". אין מײַן מחזור שטייט: „ומברך לכל זכר ואומר"... נאָר אין דעם מי־שברך גופא שטייט: „בעבור שיתן מתנת־ידו". פון דעם וואָלט נאָך ניט געוואָרן קיין פראַזע צו ניצן אין גאַס. און דער אמת איז אז שנדר־געלט האָט קיין מאל ניט געהייסן מתנת־יד.

דער פלא איז וואָס גאָלאמב, מיט זיין גאַנץ בקיאות, האָט ניט באַמערקט אז גלייך איבער די ווערטער וואָס ער ציטירט שטייט מיט גרויסע אותיות: סדר מתנת יד. און אפילו דאָס קעפּל פון זײַטל הייסט אזוי. וואָלט ער ווײַטער געקוקט, וואָלט ער דאָס זעלביקע געפונען אויך אין מחזור פון לעצטן טאָג פסח און פון צווייטן טאָג שבועות. אזוי ארום קומען מיר צו אַן אלטן יידישן מנהג, דער עיקר אין די דײַטשישע קהילות, ווו עס האָט זיך ניט געפירט מזכיר נשמות צו זיין און צו שנדרן דערבײַ. די מעשה איז אזוי:

אין די דערמאָנטע דרײַ טעג, אחרון־של־פסח, דער צווייטער טאָג שבועות און שמיני־עצרת, איז דער לעצטער פסוק פון קריאת התורה: „איש כמתנת ידו, כברכת ה' אלהיך אשר נתן לך". האָט דער ט אָ ג געהייסן מתנת־יד (של פסח, של שבועות, של סוכות) און ער האָט געהאַט א פאַראַדנעם סדר מתנת־יד מיט די מי־שברכס און מיט אַנדערע מנהגים. אזוי איז דעם רב געקומען אַן עליה „ביום מתנת יד"; אים איז אויך געקומען דעם טאָג „הכנסת ספר תורה" (נאָכן ארומגיין די שול מיט דער תורה צוליב די מי־שברכס). דעם טאָג האָט מען פאַרקויפט נאָר „הוצאה", ניט „הכנסה", וואָס האָט געמוזט שטאַרק

פון דער גמרא און ניט להבדיל פון די גויים, נאָר ווי אין ריין יידיש!) פון ממתקים און מצלצלים — מזומנים.

עד כּאן ביאַליק. לאָמיר איצט הערן וואָס אַנדערע האָבן צו זאָגן. גור און אבן־שושן זיינען נאַטירלעך נאָכגעגאַנגען ביאַליקן. נאָר איבער אַ סיבה האָבן זיי פאַרזען אַ שטריך וואָס איז דער וויכטיקסטער על־פּי ביאַליק: דער באַזיץ פון לאַנד, נכסי דלא ניידי.

מיין עלטסטער אויטאָריטעט פאַר בעל־גוף איז דווקא אַ גוי, אַ דייטשישער פּאָליציי־שעף וואָס האָט אָנגעשריבן אַ גרויס בוך וועגן דער גנבים־שפּראַך און . . . יידיש — אַווע־לאַלעמאַן (זען ב. באָראָכאָוו, „די ביבליאָטעק פונעם יידישן פילאָלאָג", פּנקס, ווילנע, תּרע"ג, נומ' 103). אין דעם פערטן טייל פון זיין ווערק, וואָס איז אַרויס אין לייפּציג, 1862, פאַרטייטשט ער אויף ז' 343: בעל־גוף — שענקווירט, בירווירט, וויינווירט. פּשוט גערעדט, אַ ייד אַ שענקער וואָס האַנדלט מיט משקאות, האַלט אַ גאַסטהויז, אַן אכסניא. עפּעס גאָר אַן איבערראַשונג.

האַרקאַווי האָט דריי דעפיניציעס: 1. אַ פאַרשוין פון אַ מענטש. 2. אַן ערדבאַזיצער. 3. אַ קרעטשמער. דאָ האָבן מיר ביאַליקן מיט אַ צולאָג פון אַווע־לאַלעמאַן. יהואָש האָט ניט דעם קרעטשמער. דער באַזיץ פון ערד ווערט ביי אים איינגעשרומפּן: „אַ קליינער ערדבאַזיצער (געוויינטלעך געברויכט

---

זיך וואָרפן אין די אויגן, באַזונדער די יינגלעך; דאָס פאַרזאָגן די ווערטער פון ברכת־הכּהנים האָט אויך געהאַט אַ ספּעציעלן ניגון (זען דברי קהלת פון שלמה זלמן גייגער, תּרכ"ב, פראַנקפורט־מיין, ז' 335—38; שאלות ותשובות נחלת שבעה, סימן לח: „יש להם יאר צייט במתנת יד דשבועות, אשר באשכנז מחשיבין היום ההוא לקרות לספר תורה דוקא החשובים").

דער משומד אַנטאָניוס מאַרגאַריטאַ, אין זיין ווערק ... *Der gantz Jüdisch glaub* ,Augsburg, 1530, p. F3b דערציילט אַט וואָס:

Es ist auch zuwissen/ das ein Yeder Jud gibt am Ostertag, Pfingsten und Lauberhütten als vil als 3. pfenning das heissensy Mathnas Jod מתּנת יד teutsch/ ein freiwillige gab von der hand/ so gibt ma in dann einen segen zelon/ Nemmens aus Deutro. 16. Solliches gelt samlenn sy allenthalben und schickens den armen Jude[n] gen Hierusalem vermeinen mit sollichen/ dem obgemelten text gnug zuthon/ welches doch weyt feel ist.

דאַ האָבן מיר דאַכט זיך די עלטסטע ידיעה וועגן דעם מנהג מתּנת־יד. דער משומד מאַרגאַריטאַ פאַרבינדט עס מיט פּסח, שבועות און סוכּות, ער דערציילט אַז יעדער ייד גיט גאַנצע דריי פעניג, אַז מע מאַכט אים אַ מי־שבּרך און אַז דאָס געלט גייט פאַר די אָרעמע יידן אין ירושלים.

דאָס מזכּיר נשמות זיין אין די טעג האָט איבערגענומען דעם ענין מתּנת־יד. אַזוי שרייבט משנה ברורה, אורח חיים, סוף סימן תּצ"ד: „בכל מקום שקורין 'כל הבכור' [ד"ה די פּרשה וואָס מע לייענט אין די דערמאָנטע טעג] מזכירין נשמות, שיש בו מתנת־יד ונודרים צדקה".

איך מוז צוגעבן אַז האַרקאַוויס ערשטער טייטש: אַ פּרעזענט, אַ מתּנה, איז טאַקע אַ גוטער טייטש אין פּסוק, אָבער אין יידיש קאָן מען בשום אופן ניט זאָגן און ניט שרייבן: „איך וועל דיר שיקן אַ מתּנת־יד אַ גאָלדן זייגערל". דאָס איז שפּראַך מיט אירע געזעצן — און אפשר קאַפּריזן.

אויף אַ ניט־ייִדן)". נ. סטוטשקאָוו אין זײַן אוצר קלאַסיפיצירט דעם בעל־גוף אונטער 'פויער' (ער גיט צו אַז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד ווערט אויך באַנוצט בעל־גופנטום ווי מיטל־פויערטום), 'גביר', 'דיקער' (זען ז' 786). ש. מעלצער, שטאַמט פון מזרח־גאַליציע, און אַלקושי, פון פוילן, אַרום אָסטראָלענקע, זײַנען אַנטשלאָסענע עדות אַז בעל־גוף איז אַ פויער, אַ לאַנדבאַזיצער, אַ ניט־ייִד (און דערבײַ להיפּך צו אַ גרויסן לאַנדבאַזיצער, אַ שררה, אַ פּריץ). ז. שניאור שרײַבט אין פעטער זשאַמע, ווילנע, 1930, ז' 256: "...ביז ס'האָט זיך אָפּגעזוכט אַ בעל־גוף אַן ערל, אַ סוחר פון טיף 'ראַשעי'". דאָ איז דער בעל־גוף טאַקע אַן ערל, אָבער ניט דאָס מאַכט אים פאַר אַ בעל־גוף, פּונקט ווי דאָס וואָס ער איז אַ סוחר, ניט קיין קליינער פויער — מאַכט אים ניט אויס בעל־גוף. עס מאַכט אים יאָ פאַר אַ בעל־גוף "די גרויסע געלטער" וואָס ער פאַרדינט.

פערזענלעך צו טון מיט "באַלעגופים" (אַזוי לייגט ער אויס דאָס וואָרט) האָט געהאַט פּרץ הירשביין. אין זײַנע קינדער־יאָרן, 1935, זײַנען זיי קליינע פויערים, ניט־יידן, און זיי האָבן ערד אַרום דעם שטעטל. דער קאַפּיטל 6 טראָגט אין אינהאַלט דעם נאָמען "דער בעל־גוף" (עס זעט אויס אַז דאָס בלעטל מיטן אינהאַלט האָט ער אַליין ניט אָנגעשריבן, וואָרעם אויף ז' 43 איז דאָס קעפּל "דער באַלעגוף"). בײַ אים האָט דער טאַטע געדונגען די מיל. "דער באַלעגוף אַליין איז געווען כּולו רשע". ער איז ניט קיין גביר. עס מאַכט אים פאַר אַ בעל־גוף דאָס וואָס ער האָט אַ נחלה, ער פאַרמאָגט אַ מיל און דורך דעם ווערט ער "ליפּע דעם מילנערס באַלעגוף" (ז' 49). צום סוף פון בוך ווערן ווידער דערמאָנט די שטעטלדיקע "באַלעגופים" וואָס האָבן נחלאות. קיין נײַ ליכט וואַרפט ניט פּרץ הירשביין אויף דעם ענין.

און נאָך אַן עדות און ווידער אַ מסיח לפי תומו. אַברהם רייזען (אַלע ווערק, ניו־יאָרק, 1928, ב' וו, ז' 8) דערציילט ווי אַזוי זײַן העלד זרח פלעגט טרײַבן קונים: "גייט אייך געזונטערהייט! — פלעגט ער . . . טרײַבן דעם קונד וואָס האָט זיך געפּרוּווט דינגען. איז דאָס געווען אַ פּרוי פון דאָרף אָדער אַ שטעטלשער בעל־גוף פלעגט ער שוין האָבן אַן אַנדער נוסח: 'סטופּאַי ק'טשאָרטו אי אָטצעפּיס!' מיט אַ שליאַכטשיץ פלעגט ער זײַן העפלעכער". דאָ איז דער שטעטלשער בעל־גוף ניט קיין ייִד, אָבער אויך ניט קיין שליאַכטשיץ און איז משמעות אַ שני־בשני מיט פּרץ הירשביינס "באַלעגוף".

איך ווייס ניט וואָס וואָלט אַ בית־דין פון געשוואָרענע ריכטערס, זיצנ־דיק אין אַ משפּט פון לעבן און טויט געטאָן, ווען זיי וואָלטן פאַר זיך גע־האַט אַזאַ חבֿרה עדות, וווּ זעלטן צוויי שטימען אײַן אין אַ געוויסן פּרט. דורכטראַכטנדיק אַלע גבֿית־עדותן, קום איך צום אויספיר אַז בעל־גוף מיינט: אַ מענטש — אַ ייִד צי אַ גוי — וואָס איז גוט אײַנגעפונדעוועט, וואָס עס גייט אים גוט, ער איז, ווי מע זאָגט אויף ענגליש, well-off. אָבער ווען מען גייט עס גוט? דאָס געווענדט זיך אין צײַט און אין אָרט. אין אַ ליטוויש שטעטל, וווּ ס'רובֿ בעלי־בתּים האָבן געהאַלטן ציגן, איז איינער וואָס האָט

געהאַט א בהמה (אַ קו; „אין אַ מגפה איז אַ ציג אויך אַ בהמה") שוין גע־וועז אַ פאַרזאָרגטער מענטש; ווען איינער האָט געהאַט אַן אייגענע שטוב איז ער שוין געווען אַ שיינער, אַ יוסטער בעל־הבית. אַז אַ ייִד האָט בלויז געהאַלטן, ניט דווקא פאַרמאָגט, אַן אַריינפאָר־הויז און געהאַנדלט מיט משקה — איז ער שוין געווען אַ בעל־גוף. ווען אַ ייִד האָט געהאַט אַ שטיקל נחלה, אַ הויז, אַ שטיקל לאַנקע פאַר דער בהמה, אַ שטיקל ערד צו פאַרזעצן קאַרטאָפל מיט שאַר־ירקות — איז ער געווען אַ בעל־גוף. איז געקומען אַ צייט ווען קיין ייִד האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו קויפן, אָדער גאָרניט געטאָרט קויפן אָדער אפילו האַלטן אין אַרענדע אַ שטיקל לאַנד, איז יעדער פויער וואָס איז גע־קומען אין שטאָט אַרײַן פאַרקויפן כל המיני גוטס — געווען אַ בעל־גוף. אין אַזעלכע ערטער און אין אַזעלכע צײַטן האָט מען אַפילו גאָרניט געקאָנט גלייבן אַז אַ ייִד קאָן זײַן אַ בעל־גוף. אין מײַן יוגנט און אין אונדזערע מקומות וואָלט אַ ייִד א פויער געווען מער ווונדער ווי אַ קעלבל מיט פינף פיס. אַ סוחר פון טיף 'ראַשעי' האָט באַדאַרפט זיך וואַרפן מיט 'גראָצעמער גאָלד' צו זײַן אַ בעל־גוף. אָבער „ליפּע דעם מילנערס באַלעגוף" האָט געקאָנט זײַן א חזיר, אַ רשע וואָס פאַרגינט ניט זיך ניט זײַנע בנים אַן עכטן ביסן אין מויל, אָבער איז פאָרט אַ בעל־גוף — ווײַל ער האָט לאַנקעס, האָט אַ מיל צו פאַרדינגען. הלוואַי אויף דעם וואָס אונדז גוטס גינט. אַריה בעל־גוף, וואָס האָט גוט געוווסט אַז ער קען שוין קיין מאָל ניט באַטראַכט ווערן ווי א נגיד, אַ קצין, איז דאָך שטאָלץ געווען, פאַרזיכערט אונדז ביאַליק, דע־רויף וואָס ער האָט דערגרייכט דעם טיטל בעל־גוף. ס'איז ניט געווען מיט וואָס זיך צו שעמען ווען מע גרייכט צו אָט דער מדרגה. פאַר אַ ניט־אַדלמאַן — ביי זיי צי ביי אונדז — איז בעל־גוף געווען אַ מדרגה.

אָבער דאָך ווי קומט דאָס וואָרט 'גוף' צו באַצייכענען רײַכקייט און פאַרמעגנס? איך בין חושד אַז לכתחילה האָט עס געהערט צום „חכמה־לשון". יעדער מיעוט מוז זיך שאַפן אַזאַ שפּראַך צו באַנוצן צווישן היימישע, ווען נייטיק. שוין די חכמים אין די רוימישע צײַטן האָבן זיך מיט אַזאַ שפּראַך באַנוצט. מ'האָט ניט געוואָלט זאָגן אויף אַ ייִד אַז ער איז רײַך, וואָרעם מ'האָט אים געקאָנט אַרײַנטרײַבן אין גרויסע צרות. פון דער צווייטער זײַט האָט מען געדאַרפט געבן אינפאָרמאַציע וועגן אַ ניט־ייִד, צי ער איז קרעדיט־פעיִק, צי האָט ער נכסי דלא ניידי צי נישט. האָבן ייִדן געפונען אַ וואָרט וואָס טרעפט זיך עטלעכע מאָל אין תלמוד און איז ניט געגנוג באַקאַנט, דאָס וואָרט 'גוף', וואָס קאָהוט אין ערוך השלם, ב' 111, ז' של"ה, פאַרגלײַכט מיטן לאַטײַנישן copia, ד"ה רײַכטום, פאַרמעגן אד"גל.

די רעטעניש פון דעם אויסדרוק בעל־גוף מיט זײַנע פאַרשיידענע טײַטשן און באַנוצונגען ווערט דאכט זיך פאַרענטפערט פון זיך גופא.[40]

[40] אין מײַן שטעטל גאַמבין זײַנען געווען אַ צאָל פערדהענדלערס און בעלי־עגלות. האָבן זיי גערופן אַ געגנבעטן פערד אַ יאָסעלע. דאָס האָט מיך אַ לענגערע צײַט געוווּנדערט, ביז כ'האָב זיך דערמאָנט אַז יוסף האָט געזאָגט אויף זיך: „כי גנב גונבתי..." (בראשית, מ, 15).

# ווערטער און ווערטלעך פֿון דער חורבן־תקופֿה *

## פֿון נ. בלומענטאַל

אויפֿן גאַפּל — איז אַ ייִד בײַ אַ סעלעקציע געשטאַנען אין גרויס סכּנה און האָט פֿאַרט זיך אַרויסגעדרייט, האָט דאָס אין טשענסטאָכאָווער ג׳ געהייסן: ער איז געווען אויפֿן גאַפּל (קאַפּלאַן, ז׳ 49);

אויפֿשטריך — געקירצט פֿון דײַטש: בראָוט־אויפֿשטריך, באַטײַט: מאַרמעלאַד(ע), וואָס מ׳ פֿלעגט קריגן צוגעטיילט אויף טאַלאָנען — אין ל״ג.

אויסרינגלען — אָנקלאַפּן אויף די אויערן פֿון די בהמות בלעכענע צי מעשענע סימנים אַז זיי זײַנען רעגיסטרירטע (אָדער רעיעסטרירטע). אַזעלכע בהמות האָבן די פּויערים ניט געטאָרט קוילען און ניט געטאָרט פֿאַרקויפֿן; פֿלעגן זיי אָפּט אויסבאַהאַלטן די בהמות. דערפֿון דער אויסדרוק „ניט־געאויסרינגלטע חזירים״ — אין מינסק־מאַזאָוועצק (ראַכמאַן, ז׳ 39);

אומאָרדענונגס־דינסט — אַנשטאָט „אָרדנונגסדינסט״, אָרבעטאַמט, אַרבעטצוואַנג, בכּלל קאַרופּציע און שווינדל — ווי״ג. „ייִדישער אומאָרדענונגס־דינסט און אַנדערע מכּל־הנערים־גע־מיינהייטן״ (ר״א, 192, יולי 1942);

אומגליקלעכער — דער וואָס האָט צו געטרײַ געאַרבעט פֿאַר די דײַטשן. דאָס בינדט זיך מיט אַזאַ מעשׂה: בשעת אַן אַקציע האָבן די דײַטשן אַ גאַנץ שטעטל ייִדן צוגעפֿירט צו פֿאַרטיקע קברים און געהייסן זיי זיך אויסטאָן; טייל האָבן אָנגעהויבן זיך בונטעווען; האָט אַ ייִדענע זיך צעוויינט און גענומען שרײַען: „ייִדן, טוט זיך אויס, איר מאַכט דאָך אונדז אַלעמען אומגליקלעך״ (קאַפּלאַן, ז׳ 15);

אומגליקלעכער פֿרײַטיק — די נאַכט פֿון פֿרײַטיק אויף שבת, 17טן־18טן אַפּריל 1942, ווען מען האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון די הײַזער אין ווי״ג אַ 50 אָנגעזעענע כּלל־טוערס און אונטערערד־מענטשן און זיי דערשאָסן אויפֿן אָרט (פּרץ אָפּאָטשינסקי, נאָטיצן, ר״א, 1300). מען האָט דעם טאָג אויך גערופֿן: שוואַרצער פֿרײַטיק. אויך אַנדערע שטעט האָבן געהאַט אַזעלכע טעג;

אומשלאַגפּלאַץ — דער פּלאַץ לעבן ווי״ג אויף סטאַווקי־גאַס, וווּ מען האָט אין די יאָרן 1940—1942 געביטן „ייִדישע״ סחורות אויף „אַרישע״ און אין די יאָרן 1942—1943 האָט מען דאָרטן צונויפֿגעזאַמלט ייִדן פֿאַרן פֿאַרלאָדעווען זיי אין די וואַגאָנען וואָס זײַנען געגאַנגען אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע, קלענערע גרופּעס אויך קיין מײַדאַנעק, טראַווניק און פּאָניאַטאָוו. „אומשלאַגפּלאַץ — אַן אומגליק און אַ שלאַק זאָל זיי טרעפֿן, די ייִדישע פּאָליצײַ״ (י. קצנלסון, פּנקס ויטל, תּל־אָביב, תּש״ז, ז׳ 143). אין שעדלעץ האָט מען אַזוי גערופֿן דעם אַלטן בית־עולם וווּ ס׳פֿלעגן פֿאָרקומען די אַקציעס (אַ. פֿײַנזילבער, אויף די חורבות פֿון מײַן היים, תּל־אָביב, 1952, ז׳ 38). אויך אין אַנדערע שטעט זײַנען געווען אומשלאַגפּלעצער;

אונטערגעכאַפּט — געכאַפּט געוואָרן. „אַחוץ די גרויסע צאָל מענטשן וואָס זײַנען געוואָרן אונטערגעכאַפּט (אויפֿן געטאָ־לשון) זײַנען נאָך געווען מענטשן וואָס זײַנען געשטאַנען אין טויערן און זיך געפּרעגט יעדן דורכגייער (וואָס האָט געהאַט מזל נישט אונטער־געכאַפּט ווערן, צוליב אַ פֿאַרזען פֿון דער פּאָליצײַ) וואָס מען הערט״ (טאָגבוך פֿון ל״ג, 7טן אָקט׳ 1944, כּ״י, ייִוואָ);

אונטער דער פּאָלע — דער אויסדרוק פֿאַר אומלעגאַלן האַנדל, פֿאַר דעם שוואַרצן מאַרק (אָנדענקבוך, ז׳ 136);

* דעם אָנהייב פֿון דער רשימה ווערטער און אויסדרוקן און דעם אַרײַנפֿיר זען ייִדישע שפּראַך, ב׳ XVI, נומ׳ 1, זז׳ 22—28.

אונטערהערער — מסור. „א קאטשקע אז די גאלעען [געסטאפּא] געדונגען פיר טויזנט יידן אלס א׳ אין יעדן הויף״ (רינגל׳, 10טן מיי 1941);

אַקסיניק — „די פויערים האבן געקוקט אויפן געיעג נאך יידן ווי אויף א מיטל לייכט און גיך רייך צו ווערן... די פויערים פלעגן ביי די געכאפּטע יידן פאדערן גאלד. די גערודפטע יידן האבן די פויערים א נאמען געגעבן ׳אוקסיניקעס׳ (פון ווארט אוקסא: גאלד) און פלעגן זיך פאר זיי שטארק היטן״ (לייב קאניוכאווסקי, „דער אומקום פון מארצינקאנצער יידן״, ייוואָ־בלעטער, ב׳ XXXVII, ז׳ 224);

אוקראַינע — דער מזרח־טייל פון קראקעווער געטא (ג״ע, נומ׳ 1093; טאגבוך וו׳ II, ז׳ 83, ייהא);

אַזיל — „קראקע האט געהאט אן א צאל אויפנעם־שטעלעס פאר פליטים, וואס מ׳רופט דא אזילן. זיי געפינען זיך אין די לאקאלן פון די פאלקשולן און גימנאזיעס״ (ר״א, מיי־יוני 1940, כ״י, פויליש. זען „פונקטן״);

אטאַ — „יידן, אז זיי האבן דערזען א דייטש, האבן זיי צו וויסן געגעבן איינער דעם צווייטן: ׳אטא׳. דאס איז געווען דער צייכן וואס מיט אים האט מען דורך ראדיא מתרה געווען א לופטאנגריף. מיט דעם זעלבן צייכן האבן זיך אויך באנוצט פויערן״ — פיעטריקאָוו (י. קורץ, ספר עדות, ז׳ 127).

איבערדריי, וועט זיין צוויי — „אז איינער דארף באקומען צוויי זופּן, ווערט זיין טעפל איבערגעדרייט. בעט זיך אזוי איינער וואס זוכט ׳פּראטעקציע׳ צו די [ביי דער] רעגיס־טראטארקע״ (ג״ל, 1026);

איבערזידלער — א ניי אנגעקומענער אין געטא, א פארטריבענער פון אן אנדער ארט. „אונדזער געטא־באשטאנד האט זיך פארגרעסערט מיט פרישע 500 גולים; לויטן געטא־אויסדרוק הייסן זיי ׳איבערזידלער׳. פון וואס פאר א יידיש ווארט שטאמט עס?״* (ה. וואסער, נאטיצן, 28סטן מיי 1942, ר״א, 490);

איבערפאַל־קאמאַנדע — „לויטן דייטשן מוסטער איז אין ל״ג 1941 אנטשטאנען א ספּעציעלע אפּטיילונג פון דער מיליץ, וועמענס אויפגאבע ס׳איז באשטאנען דער עיקר אין באשיצן די פערזאָן פון רומקאָווסקין״ (ל. ג. הורוויץ, מעמוארן, יאנואר 1941, כ״י, ייהא). „ווען מ׳האט ארגאניזירט די א. ק. האט מען זיך געוויצלט אז אויך דארט ווערט גע־פאדערט א צענזוס: אן אפּגעקומענער געריכט־אורטייל פון נישט ווייניקער ווי צוויי יאר טורמע. ס׳איז נאטירלעך געווען איבערגעטריבן, אבער צווישן דער דאזיקער ׳קאמאנדע׳, וועלכע האט געהאט א ספּעציעלע אויפגאבע און אין ערשטער ריי צע־טרייבן דעמאנסטראציעס, אויב אזעלכע זאלן פארקומען, נישט דערלאזן צו קיין שטרייקן, — זיינען געווען פיל מענטשן מיט אורטיילן פאר קרימינעלע פארברעכנס״ (ל״ג, טאגבוך [שולמאנס?], ייהא);

איהיכי — פערדנפלייש, פערדנווורשט — ווילנער ג׳ (פל״ח, נומ׳ 6);

איזאָלאַטאריום — „געשאפן אויפן באפעל פון דער דייטשער מאכט (1941) [אפּריל ?] אין בית־מדרש אויף שולגאס. די יידישע ׳ארדנונגסדינסט׳ האט פארנומען די בעטלערס און אהין אָפּגעפירט. אין א קורצער צייט זיינען שוין אין א׳ געווען פארשפארט א 200 בעטלערס... עס האבן זיך פון דארטן שטענדיק געהערט יאמערן, קרעכצן און געשרייען״... בשעת דער ערשטער „אויסזידלונג״, ווען אן עס־עס־מאן האט דערזען דעם מושב, האט ער זיך אויסגעדריקט: „יא, דיזע יודען געפעלען מיר, זאלן זי בלייבען״ — און זיי זיינען טאקע געבליבן ביז צו דער צווייטער אקציע (אַנדענקבוך, ז׳ 197);

* ס׳איז א דייטש ווארט.

איזאָלאַטקע — **א באזונדער קעמערל, א צעלע אין תּפיסה** („די צען פון פּאוויאק", כּ"י, ייהא);

אייבער־המן — **היטלער. „מעג דער אייבער־המן שרייען אז דאס ייִדישע פאלק וועט פאַר־ניכטעט ווערן, האט אבער דער ראדיאָ נישט דעם מוט מודה צו זיין זיך אז זיי האבן דא אדער דארט אויסגעהרגעט כּך־וכך ייִדן"** (רינגל', סוף מאַרץ 1942);

איי־איידיק — **„אויב מע קען עסן פּארפוילטע קארטאָפל, דאן קען מען מיט פלייש, וואס איז שוין אפשר נישט אזוי איי־איידיק, אונדז אויך נישט אפּשרעקן" — ל"ג (י. הילער, טאגבוך, 27סטן מאַרץ 1944, כּ"י, ייהא);**

איילדינסט — **דער אפּטייל פון ווארשעווער געטא־פּאליציי וואס האט צעפירט די באַפעלן אויף רעדלעך, ראַוואַרן** (פּוטערמאַן, זכרונות, כּ"י, ז' 142, ייהא);

איינזייפן — **באשטימען צו א שווערער און שלעכטער ארבעט — אין ג' פון שאַוול און פּאנעוועזש** (פּל"ח, נומ' 2);

איינזייפן — **זען איינזייפן. „אין באלטיקום האט דאס כאפּן מענטשן צו זאנדעראַרבעט געהייסן איינזייפן"** (פּל"ח, נומ' 6);

איינעסער — **דער וואס פלעגט מיט איין מאל אויפעסן די גאנצע ראציע און נישט איינטיילן זי אויף דער גאנצער צײַט פאַר וועלכער זי איז געווען באשטימט — ל"ג** (קאַפּלאַן, 45);

אייער — **גראנאטן — אין ווארשעווער פּארטיזאנקע. „יאנקל שיפּמאן שרייבט אז אין וו"ג ארבעטן ייִדן אויס אייער און מע גרייט זיך" — מינסק־מאזאוועצק.** אייער לייגן — **ווארפן באמבעס** (ראַכמאַן, ז' 69);

איך און מײַן שיך — **ווערט געזאגט אויף איינעם וואס אינטערוועניִרט נאר פאר זיך** (ג"ל 1021);

איך האב פאַסט — **א ווערטערשפּיל פון ל"ג. אזוי בארימט זיך א ייִד. האט מען זיך געוווּנדערט, היתּכן? עס איז דאך „פאַסטשפּערע"! „האט ער געענטפערט: „איך באַקום צוויי קילאגראם ברויט אויף אכט טעג, עס איך עס אויף אין פינף טעג און די איבעריקע דריי האב איך פאַסט"** (ד"ה תּענית) (פּל"ח, נומ' 3);

איך זאל אזוי דערלעבן קומען צו קבורת ישראל — **דער אלטער ווונטש האט אין ווילנער ג' באקומען א נייעם קנייטש: איך זאל ניט אומקומען אין פּאנאר (ש. קאטשער־גינסקי, פּאנארער פאלקלאר, כּ"י, ייִהא);**

אין קאצעט וועסטו קיין מאל ניט זאט זײַן און פון היטלערן ניט קלוג ווערן — **שפּריכוואָרט אין ק"ל** (קאַפּלאַן, 46);

אין גלות בײַ די בעלי־עגלות — **ווערטל אין די געטאס ווו די פורמאנעס האבן געשפּילט א גרויסע ראלע, געווען שמוגלערס** (קאַפּלאַן, 33);

אינדיק — **היטלער; סתּם א ווארענונג פאַרן דייטשן שומר — אין ליטווישע א"ל** (פּל"ח, נומ' 6);

איפּאטינגא — **פון ליטוויש, די באזונדערע אפּטיילונג, ד"ה די אפּטיילונג פון ליטווישער פּאליציי וואס האט געהאָלפן די דײַטשן אין די רדיפות אויף ייִדן (העלענע קליאטשקאָ, „די צווייטע געטא אין ווילנע",** ייוואָ־בלעטער, **ב' XXX, ז' 133);**

אכלאַפּ — **דאָס וואָרט וואָס באטייט: אפּפאַל איז אין ל"ג געניצט געוואָרן פאַר דער וואַר־סערדיקער זופּ וואס מע פלעגט קריגן אין רעסאָרט (טאגבוך, 24סטן יולי 1944, כּ"י, ייִהאָ).**

(המשך אין קומעדיקן נומער)

# „פֿאַר פּופּציק יאָר"

פֿון ח. ש. קאַזדאַן

אין פֿרײַע אַרבעטער־שטימע פֿון 13טן יאַנואַר באַרירט אַ. אַ. ראָבאַק אַן ענין, צו וועלכן איך האָב אַ שייכות. ער וואַרפֿט פֿאָר, הלמאַי דאָס בוך וואָס איז אַרויסגעגעבן לכּבוד ב. צבֿיונס יובֿילײַ האָט מען אַ נאָמען געגעבן פֿאַר 50 יאָר. „אימעצער — שרײַבט ער — האָט שוין ערגעץ געפֿרעגט צו וואָס האָט מען געדאַרפֿט דעם ׳פֿאַר׳. געדאַרפֿט האָט מען אים טאַקע ווי אַ פֿינפֿטע ראָד צום וואָגן, נאָר אַז מען שמועסט אַ מענטש האָט געלייענט ענגליש, איז דאָך ניט שייך... אָדער מע שרײַבט ׳אין משך פֿון 50 יאָר׳ אָדער ׳פּופּציק יאָר לאַנג׳. ׳פֿאַר 50 יאָר׳ איז פֿרעמד און גרייזיק". אַזוי פּסקנט אַפּ אַ. אַ. ראָבאַק.

ווי געזאָגט, האָב איך אַ שייכות צום ענין. ווי ח׳ צבֿיון דערציילט אין זײַן פֿאָרוואָרט צום בוך, בין איך געווען דער וואָס האָט צוגעגרייט דאָס בוך צום דרוק. איך האָב אויך אָנגעשריבן אַ גרויסע ביאָגראַפֿיש־ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונג וועגן חבֿר צבֿיון און זי איז אַרײַן אין בוך. ווי צבֿיון דריקט זיך אויס, בין איך געווען דער וואָס „האָט צונויפֿגעקליבן זײַנע אַלטע שמות און זיי אָפּגעשטויבט". אַלץ וואָס איך האָב אַרײַנגעגעבן אין בוך און אויך מײַן אַרטיקל האָט צבֿיון געלייענט אָפֿריער און זיך מיט מיר אַ סך מאָל געאַמפּערט: דאָס דאַרף מען ניט... שרײַבט ניט אַזוי פֿיל וועגן מיר... גיט אַרײַן ווייניקער מאַטעריאַל — נאָר דאָס בעסטע... און איך האָב אים געמוזט פֿאָלגן.

דעם נאָמען פֿאַר פּופּציק יאָר האָב איך אים פֿאָרגעלייגט. עס איז אים גלײַך געפֿעלן געוואָרן און אַזוי איז עס געבליבן. ח׳ צבֿיון האָט געהאַט אַ שטאַרק אַנטוויקלטן חוש פֿאַר ייִדיש לשון, מע קען זאָגן, ער איז געווען אַ מײַסטער פֿון ייִדיש, און צבֿיון האָט קיין איין מאָל ניט אויסגעדריקט קיין ברעקל ספֿק, צי עס קלינגט גוט: ׳פֿאַר פּופּציק יאָר׳. בין איך עס דער שולדיקער. און וועגן מיר האָט עס טאַקע פּונקט געטראָפֿן אַ. אַ. ראָבאַק מיט זײַן זאָג: „אַז מע שמועסט אַ מענטש האָט געלייענט ענגליש, איז דאָך ניט שייך". יאָ, **געלייענט** האָב איך אַוודאי ענגליש, אָבער **געטראַכט** אויף ענגליש האָב איך געוויס נישט, ניט אין 1948 ווען דאָס בוך איז אַרויס, און אַפֿילו ניט הײַנט אין 1956. ערשט איצט האָב איך באַמערקט אַז אויף דער צווייטער זײַט פֿון שער־בלאַט איז אָנגעגעבן אויף ענגליש: For 50 Years. איך בין ניט זיכער צי דאָס איז אַ גוטע איבערזעצונג. אָבער אויף יעדן פֿאַל קען ראָבאַק זײַן זיכער אַז איך האָב ניט געגעבן דעם ייִדישן טיטל לויט מײַן ענגלישן טראַכטן און לייענען... איך בין נאָך הײַנט אַפֿילו צו גרייט פֿאַר דעם.

בלײַבט אַלץ די קשיא, צי קען מען זאָגן אויף ייִדיש אין אַזאַ פֿאַל: ׳פֿאַר פּופּציק יאָר׳ — אין דעם זינען אַז אין בוך איז צונויפֿגעזאַמלט דאָס וואָס

צבֿיון האָט געשריבן במשך 50 יאָר. וועל איך ברענגען אַ צאָל ביישפּילן, ווען דער ׳פֿאַר׳ ווערט באַנוצט אין דעם זינען אויף יידיש:

1. פֿאַר די לעצטע 10 יאָר איז ניט אַרויס קיין איין יידיש בוך אין מאָסקווע.
2. פֿאַר די 30 יאָר האָט ער אָפּגעשפּאָרט 10 טויזנט דאָלאַר.
3. עס קומט אים געהאַלט פֿאַר 2 חדשים (צייט).
4. פֿאַר ד ע ר וואָך איז דעם קראַנקן געוואָרן אַ סך ערגער.
5. פֿאַר אַזוי פֿיל יאָרן האָסטו זיך אַלץ ניט אויסגעלערנט קיין ענגליש?
6. פֿאַר די 50 יאָר וואָס דער אַרבעטער־רינג עקסיסטירט, איז ער...
7. פֿאַר מ יי ן צייט איז דאָ אין שטעטל נישט געווען קיין איין שׂרפֿה.
8. ווערדליק פֿאַר זיינע יאָרן, איז ער גאַנץ גוט אַנטוויקלט.
9. פֿאַר זיינע 70 יאָר האַלט ער זיך זייער גוט.
10. פֿאַר אַזוי פֿיל יאָרן האָסטו ניט געפֿונען קיין איין גוטן חבֿר.
11. איך בין שולדיק דירה־געלט פֿאַר 3 יאָר.
12. פֿאַר דער צייט וואָס איך בין דאָ ניט געווען, זיינען געשען אַ סך זאַכן.
13. טאָג פֿאַר טאָג קום איך געוויר ווערן דעם טאַטן.
14. פֿאַר פֿראַנץ־יאָזעפֿן האָבן יידן געלעבט זייער גוט.
15. פֿאַרן גאַנצן יום־טובֿ בין איך קיין איין מאָל נישט געווען צו גאַסט.
16. פֿאַרן גאַנצן פּורים האָב איך קוים געמאַכט איין לחיים.
17. פֿאַרן רבינס לעבן האָט זיך קיינער ניט דערוועגט אַזוינס צו טאָן.

מיר דוכט זיך, די אַלע ביישפּילן זיינען גוטע עדות אַז דער טיטל פֿון צבֿיונס בוך איז בפֿירוש אין גייסט פֿון יידיש און האָט ניט צו טאָן מיט קיין ווירקונגען פֿון ענגליש. ראָבאַק האָט געמעגט זיין פֿאָרזיכטיקער מיט זיין קאַטעגאָרישן פּסק־דין — בפֿרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן פֿאַרשטאָרבענעם ח׳ צבֿיון...

פֿון רעד׳: מיר דרוקן די דאָזיקע זייער אינטערעסאַנטע נאָטיץ און בעטן די פֿריינד לייענערס זיך אַרויסצוזאָגן ווער עס איז גערעכט: א. א. ראָבאַק אָדער ח. ש. קאַזדאַן? מיר דערלויבן זיך אָנצווייזן אַז אויבן אויף, אויפֿן סמך פֿון דעם אייגענעם שפּראַך־חוש, האַלטן מיר אַז עס זיינען קאָרעקט די זאַצן 3, 7, 8, 9, 11, 12, 14 און אפֿשר אויך 2 און 17. מיר האַלטן ניט אַז עס זיינען קאָרעקט די זאַצן 1, 4, 5, 6, 10, 15, 16. דער ענין איז זייער אַן אינטערעסאַנטער און נישט קיין פּשוטער. מע דאַרף ברענגען ראיות פֿון דער ליטעראַטור, און נאָר אַזעלכע ראיות ווו עס קען קיין ברעקל ספֿק ניט זיין, אַז די השפּעה מצד ענגליש איז ניט שייך. מע דאַרף אויך אַ פּאָרש טאָן, צי אין אַלע יידישע דיאַלעקטן האָט מען אויף דעם זעלביקן אופֿן געניצט די פּרעפּאָזיציע ׳פֿאַר׳ אין אַדווערביאַלע פֿראַזעס וואָס גיבן איבער דעם משך פֿון צייט.

# צוגאָב צו „מערצאָל פֿון זאַכווערטער"

פֿון י. מ.

אין דעם קאַפּיטעלע יב, וועגן ווערטער וואָס זיינען נאָר אין איינצאָל, פֿון דער אַרבעט „מערצאָל פֿון זאַכווערטער" (יידישע שפּראַך, ב׳ XVI, נומ׳ 1, זז׳ 16־17), איז דער פּונקט 2 איבערגעגעבן געוואָרן אין אַן אומפּינקטלעכער און אומגראַטעוועדיקער פֿאָרעם, מחמת אַ פֿאַרזען פֿון מחבר. מע דאַרף

דאָרטן אויסרעכענען פּופּצן זאַכווערטער וואָס האָבן ניט קיין מערצאָל. דער סדר דאַרף אויך זיין אַן אַנדערער. דעריבער פאַרריכטן מיר דעם גאַנצן פּונקט און דרוקן אים איבער:

2. בלויז עטלעכע געציילטע סובסטאַנטיוון איז דערווייל ניט אויס-גערעכנט צו באַגעגענען אין דער פאָרעם פון מערצאָל און עס איז שווער צו ניצן דעם לשון רבים:

די מי — . . . (טעאָרעטיש איז מיגלעך „די מיען", אָבער ווען מע דאַרף די מערצאָל זאָגט מען גלייכער: די מיונגען, מיענישן);

די רו — . . . (אָבער פון אומרו קען ווערן אומרוען, אמת מיט אַן אַנדער באַטייט);

דער שלאָף — . . . („די שלאָפן", די איינציק טעאָרעטיש דערלאָזלעכע פאָרעם, איז ניט מיגלעך);

דאָס גרעט — . . . („גרעטן" אָדער „גרעטער" קיין מאָל ניט באַגעגנט; מיינע גרעט, ד"ה מערצאָל, — נאָר אין ליטווישן דיאַלעקט);

דאָס געזונט — . . . (מסתּמא האַלט מען אַז עס איז פאַראַן נאָר איין מין געזונט און אַ סך מינים קרענק);

דער מוט — . . . אויך הויכמוט, איבערמוט;

דער שטאָלץ — . . . (מע גייט אויף שטאָלצן, דיאַלעקטיש — שטעלצער, אָבער קיין מערצאָל-פאָרמען פון דעם וואָרט זיינען זיי ניט);

דאָס מענטש — . . . (מיטן באַטייט: אַלטע פרוי. ווי נאָר עס קומט צו מערצאָל ווערט פאַרלאָרן אָט דער ספּעציעלער באַטייט);

דער עונג — . . . (אָבער דער תּענוג — די תּענוגים, דער עונג-שבת — די עונג-שבתן);

דער מוסר — . . . (אָבער די מוסרייען, און אפשר אויך מיגלעך: די פאַרשיידענע מוסרס);

די עברי — . . . (ניטאָ קיין „די עברים", די טעאָרעטיש מיגלעכע פאָרעם, און אַז די עברי איז איינצאָל דערווייזט דער זאַץ: זיין עברי איז אַ צעקאַליע-טשעטע);

דער רבים — . . . („דעם יחיד איז שלעכט ווען דער רבים איז אומ-גערעכט"; טעאָרעטיש וואָלט מיגלעך געווען „רבימס" וואָס איז ניט בנמצא);

דער ערב — . . . (פון ערב שבת, ערב יום-טוב איז געוואָרן ווי אַ באַ-זונדער וואָרט ערב, אָבער קיין מערצאָל איז דאָ ניט שייך);

דאָס רוב — . . . (טעאָרעטיש איז מיגלעך „די רובן", אָבער פּאַקטיש איז אַזאַ פאָרעם ניט פאַראַן);

דער תּל — . . . (פון מאַכן אַ תּל, ווערן אַ תּל — דער תּל וואָס איז פון אים געוואָרן; מערצאָל איז דאָ ניט שייך).

מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט סך-הכּל פּופּצן ווערטער. אוודאי קענען זיך געפינען נאָך עטלעכע וואָס זיינען ניט אַריין אין אונדזער נעץ, אַזוי צו זאָגן.

מיר הייבן אַרויס די קליינצאָליקייט פון אָט דער גרופּע, כּדי צו באַשטעטיקן דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ, פאָרמולירט אין פּונקט 1.

און אַ תּיקון־טעות צו דאָרטן, ז׳ 20. צווישן די ווערטער וואָס טרעפן זיך נאָר אין מערצאָל אַריינשטעלן נאָך פּני דאָס וואָרט קעסט (זײַנע מאָגערע קעסט).

# קריטישע נאָטיצן

## פון י. שטיינבוים

ייִדישע שפּראַך דרוקט פון צייט צו צײַט נאָטיצן וועגן און קעגן אַ גאַנצער ריי אַנאָמאַליעס וואָס עס ליידט פון זיי אונדזער לשון, סיי אין דער פּרעסע און סיי פון דער פּלאַטפאָרמע בײַ עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען. אין באַנד XV, נומ׳ 4, האָט ש. מיללער אָנגעוויזן אויף דעם ווי אַזוי די פּרעפּאָזיציע פון דער ענגלישער זאַץ־קאָנסטרוקציע פאַרבײַט צו ביסלעך דעם ייִדישן נוסח.

איך וויל זיך דאָ אָפּשטעלן אויף עטלעכע פּרטים, צופעליק צונויפגענומען, וועגן קאָרעקטקייט און אויסגעהאַלטנקייט אין דער שפּראַך פון אונדזער טעג־לעכער פּרעסע — אין דעם מעג מען כּמעט אין גאַנצן פאַרגעסן. דאָרטן מאַכט מען ניט די מינדסטע אָנשטרענגונגען צו זײַן קאָרעקט און אויסגעהאַלטן בנוגע לשון. אָבער אַפילו אין אַזאַ ערנסטן און בכּבֿודיקן חודשלעכן זשורנאַל ווי צוקונפט, אַפילו דאָרטן הערשט אַ מין פאַרעווע באַציִונג ווען עס קומט צו אויסלייג, זאַצגעבוי, סעמאַנטיק און אַזוי ווײַטער. די צוקונפט לאָזט יעדן איינעם שרײַבן ווי ער וויל, אַזוי אַז עס באַקומט זיך דער אײַנדרוק אַז בײַם שרײַבן ייִדיש מוז מען ניט זײַן אָפּגעהיט און אויסגעהאַלטן. אָט ליגט פאַר מיר דער נומער צוקונפט פון אַפּריל 1956. טוט אָן עפן אויף זײַט 186 און אין איין קליינעם פּאַראַגראַף לייענט איר: „דער בית־מדרש עממי״, און מיט צוויי שורות ווײַטער שטייט שוין גאָר „דאָס בית־המדרש עממי״. אין דעם זעל־ביקן אָטעם איז פון דער געוואָרן דאָס און פון מדרש — המדרש. מיש איך דעם פעברואַר־נומ׳ צוקונפט (1956) און איך לייען „דער עצם עקסיסטענץ״. ווי אַזוי איז עס פון די עקסיסטענץ געוואָרן „דער עקסיסטענץ״? אָדער איך לייען קולטור און דערציִונג (דעם פעברואַר־נומ׳ פון 1956), דאָרטן שרײַבט אַ חשובֿער זשורנאַליסט: „זיי האָבן געבויט שולן און עס איז מײַן באַפרידיקונג צו דערמאָנען...״ — וואָרט אין וואָרט די ענגלישע פראַזע ...it is my pleasure to. דער זעלביקער זשורנאַליסט דערלויבט זיך זייער אָפט אַזעלכע איבערזעצונ־גען פון דער ענגלישער פראַזעאָלאָגיע. אויך אין די ייִוואָ־בלעטער קען מען געפינען אַזוינע שפּראַכפאָרמען וואָס זײַנען אײַנגעהילט אין אַ היפּש ביסל וואָלקנ־דיקייט, אויסדרוקן וואָס זייער טײַטש איז ניט גענוג קלאָר. צו וואָס למשל דאַרף מען שרײַבן אין באַנד XXXIX, ז׳ 130: „פאַרשווין אונדז פון דײַן שטראָף״, ווען אַלע ייִדן זאָגן באַהיט אונדז? צו וואָס שרײַבן „פיזישע און נשמהדיקע נויטן״, ווען דאָס וואָרט גײַסטיק איז אין דעם פּרט אַ סך קלאָרער? אַ נשמה־

דיקער מענטש קען באַטײַטן גאָר עפּעס אַנדערש ווי אַ גײַסטיקער מענטש. אין ייִוואָ־בלעטער ניצט מען „אַעראָפּלאַן" (דאָרטן, ז' 363). קיינער רעדט ניט אַרויס אַ־ע־ראָפּלאַן. דאַרף מען אויפֿהיטן דעם פּתח־אַלף ווי אַ זכר פֿון לאַטײַן? אָדער איז דאָס אַ זכר פֿון רוסיש? אין ווערטערביכער און אין ענציקלאָפּעדיעס דאַרף מען אָנווײַזן אויפֿן אָפּשטאַם פֿון ווערטער, אָבער אין זשורנאַלן און ביכער איז עס איבעריק, און מע דאַרף אויסלייגן אַזוי די אינטערנאַציאָנאַליזמען אַז זיי זאָלן אָפּשפּיגלען אונדזער אַרויסרייד.

עס איז אויך זייער שווער זיך פֿונאַנדערצוקלײַבן אין די אויסלייג־תּקנות, לויט וועלכע עס קומט אויס אַז אַזעלכע נײַע צונויפֿהעפֿטן ווי פֿאַלקלאָרקלוב אָדער נאַציצײַט ווערן געשריבן אין איינעם, און אַזעלכע רעלאַטיוו פּשוטערע ווערטער ווי ייִדן־פֿראַגע, אָדער לעבנס־פֿראַגע ווערן געשריבן מיט אַ בינד־שטריכל. אָבער ניט אַלע מאָל ווערן אָפּגעהיט אויך די קאָמפּליצירטע תּקנות פֿון אויסלייג. אַזוי למשל געפֿינען מיר 'טוכפֿאַבריקאַנט' געשריבן אין איינעם, הגם דאָ האָבן מיר פֿאַר זיך פֿיר טראָפּן און דער כּלל וועגן שרײַבן אין איינעם רעדט וועגן דרײַ, און טוך־פֿאַבריקאַנט איז ניט קיין לענגערע פֿאָרעם פֿון טוכפֿאַבריק נאָר אַ וואָרט פֿאַר זיך.

דאַרף מען ווײַטער וואָרענען: מער קאָרעקטקייט און מער אויסגעהאַלטנ־קייט אין גרעסערע און אין קלענערע ענינים.

## מע שרײַבט אונדז

**125.** יצחק ליבערמאַן, פֿון מעקסיקע:

מיט גרויס אינטערעס האָב איך געלייענט אין ייִדישע שפּראַך, ב' XV, נומ' 3, זז' 92—93, ווי אַזוי מען האָט אין דער וואַרשעווער פֿאָלקסשטימע, פֿון 4טן יוני 1955, זיך געחקירהט וועגן דעם „גריַז" ביַי אַבֿרהם רייזענען אין זײַן פּאָפּולער ליד „מאַי קאָ משמע לן" — און די שטיוול איז צעריסן. מוז איך באַמערקן אַז לייב זאַמעט וואָס שרײַבט וועגן דער זאַך איז אַבסאָלוט גערעכט. עס איז אין דעם ליד ניטאָ קיין גריַז. איך בין אַליין אַ קאַידאַנאַ־ווער, אַבֿרהם רייזען עליו השלום אַ לאַנדסמאַן, און איך קען זײַן אַן עדות און באַשטעטיקן אַז אין אונדזער שטעטעלע קאַידאַנאָוו האָט מען בפּירוש אַזוי גערעדט: די שטיוול איז צעריסן.

נאָך מער. איך געדענק אַז מען האָט אַ מאָל געזאָגט אַבֿרהם רייזענען אַז ער האָט באַדאַרפֿט שרײַבן: „די שטיוול זײַנען צעריסן", האָט ער געענטפֿערט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל: „וויפֿל פּאָר שטיוול, מיינט איר, האָט אַ בחור אַ קלויזניק געהאַט?" דער שליסל צו דער איינצאָל איז, אַנשטאָט דער מערצאָל זײַנען, ליגט טאַקע אין דעם וואָרט פּאָר. מען האָט דאָך געהאַט אין זינען איין פּאָר שטיוול, האָט מען טאַקע דערפֿאַר געניצט די איינצאָל פֿון ווערב.

**126.** בערל ראַבאַך, פֿון עכּו, מדינת ישׂראל:

פֿון סאַניק, גאַליציע, געדענקען זיך אַזעלכע מאכלים וואָס מײַן מאַמע

ע״ה (זי איז געשטאָרבן בעת דער וועלט־מלחמה אויף פאַרשיקונג אין סיביר) פּלעגט קאָכן:

האָ׳לעפּטשעס — פלייש, געוויקלט מיט קרויט און ראָזינקעס; נאָ׳קעלעך (אין באָבעוו האָט מען עס גערופן פּאָ׳לושקעס, אין לינסק — שטעקעלעך) — לאַנגע שטיקלעך טייג, געפּילט מיט קאַרטאָפל; קראָפּ מיט פענציק — קראָפּ, געפּילט מיט פּערלגרויפּן און שמאַלץ; קראָפּ מיט געהירן פון אַ קאָזע (אַ ציג).

די מאַמע ע״ה האָט ניט געמאַכט סתּם קנישן און קנישלעך, נאָר אַזעלכע מינים: קאַרטאָפל־ (אַרויסגערעדט: קיטאָ׳פּל) קנישלעך, קערשן־קנישלעך, יאַפּרע־קנישלעך (געפּילט מיט רויטע יאַגדעס), באָרוועקע־קנישלעך (געפּילט מיט שוואַרצע יאַגדעס), קנישלעך מיט בערעלעך (מיט אַגרעסן), ווײַנשל־קנישלעך, גרויפּן־קנישלעך אָדער פענציק־קנישלעך, פּאָווידלע־קנישן, און אַוודאי זײַנען געווען קעזקנישן און קרויטקנישן.

דער מאַמעס קיכלעך האָבן געקאָנט זײַן: מאָנקיכלעך, אייער־קיכלעך, ציבעלע־קיכלעך, קאָמיס־קיכלעך (פון שוואַרץ מעל), קלייען־קיכלעך, האָניק־קיכלעך, קאַרטאָפל־קיכלעך. דאַרע קיכלעך האָבן געהייסן די גאָר דינע קיכ־לעך.

פּיע׳רשקעס (ד״ה פּירעשקעס, פּיראָגן) האָבן געקאָנט זײַן מיט קעז, מיט קרויט, מיט גריוון, מיט אַרבעס, מיט קערשן, מיט יאַפּרעס. חוץ אַ רײַז־, ראָזינקע־, ברויט־, קאַרטאָפל־ און גרויפּן־קוגל, איז אויך געווען אַ האָדן־קוגל, דאָס הייסט פון רעטשענע גרויפּן.

127. פּתחיה פּרימער, פון וואַשינגטאָן, ד״ק.

עס איז כּדאַי צו ברענגען עטלעכע ווערטער פון קאָמענעץ־פּאָדאָלסק וואָס זײַנען וויכטיק ניט בלויז פאַרן „גרויסן ווערטערבוך פון דער יידישער שפּראַך“, נאָר זיי קענען זײַן אינטערעסאַנט פאַר יעדערן:

גזירה־ווײַבל — אַ ווײַבל וואָס פירט זיך אויף שלעכט, וואָס איבער אירע מעשׂים קענען חלילה נגזר ווערן גזירות, מגפות, קליינע קינדער קענען שטאַרבן און אַנדערע פּגעים רעים קענען, השם יצילנו, אָנגעשיקט ווערן;

חלום־ליכט (בײַ אונדז אַרויסגערעדט: לעכט) — אַ ליכט וואָס מע שטעלט אין שול אָדער בית־מדרש ווען מען האָט אַ שלעכטן חלום, דאָס בייזע זאָל ניט מקוים ווערן; פּאַראַלעל צו חולה־ליכט — דאָס ליכט וואָס מע שטעלט פאַר אַ קראַנקן;

מקלענען (מאַ׳קלענען) — מיטן אומגעריכטן באַטײַט: אָפּטרעטן, אַוועקגיין, אויפן סמך פון פּסוק אין בראשית, לב, 11, „במקלי עברתי את הירדן“;

רויכוואַרגער — דער וואָס האַנדלט מיט רויכוואַרג;

לײַבמענטש — אַ גבאי בײַ אַ רבין, דער וואָס היט און איז משמש דעם רבין;

דער שבת־צו־נאַכט אָדער שבתות־נאַכט האָט בײַ אונדז, ווי כּמעט אומעטום, געהייסן די נאַכט נאָך שבת, די נאַכט פון הבדלה און מלווה־מלכּה, אָבער משמעות אַז ניט אומעטום איז געווען אַזוי. אַ סאָכאַטשעווער חסיד וואָס איז געקומען צו אונדז האָט גראָד גענוצט אָט דאָס וואָרט פאַר דעם פרײַטיק־צו־נאַכט.

# שאלות און תשובות

328. אין א בוך וואס איז ארויס מיט א קורצער צייט צוריק קומט אויס כסדר זיך אנצושטויסן אויפן ווארט „אוממיטלבאר": „מיטן פוילישן יידנטום איז די דאזיקע פאר־שונג געבונדן צווייפאכיק: ערשטנס, אוממיטל־באר, דורך דער געשיכטע..."; „וועט זיך דער לייענער דערוויסן פון די סאמע אומ־מיטלבארע קוואלן..."; „די פראטאקאלן וואס זיינען צונויפגעשטעלט פון די אוממיטלבארע אנטייל־נעמער..." איז אין די דריי פאלן דער „אוממיטלבאר" נייטיק? און צי דאַרף מען דאס ווארט בכלל אין יידיש?

דער „אוממיטלבאַר" איז אין קיין איי־נעם פון די דריי זאַצן ניט נייטיק. עס איז גלייכער: „מיטן פוילישן יידנטום... ערשטנס, דירעקט דורך דער געשיכטע..."; „וועט דער לייענער זיך דערוויסן פון די ערשטע קוואלן..."; „די פּראָ־טאָקאָלן וואָס זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן פון די אָנטייל־נעמערס גופא".

מיר רעקאָמענדירן אויסצומיידן דאָס וואָרט „אוממיטלבאַר". מע קען בעסער ניצן: דירעקט, גלייך, גראָד, אומפאַר־מיטלט און אפשר נאָך אַנדערע אדיעק־טיוון און אַפילו — ווי מיר האָבן געזען דאָס טייערע ווערטעלע גופא (וואָס האָט לעצטנס אַלץ וויייניקער מזל ביי אונדז).

(די פראגע 328 האט צוגעשיקט דוד טאמבאק, קווינס, נ"י).

329. ווי איז די מערצאל פון תיקון־טעות? תיקון־טעיות? תיקוני־טעיות?

די מערצאָל פון תיקון־טעות איז תיקון־טעותן. זען די אַרבעט „מערצאָל פון זאַכווערטער" וואָס גייט שוין צוויי יאָר אין יידישע שפּראַך, באַזונדער די קאַפּיטעלעך א און י.

330. ווי איז דער גראמאטישער מין פון ניוואָ? איך טרעף די ניוואָ, און אויך דאס ניוואָ, און אויך דער ניוואָ.

מיר האַלטן אַז מע דאַרף זיך האַלטן ביי דער ניוואָ. די מאָטיווירונג קען מען געפינען אין יידישע שפּראַך, ב' III, ז' 111.

(די פראַגעס 329־330 האָט צוגעשיקט יצחק ־בערג, ברוקלין, נ"י).

331. מיך אינטערעסירט די באַדייטונג פון וואָרט צוואַרעך. דאָס וואָרט קעז ווערט גע־ניצט אומעטום, נאָר אין ליטע האָט מען אַנשטאָט קעז געזאָגט צוואַרעך. קענט איר אויפקלערן דעם ענין?

קעז איז דער אַלגעמיינער כּוללדיקער נאָמען וואָס איז דאָ אין אַלע יידישע דיאַלעקטן אין דער כּלל־שפּראַך. צוואַ־רעך איז אַיין ספּעציעלער מין קעז, אָדער ריכטיקער דער פּראָדוקט וואָס איז נאָך נישט געוואָרן עכטער קעז. צוואַרעך איז דאָס זעלביקע וואָס pot cheese, cottage cheese אויף ענגליש. אין פאַרשיידענע פאָרמען איז פאַראַן דאָס דאָזיקע וואָרט אין אַלע דיאַלעקטן. דאָס וואָרט איז פון סלאַוויש.

(די פראַגע 331 האָט צוגעשיקט ז. ב. קאַמייקאַ, שיקאַגאָ).

332. צי מעג מען ניצן דאָס וואָרט אַזויערנאָך? מיר איז אויך נישט קלאָר דער באַטייט פון דעם דאָזיקן וואָרט.

אַזויערנאָך באַטייט: אַזוי אַרום, אויף אַזאַ אופן. אוודאי מעג מען ניצן דאָס וואָרט, הגם עס טרעפט זיך נישט אָפט אין אונדזער איצטיקער ליטעראַטור־שפּראַך. מיט דעם דערקלערט זיך וואָס דאָס וואָרט איז כּמעט ווי פאַרגעסן גע־וואָרן.

(די פראַגע 332 האָט צוגעשיקט לייב זאַמעט, שיקאַגאָ).

---

רעדאַקטאָר: יודל מאַרק.

# YIDISHE SHPRAKH

## (THE YIDDISH LANGUAGE)



A JOURNAL
Devoted to the
PROBLEMS OF
STANDARD YIDDISH

TABLE OF CONTENTS:




**April-June, 1956, Vol. XVI, 2**

YIVO INSTITUTE FOR
JEWISH RESEARCH

1048 Fifth Avenue
New York 28, N. Y.

PRINTED IN U.S.A.

Annual Subscription—$2.00

# יידישע שפּראַך

זשורנאַל פֿאַר די
פּראָבלעמען פֿון דער
יידישער כּלל־שפּראַך



אינהאַלט:



יידישער וויסנשאַפֿטלעכער
אינסטיטוט — ייִוואָ

1048 פֿינפֿטע עוועניו
ניו־יאָרק 28, נ״י

יולי—סעפּטעמבער 1956, ב׳ XVI, 3



אַבאָנעמענט־פּרייז — 2 דאָלאַר אַ יאָר

# די כּמות־פֿאַרבינדונג צווישן זאַכוווערטער

פֿון יודל מארק

## א. דער עצם ענין

אַ בעל־הביתטע קויפֿט איין פֿינף פֿונט צוקער, אָ זעקל מעל, אַ בינטל מערן, אַ סלוי איינגעמאַכטס און זי טענהט אַז זי האָט אויסגעגעבן אַ גרעסערע סומע געלט ווי זי האָט זיך גערעכנט; דערצו נאָך האָט זי געדאַרפֿט שלעפּן דעם גאַנצן פּאַק זאַכן אַליין, וואָרעם פֿאַר דעם באַטרעף לייזונג שיקט מען ניט צו די פּאַרציע סחורה אין הויז אַריין; זי קלאָגט זיך אַז זי האָט אָנגעוואָרן דאָס לעצטע ביסל כּוחות און זי איז זיך מחיה מיט אַ טעפּעלע קאַווע און אַ שטיקל לעקעך. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט פּשוטע, וואָכעדיקע, געוויינטלעכע ענינים און מיט אַזעלכע פֿאַרבינדונגען צווישן ווערטער וואָס זיינען נאַטירלעך און רופֿן ניט אַרויס קיין ספֿקות ביי קיינעם וואָס רעדט יידיש.

און דאָך האָבן מיר דאָ פֿאַר זיך זייער אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג. מע שטעלט זיך ניט אָפּ אויף איר, טאַקע ווייל זי איז אַזוי אָפֿט און נאַטירלעך. מיר האָבן דאָ פֿאַר זיך אַ טאָג־טעגלעכע, אַ יום־יומיקע פֿאַרבינדונג צווישן צוויי זאַכווערטער, צווישן די אַלע ווערטער וואָס ווערן געגעבן אין קורסיוו. אין וואָס באַשטייט דאָ דער חידוש און די אייגנאַרטיקייט? אין דעם וואָס צוויי זאַכווערטער קומען דאָ איינס נאָכן צווייטן אָן שום אַרטיקל אָדער פּרעפּאָזיציע און אין דעם וואָס די בינדונג צווישן זיי דריקט זיך אויס אין אַ ספּעציעלער אינטאָנאַציע ביים ריידן.

בלויז ווען אַ זאַכוואָרט אין יידיש פֿאַרמאָגט אַ ספּעציעלן סובסטאַנטיווישן סופֿיקס (למשל: ־קייט, ־ניש, ־עריי, ־ונג א״אַ) טראָגט עס דעם סימן פֿון זיין אַ זאַכוואָרט אַזוי צו זאָגן אין זיך, אין דער פֿאָרעם פֿון דעם וואָרט גופֿא. אין אַלע אַנדערע פֿאַלן, און דאָס טרעפֿט מיט אַלע אָנסופֿיקסדיקע זאַכווערטער, דערקענט מען דאָס זאַכוואָרט לויט אַנדערע, לויט אַזוי צו זאָגן דרויסנדיקע סימנים:[1] עס קומט מיט אַן אַרטיקל, אַ פּרעפּאָזיציע, אַ פּראָנאָם, מיט אַן אַדיעקטיוו אָדער אַ פּאָסעסיוו וואָס ציט זיך צו אים; עס פֿאַרמאָגט אָדער קען פֿאַרמאָגן אַ מערצאָל־ענדונג. דער עיקר

[1] זען באַריכות וועגן דעם אין אַרטיקל „וואָרטקלאַסן אין דער גראַמאַטיק פֿון יידיש“, יידישע שפּראַך, ב׳ VIII, זז׳ 1—11, באַזונדער ז׳ 7.

דערקענט מען דעם סובסטאַנטיוו לויט זײַן פונקציע אין זאַץ. אָוועקשטעלן כּסדר איין זאַכוואָרט נאָכן צווייטן קען מען בלויז אין עטלעכע גאַנץ באַ־שטימטע פאַלן און נאָר מיט ספּעציפישע אינטאָנאַציעס.[2] אַ סובסטאַנטיוו נאָך אַ סובסטאַנטיוו אָן שום מחיצה פון אַן אַרטיקל, פּרעפּאָזיציע אאַז״וו קען קו־מען בלויז ביי אַן איבעררעכענונג („זי האָט אײַנגעקויפט קרויט, מערן, ציבעלעס, עפּל און פלוימען״) אָדער בײַ אַ פּאַראַלעליזם („אַזוי טראַכטן נאָר באַנקקוועטשערס בטלנים״). אַ סובסטאַנטיוו נאָך אַ סובסטאַנטיוו אָן שום מחיצה פון אַן אַרטיקל, פּרעפּאָזיציע אאַז״וו קען קומען אויך בײַ אַ כּמות־פאַרבינדונג צווישן זיי. דוגמאות פאַר אָט דער פאַרבינדונג ווערן געגעבן גלייך אין ערשטן זאַץ וועגן דער בעל־הביתטע. לאָמיר ברענ־גען נאָך אַ צאָל, כּדי מיר זאָלן זיך אַרײַנטראַכטן אין זיי, אַרויסזאָגן זיי פּאַמעלעך און אויפן קול און טאַקע דערהערן די אייגנאַרטיקע אינטאָנאַציע וואָס איז פאַראַן דערבײַ:

> זיי האָבן אויסגעליידיקט אַלע פלעשלעך בראָנפן; עס איז געפאַלן דער פּראָצענט טויטפאַלן; מע רודפט די סעקטע גלייביקע; איך וועל פאַר אים קיין זאַק באַרשט ניט אָפּגעבן; זי איז געזעסן ביים ברעג ים; זי האָט אויסגעוועלגערט אַ מיירע טייג; ער טרינקט זיך אין אַ מבול צרות; ער זאָגט אַ קאַפּיטל תּהילים; דאָס איז געשען סאָמע אָנהייב יאָרהונדערט; עס איז אַ גאַנצער קאָמפּלעקס פּראָבלעמען.

מיר האָבן דאָ זאַצן פון כּלערליי ספּערעס. אָבער די אַלע זאַצן פאַר־מאָגן צוויי סובסטאַנטיוון וואָס ציען זיך איינער צום צווייטן אָן שום — לאָמיר זאָגן — וואָפנע צווישן זיי; די לאָגישע פאַרבינדונג איז דאָ תּמיד אַ שייכות פון כּמות, פון קוואַנטום, גענומען דעם ענין כּמות זייער ברייט. און אומעטום איז דאָ פאַראַן די ספּעציעלע אינטאָנאַציע: ביידע טיילן פון דער פאַרבינדונג האָבן אויף זיך שטאַרקע אַקצענטירונגען, אָבער דאָך איז דער ערשטער סובסטאַנטיוו דער מיוחס, דער קוועטש אויף אים איז בולטער; צווישן די ביידע ווערטער קומט אַ קורצע פּאַוזע, אַן אָפּשטעל, וואָס ווי בחפזונדיק ער זאָל ניט זיין — איז ער פאָרט פאַראַן.[3]

אונדז גייט אין אויספאָרשן אָט די אייגנאַרטיקע כּמות־פאַרבינדונג צווישן צוויי זאַכווערטער.

## ב. דער קוואַנטיטאַטיוו

מע דאַרף זיך היטן מיטן אײַנפירן נײַע טערמינען. זיי קענען אין גע־וויסע פאַלן ווערן אַן איבעריקע הכבדה. אָבער דאָך זײַנען זיי אין אַנדערע פאַלן אומאויסמיידלעך. עס דאַכט זיך אונדז אַז דאָ איז אַבסאָלוט נייטיק

---

[2] זען „די אַטריבוטיווע פראַזע״, דאָרטן, ב׳ II, זז׳ 43־44.

[3] פּ׳ יודא אַ. יאָפע האָט אָנוסטן געגעבן זייער אַ געראָטענעם בײַשפּיל כּדי צו דערפילן די אייגנאַרט אין דער אינטאָנאַציע: ער האָט וואָנטזייגערס (צונויפגעהעפט מיט איין אַקצענט אויפן ערשטן טייל) און ער האָט אַ וואָנט זייגערס (אונדזער פאַרבינדונג צווישן צוויי זאַכ־ווערטער, מיט אַקצענטן אויף יעדערן באַזונדער, מיט אַ פּאַוזע אין מיטן).

דער נײַער טערמין קוואַנטיטאַטיוו וואָס מיר פֿירן דאָ איַין. צו וואָס באַדאַרף מען אים? ראשית־כּל כּדי זיך צו פֿאַרשפּאָרן די טירחה כּסדר אי־בערצוחזרן די לאַנגע פֿראַזע „כּמות־פֿאַרבינדונג צווישן צוויי זאַכווערטער" — און דאָס אַליין איז שוין אַ גענוגיקע מאָטיווירונג; צווייטנס, כּדי אַרויס־צוהייבן דעם גאַנצן ענין, כּדי אים אָוועקצושטעלן ווי עפּעס פֿאַר זיך, כּדי אונטערצושטרײַכן אַז דאָס איז אַ ספּעציעלע דערשײַנונג; דריטנס, כּדי אַרײַנ־צושטעלן דעם ענין אין דער גאַנצער סיסטעם פֿון גראַמאַטישן באַטראַכטן דעם יידישן סובסטאַנטיוו.

מיר דאַרפֿן טאַקע זיך לערנען פֿון אַלע גראַמאַטיקעס פֿון אַנדערע לשונות, באַזונדער פֿון די וואָס זײַנען על־פּי זייער סטרוקטור נאָענט צו אונדז. מיר טאָרן דערבײַ אָבער ניט נאָכמאַכן פֿרעמדע מוסטערן און ניט איבערנעמען גרייטע סכעמעס, וואָס זיי קענען אפֿשר זיך ניט פּאַסן פֿאַר אונדזער לשון. אַז מיר באַטראַכטן דעם ענין בייגפֿאַלן, אָדער קאַזוסן, פֿון סובסטאַנטיוו, לאָמיר אײַנזען אַז אין דער יידישער גראַמאַטיק זײַנען פֿאַראַן בלויז דרײַ בייגפֿאַלן: נאָמינאַטיוו, דאַטיוו און אַקוזאַטיוו. די דרײַ בייג־פֿאַלן ווערן באַשטימט סינטאַקטיש, זיי כאַראַקטעריזירן די ציִונגען וואָס זײַ־נען פֿאַראַן צווישן ווערב און סובסטאַנטיוו. דער פּאָסעסיוו געהער ניט צו די בייגפֿאַלן; דער פּאָסעסיוו איז אַ סך מער באַגרענעצט ווי די דרײַ דער־מאָנטע בייגפֿאַלן און ער כאַראַקטעריזירט די שײַכות צווישן אַ סובסטאַנטיוו און אַ סובסטאַנטיוו, דערבײַ דער עיקר נאָר פֿון א נאָמען פֿון אַ באַלעבטער זאַך צו דעם וואָס געהער צו איר. אַזוי ווי דער פּאָסעסיוו אַזוי איז אויך דער קוואַנטיטאַטיוו אַ קאַטעגאָריע פֿאַר זיך. דאָ האָבן מיר ווידער די שײַכות צווישן צוויי זאַכווערטער, אָן אַנדער שײַכות, אַ כּמותדיקע. בכן זעען מיר פֿאַר זיך דאָס בילד אַזוי: אַלע סובסטאַנטיוון קענען פֿאַרמאָגן די דרײַ בייגפֿאַלן; סוב־סטאַנטיוון פֿאַר נעמען פֿון באַלעבטע זאַכן קענען פֿאַרמאָגן דעם פּאָסעסיוו; סובסטאַנטיוון בײַ װעלכע עס איז חל אַ פֿאַרשטעלונג וועגן צאָל, וועגן מאָס, וועגן קוואַנטום, וועגן אַ טייל, וועגן אַ סכום, א קאָלעקטיוו — קענען פֿאַר־מאָגן דעם קוואַנטיטאַטיוו. וועגן דער שײַכות צווישן קוואַנטיטאַטיוו און די בייגפֿאַלן וועט זײַן די רייד שפּעטער.

דער קוואַנטיטאַטיוו דריקט זיך אויס אין פֿאַרבינדונג צווישן צוויי זאַכווערטער. דאָ איז דער הויפּטפּונקט פֿאַרבינדונג נאָך וויכטיקער ווי בײַם פּאָסעסיוו, וואָרעם דער פּאָסעסיוו פֿאַרמאָגט אַ ספּעציפֿישע ענדונג (־ס, ־עס, ־נס), אָבער דער קוואַנטיטאַטיוו האָט ניט קיין שום ענדונג. ווען עס רעדט זיך וועגן קוואַנטיטאַטיוו דאַרף מען פֿון איין זײַט האָבן אַ זאַכוואָרט וואָס מע קען בנוגע אים שטעלן די פֿראַגע: וויפֿל? וואָסער טייל? און פֿון דער צווייטער זײַט דאַרף מען דאָ האָבן א זאַכוואָרט, מיט אָדער אָן ווערטער וואָס ציִען זיך צו אים, וואָס ענטפֿערט אויף אָט דער פֿראַגע וועגן כּמות.

דער קוואַנטיטאַטיוו האָט ראשית־כּל נעגאַטיווע סימנים: ער האָט ניט קיין ענדונג, עס קומט ניט צווישן די צוויי זאַכווערטער ניט קיין אַרטיקל

און ניט קיין פּרעפּאָזיציע. דער פּאָזיטיווער סימן, די אייגנאַרטיקע אינטאָ־נאַציע, איז פֿאַראַן בלויז אין דער גערעדטער שפּראַך, קיין שום סימן פֿאַר דעם אין שרייבן איז ניטאָ.

פּונקט ווי דער פּאָסעסיוו קען אויך דער קוואַנטיטאַטיוו זײַן איןביידע צאָלן. דערבײַ קאָנען: (א) ביידע טיילן זײַן אין איינצאָל; (ב) ביידע טיילן אין מערצאָל; (ג) דער ערשטער טייל אין איינצאָל און דער צווייטער טייל אין מערצאָל; (ד) דער ערשטער טייל אין מערצאָל און דער צווייטער טייל אין איינצאָל. דוגמאות:

(א) א גלאָז פּרוכטזאַפּט, א הייפּטל קרויט, די ראַציע ברויט, דאָס שעפּל וואַסער, אַ טייסטער געלט, א גאַנצער ים פּײַער, א חודש פּײַן, סוף יאָרהונדערט, די המוציא ברויט, אַ פּאַס לעדער, דער שטראָם מוסר;

(ב) מאַסן מענטשן, חיילות זעלנערס, רייען פּלעצער, צוויי שורות הײַזלעך, שיינע בוקעטן בלומען, עטלעכע דערפֿלעך גויים, פֿאַרשײַ־דענע קלאַסן מענטשן, דרײַ קאַפּעליעס מוזיקאַנטן, חמרים לײַז, בערג גזירות;

(ג) א גאַנצע שטאָט יידן, א המון מענטשן, די שורה הײַזלעך, אַ הויפֿן מטבעות, די קוואָטע אימיגראַנטן, די פּראַקציע אומצופֿרידענע,[4] איין טייל תּושבים, דער בוקעט בלומען, די קאַפּעליע שפּילפֿייגעלעך, א טיטשקע הינט, א קליינע צאָל גליקלעכע, א דור תּלמידים; א וואַלדביימער, א כאַפּטע ווײַבער;

(ד) די המוציאס ברויט, קעסלען קאַשע, פּאַרציעס זופּ, חלקים פֿלייש; זײַלן פֿײַער, וואַלקנס רויך, כמאַרעס מרה־שחורה, מינוטן פֿרייד, שטראַלן האָפֿענונג, אין אַלע דורות געשיכטע, עטלעכע פּאַראַגראַפֿן פּראָזע, שטראָמען באַגײַסטערונג; „עס באַמבלען זיך אום פֿון אַלע זײַטן עפּעס חלקימלעך מענדעלע“ (פּישקע דער קרומער).

די אַלע דוגמאות ווײַזן אַז מע קען ניט סתּם אַריבערגיין פֿון איינצאָל אין מערצאָל אָדער פֿאַרקערט. עס געווענדט זיך אין דעם באַטײַט פֿון די טיילן און אונדזער פֿאַרבינדונג. סע טרעפֿט זיך אַז דער ערשטער טייל מוז זײַן אין מערצאָל — דאָס קומט פֿאַר גאַנץ אָפֿט, ווען דער צווייטער טייל איז אַ נאָמען פֿון אַ שטאָף; סע טרעפֿט זיך אַז דער צווייטער טייל מוז זײַן אין מערצאָל — דאָס זעען מיר ניט ווייניקער אָפֿט, ווען דער ערשטער טייל איז א זאַמל־נאָמען. ווען מיר האָבן די פֿאַרבינדונג איינצאָל פּלוס איינצאָל קען זי אַריבערגייך אין מערצאָל פּלוס איינצאָל (א שטיקל ברויט — שטיקלעך ברויט), אָבער אויך, אמת אין זעלטענערע פֿאַלן, אין מערצאָל פּלוס מערצאָל (אַ גלאָז פּרוכטזאַפּט — גלעזער פּרוכטזאַפּט און אויך גלעזער פּרוכט־זאַפֿטן, ד״ה פֿאַרשיידענע מינים). ווען מיר האָבן די פֿאַרבינדונג איינצאָל פּלוס מערצאָל קען זי אַריבערגיין אין מערצאָל פּלוס מערצאָל (די קאַפּע־ליע שפּילפֿייגעלעך — די קאַפּעליעס שפּילפֿייגעלעך). ניט תּמיד איז מיגלעך אַזאַ אַריבערפֿיר, למשל: אַ וואַלד ביימער, אָבער „וועלדער ביימער“ איז

[4] אַן אַדיעקטיוו וואָס מע ניצט ווי אַ סובסטאַנטיוו.

ניט שייך. הכּלל, מע דאַרף דאָ שטענדיק האָבן אין זינען דעם זינען פֿון דיביידע טיילן אין דעם קוואַנטיטאַטיוו.

דאָס ערשטע גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו ווערט אַראָפּגעדריקט פֿון דער מדרגה סובסטאַנטיוו צו דער מדרגה אַדיעקטיוו. עס איז ענלעך צו דעם וואָס קומט פֿאָר מיט אַ סובסטאַנטיוו וואָס פֿאַרנעמט דעם אָרט פֿון א פּרעדיקאַט אין אַזאַ זאַץ ווי למשל: ער איז אַ בהמה. דאָ קומט דאָס וואָרט ׳בהמה׳ ניט אין דעם פּולבאַטייטיקן ווערט פֿון א סובסטאַנטיוו מיט דער מאסע מיג־לעכע אייגנשאַפֿטן, נאָר ווערט דערפֿירט צו אַ מין אַדיעקטיווירונג — נאָ־רישער. ווען מיר זאָגן: א ים פֿרייד, אַן אוצר געדאַנקען, האָבן מיר דערביי אין זינען ניט די פּולבאַטייטיקייט פֿון די ווערטער ים און אוצר, נאָר אַ טייל פֿון די אייגנשאַפֿטן וואָס בינדן זיך מיט די ווערטער אין קורסיוו: אַ סך, ממש דערטרונקען צו ווערן אין דעם; אַ סך און ווערטפֿול. דאָס ערשטע גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו ווערט גאַנץ אָפֿט ענלעך צו אַ צאָלוואָרט.[5] לאָמיר אַ קלער טאָן וועגן דער ריי: צוויי מענטשן, טויזנט מענטשן; אַ פּאָר מענטשן, אַ מאסע מענטשן, אַ מנין מענטשן, דאָס רעדל מענטשן, אַן אַנגעלויף מענטשן. ווען מיר האָבן אַזעלכע פֿאַרבינדונגען ווי: אַן אכטל בייגעלע פּאַפּיר, אַ פֿערטל קאַבצאַנסק (ממו״ס), צען פּראָצענט איינוווינערס — זעען מיר דאָ אַז פֿון איין זייט זיינען דאָך אכטל, פֿערטל אאַז״וו נאָרמאַלע סובסטאַנטיוון און פֿון דער צווייטער זייט איז דאָ די שייכות צווישן זיי און דעם צווייטן סובסטאַנטיוו פּונקט די זעלביקע ווי בכלל אין קוואַנטיטאַטיוו. דאָ איז דאָ נאָך א מאָמענט: אַכטל בייגעלע, צען פּראָצענט און ענלעכע דינען ווי מאָסן פֿאַרן ווייטערדיקן זאַכוואָרט.

## ג. די ביידע גלידער פֿון קוואַנטיטאַטיוו

מע וואָלט אפשר באַדאַרפֿט האָבן באַזונדערע נעמען פֿאַר ביידע טיילן פֿון אונדזער קוואַנטיטאַטיוו. בכל אופן דאַרף מען אײַנזען דעם חילוק וואָס איז פֿאַראַן צווישן די ביידע זאַכווערטער וואָס שטעלן צונויף אָט די פֿאַרבינדונג.

דאָס צווייטע וואָרט ציט צו זיך דאָס ערשטע, אַזוי לאָמיר זאָגן ווי דער טראַנזיטיווער ווערב ציט צו זיך דעם אַקוזאַטיוו. און פּונקט אזוי ווי ניט נאָך יעדער ווערב קען קומען אַן אַקוזאַטיוו, נייערט בלויז נאָך טראַנזיטיווע, אַזוי האָבן מיר דעם קוואַנטיטאַטיוו בלויז דאָרטן ווו עס איז לאָגיש מיגלעך אַז עס זאָל אויפֿקומען אַ פֿאָרשטעלונג וועגן כּמות. דער חילוק איז אָבער דער אַז כּמעט שטענדיק לאָזט זיך אַ זאַכוואָרט פֿאַרבינדן מיט אַזאַ ברייטער און אַרומנעמיקער קאַטעגאָריע ווי קוואַנטיטעט. עס קען למשל זיין אַ ביסל וואַסער און אַ ביסל גוטסקייט און וואָס ניט איז אַ ביסל.[6] פֿאַרשטייט

[5] סדר־צאָלן (ערשטער, צווייטער) זיינען עכטע אדיעקטיוון, לויט אַלע סימנים; יסוד־צאָלן (איינס, צוויי) האָבן טיילווייז סימנים פֿון אדיעקטיוו און סימנים פֿון סובסטאַנטיוו; צען, הונדערט, טויזנט זיינען שוין גאר נאָענט צו סובסטאַנטיוון; דריטל, אכטל, צענטל אאַז״וו זיינען שוין פֿולקומע סובסטאַנטיוון.

[6] פֿאַראַן א פּרינציפּיעלער חילוק צווישן א ביסל און א סך: אַ ביסל איז א סובסטאַנטיוו

זיך אַז דאַרטן ווו מע קען עפּעס מעסטן אָדער ציילן, אָדער שטעלן די פראַגע: וואָסער טייל? ביז וואָס פאַר אַ מאָס? — איז די קאַטעגאָריע כּמות אוודאי פאַראַן. צו אַזאַ וואָרט ווי סחורה קען מען דאָך צושטעלן ממש צענד־ליגער ווערטער וואָס זאָלן צוזאַמען שאַפן אַ קוואַנטיטאַטיוו: א ביסל, אַ הייפל, א הויפן, אַ בערגל, אָ באַרג, א קראָם, אָ סקלאַד, אַ שלל, פודן, צענט־נערס אאַז״וו. צו אַזאַ וואָרט ווי טרערן קען מען אויפן אייגענעם אופן צו־שטעלן זאַכווערטער און שאַפן אונדזער פאַרבינדונג פונקט אויף אַזאַ גרינגן אופן: א פאַר טרערן, טראָפּעלעך טרערן, טייכן טרערן, אַ ים טרערן, אַן אוקינוס טרערן, א ירדן טרערן,[7] קוואַלן טרערן אאז״וו. אָבער לאָמיר נעמען אַפילו אַזא וואָרט ווי טיש. דאָס איז ניט קיין שטאָפנאָמען, ניט קיין זאַמל־נאָמען. אָבער דאָך איז גאַנץ נאַטירלעך: אויפן ראַנד טיש, ביים עק טיש, דער ברעג טיש, אין מיטן טיש, אין דער מיט טיש, „קיין ברעקל טיש האָט איר פאַר מיר ניט געלאָזן״ א״אַ. לאָמיר נעמען נאָך אַ וואָרט: לעבן. דאָ קענען מיר האָבן: אין אָנהייב לעבן, ביים סוף לעבן, א פאַר שעה לעבן, דאָס ביסעלע לעבן, שטחים לעבן, „דער קנויל לעבן אין איין טראָפּן וואַ־סער״, „בעסער אָ קווינט לעבן אויף דער־וועלט איידער אייביקייטן לעבן אויף יענער־וועלט״ א״אַ.

מיר האָבן זיך דאָ פאַרנומען מיט עקספּערימענטן צו שאַפן קוואַנטי־טאַטיוון. יעדערער קען דורכפירן אַזעלכע עקספּערימענטן כּמעט מיט יע־דער זאַכוואָרט. דאָך פאַרבלייבט כאַראַקטעריסטיש אַז דאָס צווייטע גליד פון קוואַנטיטאַטיוו זאָל געווייינטלעך זיַין אַזאַ זאַכוואָרט וואָס באַצייכנט אַזוינס וואָס לאָזט זיך מעסטן מיט די געוויינטלעכע מאָסן, אָדער זאָל זיַין אַ קאָ־לעקטיוו, אַ שטאָפנאָמען, וואָס ווערט געניער באַשטימט דורכן ערשטן גליד. ביישפּילן פאַר דעם זייַנען אין די צענדליגער צעוואָרפן איבער דעם אַרטיקל.

מיר שטעלן זיך אָפּ מיט מער פּרטים אויפן ערשטן גליד פון קוואַנ־טיטאַטיוו. עס איז אַ זאַכוואָרט וואָס ציט זיך צום צווייטן; עס איז אין תּוך, אין דער פּרימערער פונקציע אַ כּמות־ב אַ ש ט י מ ו נ ג און ענטפערט אויף איי־נער פון די פראַגעס: וויפל? וואָסער טייל? ביז וואָס פאַר אַ מאָס? די כּמות־באַשטימונג קען דאָ גלייכצייטיק האָבן אויך אַנדערע פונקציעס און באַטייטן. זי קען אויפגענומען ווערן פיגוראַטיוו, זי קען זיַין היפּש אַבסטראַקט, אָבער דאָך איז הינטער איר לאָגיש פאַראַן אַ כּמות־פאָרשטעלונג. אָט די כּמות־

מיטן אומבאַשטימטן אַרטיקל; פאַראַן א פּאַראַלעליזם: א ביסל — דאס ביסל; עס קען דאָ געמאָלט זיין די מערצאָל: (די) ביסלעך. אבער א סך איז שווער צו באַטראַכטן ווי א סובסטאַנטיוו מיטן אומבאַשטימטן אַרטיקל, ווארעם ‚דער סך׳ טרעפט זיך טאַקע, אבער זייער זעלטן, און ס׳רוב אין קינדערשפּראַך אדער בדרך הלצה; קיין מערצאָל איז ניטאָ. בכן האָבן מיר ביים באַטראַכטן אונדזער איצטיקע פאַרבינדונג קיין מאָל ניט געניצט ווי דעם ערשטן טייל א סך, אָבער יאָ געניצט א ביסל. מחמת אָט דעם חילוק האַלטן מיר אַז מע דאַרף אויסלייגן אַסך, און ניט ווי עס באַשטימען די אויסלייג־תּקנות פון ייִוואָ.

[7] זייער אַן אינטערעסאַנטע פאַרבינדונג פאַר דער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע: מחמת תּנכישע אַסאָציאַציעס האָט מען זיך אויסגעמאָלט דעם ירדן ווי זייער אַ מעכטיקן שטראָם.

באַשטימונג, דאָס ערשטע גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו, איז אַ ספּעציעלער מין אַטריבוט צום צווייטן זאַכוואָרט. אָט פּונקט ווי דער פּאָסעסיוו איז אַן אַט־ריבוט צום סובסטאַנטיוו און ענטפֿערט אויף דער פֿראַגע: וועמענס? דאָ איז פֿאַראַן אַ געוויסער פּאַראַלעליזם:[8]

דער זון האָט פֿאַרקויפֿט דעם טאַטנס פֿאַרמעגן — פּאָסעסיוו;
דער זון האָט פֿאַרקויפֿט דאָס ביסל פֿאַרמעגן — דאָס ערשטע גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו.

עס איז נאַטירלעך אַז דאָס ערשטע גליד זאָל זײַן אַ נאָמען פֿון אַ מאָס, פֿון וואָסער מין מאָס איר ווילט. לאָמיר נעמען וואָג: פֿוד, פֿונט, קילאָ, צענטנער, גראַם אאַז״וו; לענג: איל, פֿוס, מעטער, וויאָרסט אאַז״וו; קוואַד־ראַטישע מאָסן: אקער, העקטאַר, דונאַם אאַז״וו; שיטיקייטן: קוואָרט, טאָפּ, עמער אאַז״וו; פֿליסיקייטן: די אָקערשט דערמאָנטע און גלאָז, קרוג, ליטער, גאַלאָן אאַז״וו. הכּלל, אַלע מינים מאָסן, אײַנגעשלאָסן די וואָס מיר טרעפֿן לאָמיר זאָגן אין פֿיזיק: א קאַלאָריע וואַרעמקייט, אַ וואָלט עלעקטרע, אַן ערג ענערגיע אאַז״וו.

ווען מען האָט צו טאָן מיט שטח איז דאָס ערשטע גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו זייער אָפֿט: זײַט, עק, שפּיץ, ברעג א״אַ, למשל: אויף יענער זײַט בריקל, אויף דער אַנדערער זײַט טײַך, אין עק גאַס, אויפֿן עק בית־עולם, אויפֿן שפּיץ מעסער, א שפּיץ באָרד, בײַם ברעג ים אאַז״וו. בנוגע צײַט האָבן מיר א גאַנצן הויפֿן זאַכווערטער וואָס זײַנען די מיגלעכע ערשטע גלידער פֿון כּמות־פֿאַרבינדונגען: מינוט,[9] שעה, יאָר, מעת־לעת; טאָג, נאַכט, חודש, וואָך, סעזאָן, א ווײַלע (רו), עטלעכע רגעס (נחת), אַן עפּאָכע (אויפֿדעקונגען), א דור (רעוואָלוציאָנערן), א פּעריאָד (מלחמות), זעלטענע מאָמענטן (פֿרייד), אַ יובֿל (יאָרן); דער ערשטער טאָג (שבֿועות), די לעצטע טעג (פּסח) אאַז״וו.

נאָך מער ווי עס זײַנען פֿאַראַן פּינקטלעכע מאָסן, זײַנען בנמצא אומ־פּינקטלעכע. זיי זײַנען אָבער גלײַכע יחסנים צו פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון ערשטן גליד אין קוואַנטיטאַטיוו. אָט איז אַ גאַנצע שורה: אַ צאָל, אַ שטיק, אַ שטיקל, אַ ביסל, אַ ביסן, אַ חלק, א טייל, א פּאָרציע, אַ פּאַיאָק, אַ ראַטע; א ריי, אַ שורה, אַ קרײַז, אַ רעדל; אַ קעשענע, אַ טײַסטער, אַ הויפֿן, אַ קלומיק, א פּאַק, א זשמעניע, אַ שײַער, אַ קראָם; א שלל, אַ גוזמא, אַן אוצר, אַן

---

[8] דער פּאַראַלעליזם וואָלט געווען א פֿולער, אויב מיר וואָלטן דעם ערשטן טייל פֿון דער פֿאַרבינדונג אָנגערופֿן קוואַנטיטאַטיוו. אגבֿ האָבן מיר מיט יאָרן צוריק טאַקע אַזוי זיך נוהג געווען (אין קורס יידיש בײַם לערער־סעמינאַר פֿון ציש״א, ריגע, 1927—1930), אָבער שפּעטער איז אויסגעקומען אײַנצוזען אַז דער תּמצית איז דאָ די פֿאַרבינדונג צווישן צוויי זאַכווערטער און ניט דאָס ערשטע גליד.

[9] פֿאַראַן צוויי גרופּעס אין די מאָסן פֿאַר צײַט: די וואָס קומען אין מערצאָל כּדבעי און די וואָס קומען אין אײנצאָל, ווען מע ריכט זיך אויף מערצאָל: צוויי טעג, דרײַ חדשים א״אַ. צוויי מינוט, דריי מעת־לעת א״אַ. אויב אַנשטאָט א צאָל קומט דאָס ערשטע גליד פֿון קוואַנ־טיטאַטיוו, קומען זיי אין מערצאָל (חוץ מיט פּאָר), למשל: א ריי שעהן, א בינטל מעת־לעתן, א פּעקל יאָרן אאַז״וו.

עשירות, אַ קוואַל, אַ ים; דאָס רוב, די מערהייט, דער מיעוט, דער טייל. מיר נעמען אָן אַז צווייטע גלידער קען יעדערער אַליין צושטעלן צו די גע־געבענע ערשטע. לאָמיר בלויז געדענקען אַז דאָ ווערט דער באַגריף מאָס גע־נומען זייער ברייט: אַלץ וואָס דינט אַנצוּווײַזן אויף אַ סכום, אויף אַ טייל. עס איז דאָך בכלל ניט שייך צו באַטראַכטן דעם ענין מאָס צו טעכניש. אין קאָנקרעטע פֿאַרהעלטענישן פֿון אַ שטייגער לעבן זײַנען אויך מאָסן: אַ כזית, אַ המוציא, אַ רעפּטל, אַן אָקרײַטשיק, אַ לאַבן, אַן אויווז, ווען זיי ציִען זיך צום צווייטן גליד — ברויט, אָדער אַ בלעך לעקעך. דאָס אייגענע לאָזט זיך זאָגן וועגן אַ שפּענדל, אַ שײַט, אַ גלעבע, אַ וועגעלע, אַ וואַגאָן — האָלץ.

ווײַטער האָבן מיר מער פּינקטלעכע אָדער ווייניקער פּינקטלעכע ספּע־ציפֿישע מאָסן, דהיינו: אַ גאַרניטור בגדים, אַ ריס פּאַפּיר, אַ שטויס פּעל, אַ ראַמש סחורה, אַ מיירע טייג, אַ טאַליע (אַ פּעשל) קאָרטן, אַ סערוויז כּלים, אַ מעסטל זאַלץ, אַ קעפּל קרויט, אַ צײַנדל קנאָבל, אַ הוט צוקער, אַ טוטל צוקערקעס, אַ שאָק אייער; אַ רומל ספֿרים, אַ פּרשה חומש, אַ קאַפּיטל נביאים (תּהילים), אַ גאַנג ש״ס, אַ מנין דאַוונערס; אַ קלאַס תּלמידים, אַ סיסטעם געדאַנקען, אַן אינדעקס ענינים (נעמען); אַ טרופּע אַקטיאָרן, אַ קאַפּעליע קלעזמערס, אַ שײַקע גזלנים, אַ מאַנשאַפֿט מאַטראָסן, אַ באַראַק סאָלדאַטן, אַ חייל זעלנערס, אַ פּולק קאָזאַקן; אַ טשערעדע שאָף, אַ סטײַע פֿייגל, אַ טאַבון פֿערד, אַ טיטשקע הינט (וועלף), אַ ראָי בינען, אַ שוואָרעם מוקן, אַ שאַר שוואַלבן אאַז״וו. און אַפֿילו אין די ספּעציפֿישע פֿאַלן לאָזט זיך אָפּרייסן דאָס ערשטע גליד און אויף אַן אומגעריכטן אופֿן צונויפֿקאָמ־בינירן מיט אַ נײַ, אַ פֿרײַ צווייט גליד פֿון אַ קוואַנטיטאַטיוו. עטלעכע בײַ־שפּילן: אַ שאָק אוממענטשן, אַ טיטשקע ווײַסע־חברהניקעס, אַ פּרשה מוסר, אַ קאַפּעליע רעדנערס, אַ ראַמש צײַטונג־אַרטיקלען, אַ פּולק משרתים, אַ ראָטע שנאָרערס אאַז״וו.

מיר האָבן דאָ געהאַט אַ היפּשע צאָל זאַמל־נעמען ווי ערשטע גלידער פֿון קוואַנטיטאַטיוו. מיר וועלן דאָ דערמאָנען נאָך אַ הויפֿן: אַ שטאָט, אַ דאָרף, אַ שטעטל, אַ יישוב, אַ קיבוץ, אַ לאַנד א״אַ; אַ גרופּע, אַ מאַסע, אַן עולם, אַ מחנה, אַ געזעמל, אַ המון; אַ זאַמלונג, אַ קאָלעקציע, אַ גאַלעריי, אַ ציקל, אַ סעריע, אַ קאָמפּלעקס; אַן אַסיפֿה, אַ פֿאַרזאַמלונג, אַ סכאָדקע, אַ צונויפֿלויף א״אַ; אַ קופּע, אַ בארג, אַ הויפֿן; אַ גרוב, אַ ריטשקע, אַ לוזשע א״אַ; אַ חברה, אַ חבריא, אַ געזעלשאַפֿט, אַ קאָמפּאַניע, אַ כּנופֿיא א״אַ; אַן עדה, אַ ציבור, אַ כּולל, אַ קהילה, קהל, אַ קלײַזל, אַ געמיינדע א״אַ. מיר האָבן גענומען געווײַנטלעכע ווערטער, טייל אַזעלכע וואָס טרעפֿן זיך אויף טריט און שריט. די כּוונה איז געווען אויסצולערנען שווימען אין דעם ים קוואַנ־טיטאַטיוון.

אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן מוז דאָס ערשטע גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו קו־מען פֿריִער, דערנאָך גלײַך דאָס צווייטע גליד. מע קען אָבער — דער עיקר

אין דער ריידשפּראַך — אויך איבערשטעלן דעם סדר. דעמאָלט איז נייטיק גאָר אַן אויסטערלישע אינטאָנאַציע מיט גרויסע פּאַוזעס, למשל: גיט מיר צוקער — פֿינף פונט, מעל — אַ גאַנץ זעקל; איך האָב געלט — אַ פולע קעשענע. מע טרעפֿט אַזאַ מין איבערשטעל גאַנץ זעלטן אין דער ליטע־ראַטור. אַ פּאָר פּראַזעס לדוגמא: צי דען איז ביי מיר פון געלט אַ קוואַל (פֿאַלקסליד); אַ גוזמא פּראַשקעס און גליצערינע — אַ גאַנצע פלאַש (ש״ע).

איצט איז כדאַי ארויסצוהייבן אַז דאָס ערשטע גליד פון דער פאַרבינ־דונג קען דינען פאַר מעטאָנימיעס, פאַר פיגוראַטיווע אויסדרוקן, פאַר אומ־געריכטע עפֿעקטן. דאָס ערשטע גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו זאָגט ניט בלויז וועגן אַ סכום, נאָר אויך אָפט וועגן דער פאָרעם, דערציילט וועגן אַ צאָל אייגנשאַפֿטן און גיט אָנצוהערענישן וועגן נאָך מער. הכלל, מיר האָבן דאָ אַ קוואַל פאַר אַסאָציאַציעס און בילדער וואָס באַרייכערן דאָס לשון. לאָמיר עס אילוסטרירן:

אַ פּיראַמידע שטיינער — ניט נאָר סתם אַ הויפן, נאָר אַ באַשטימטע פאָרעם; אַ ים היזקות (ממו״ס) — ממש דערטרונקען צו ווערן אין זיי; אַ כוואַליע געוויין, אַ כוואַליע פּראָטעסטן — ביי אַזעלכע פאַרשיידענע ענינים ווי געוויין און פּראָטעסטן איז מיגלעך צו שאַפן אַ פאָרשטעלונג וועגן אַ כוואַליע; אַ שפּעלטל האָפענונג; אַ שטראַל עונג־רוח; אַ סדרה דרשות, סע גייט אַ סדרה פּלוימען (ש״ע); אַ לוזשע רכילות; אַ לאַבירינט געדאַנקען, אַ מוראַשניק מחשבות; אַ וועלט רחמנות — ניט נאָר אַ שלל, נאָר אַן אָנדייט אויף דער מלוא־כל־האָרצדיקייט פון רחמנות; „דעם קאָפּ מיט אַ שרונטעלע זון זיך פאַרקעמט״ (אפרים אויערבאַך). דאָס איז ניט מער ווי אַ רמז אויף די בילדערישע, די פּאָעטישע מיגלעכקייטן פון דעם קוואַנטיטאַטיוו. מיר פאַרענדיקן מיט אַן אָנווייז אויפֿן לשון פון בעל־הביתטעס: אַ געדאַנק (אַן אידיי, אַ רעיון) פעפער (אָדער זאַלץ); ווען אַ בעל־הביתטע פאַרנעמט זיך מיט אַזאַ פּראָזאַישן ענין ווי אַ רעצעפּט צום קאָכן אָדער באַקן און זי וויל אָפּמשלען אַז מע דאַרף צוגעבן פאַרן טעם גאָר־גאָר אַ ביסעלע, וויניקער ווי אַ האָרעלע, אַזוינס וואָס לאָזט זיך ניט מעסטן, וואָס האָט ניט גענוג מאַטעריע אין זיך, ניצט זי אַזעלכע אויסדרוקן.

מיר זיינען בכיוון אַוועק פון גראַמאַטישע ענינים כדי צו כאַפּן אַן אַריינבליק אין דער ראַלע פון קוואַנטיטאַטיוו אין אונדזער לשון און אין די רייכע מיגלעכקייטן פון אָט דער פאָרעם. דאָס אַלץ דינט כדי זיך גרינג איבערצוציייגן ווי בייגעוודיק און ווי רייך עס איז אָט די פאַרבינדונג; דאָס לערנט אונדז אַז קוואַנטיטאַטיוו איז ניט עפּעס אַ זייטיקע דערשיינונג אין אונדזער לשון, נאָר אַז מע קען האָבן טעאָרעטיש און מע פאַרמאָגט טאָקע אין דער פּראַקטיק פון ריידן און פון דער ליטעראַטור טויזנטער־טויזנטער פאַלן פון קוואַנטיטאַטיוו. הונדערטער זיינען דערצו נאָך גאַנץ אינטערע־סאַנט.

## ד. די אָפּטקייט פון קוואַנטיטאַטיוו

עס איז שווער געגוי אויסצוגעפינען ווי אָפט מע ניצט דעם קוואַנטי־טאַטיוו אין ריידן. בכל אופן איז ער אַ גאַנץ אָפטער גאַסט, באַזונדער ווען דאָס ערשטע גליד איז: אַ ביסל, אַ שטיק, אַ פּאָר, און די אַלע אָפט גע־ניצטע מאָסן פאר וואָג, צייט, לענג אאַז״וו. מיר האָבן געבלעטערט א. בערנ־שטיינס יודישע שפּריכווערטער און רעדענסאַרטען און אויך אַרייַנגעקוקט אין דער אייגענער זאַמלונג שפּריכווערטער, און ממש כמעט ווו דאָס אויג איז געפאַלן — דערזען דעם קוואַנטיטאַטיוו. אָט איז אַ פולע זשמעניע:

אַ שיסל באָרשט, אַ ביסל גוטס, די שפּיץ פינגער, צו דער שפּיץ ברוסט, אויף דער שפּיץ צונג, אַ טרונק בראָנפן, אַ הייפּטל קרויט, אַ שטיק טרוקן ברויט, אַן אָפּגעשניטן שטיקל ברויט, א לאַבן ברויט, אַ שעפּל וואַסער, א שעפּל זאַלץ, אַ גלעזל וויין, זיבן יאָר דלות, אַ לעפל געקעכטס, א לעפל וואַסער, א זאק באָרשט, אַ דערפל גויים, אַ שטעטל יידן, די לעצטע פּאָר הויזן, אַ פּאָר זינגערס, אַ וואָגן קלעצער, „אַ וואָגן העט־איך צאָלט קיין מכס״, אין מיטן טאַנץ, אין מיטן וויינען, א ביסל בוימל, אַ ביסל נחת, אן אונץ מזל, אַ שטיק שלימזלניק, אַ שפּאַן ערד, אַ ביסעלע גאָלד, אַ ביסעלע רווח, אַן עדה קליינע יידע־לעך, א טראָפּעלע האָניק, אַ שמעק טאַבעק, „איין מענטש גייט אויף אַ שאק אוממענטשן״.

מענדעלע מוכר־ספרים האָט זייער ליב דעם קוואַנטיטאַטיוו. ביים בלע־טערן די ערשטע עטלעכע צענדליגג זייטן פון פישקע דער קרומער האָבן מיר פאַרצייכנט:

דאָס גאַנצע צעטל טרויער, וועלדלעך ניסביימער, סטערטעס היי, אַ שטיקל דאַוונען, די שטיקלעך דרויב, א שטראָם וואַסער, די פּעק־לעך סחורהּ, אין דעם ים האָר, מיט אַן עק פאַלע, אָן אַ פּיצל וואָלקן, דאָס ביסל סחורה, אין דעם שפּיץ האָלאַבליע, ניין מאָס רייד, א קיי דאָס שפּיצל בערדל, דער פונק האָפענונג, עס האָלט אויף אַ שטיקל שטייגער, דאָס פּיצעלע מזל, אַ פּאָר אויגן, מיטן עק אַרבל, אַ ים בראָנפן; מיט דעם פּעקל שמייסערס, באַדלייט; דאָס שטיקל פּרנסה, דאָס איינציקע שטיקל אָרט, שטיקלעך מצה, אַ שטיקל האָניק־לעקעך; אין דער מיט שמועס, אַ גאַנצן וואָלקן רויך, געזעמלעך יידן, אַ גלעזל ציקאָריע, „אַ טייל יידן ליגן[10] דאָרט״, אייער סוף מעשה, אין דער זייט וועג, אַ גאַנצער וואָלקן מרה־שחורה, די געדיכטע וואָלקנס מרה־שחורה, אזא גרויסע שטאָט יידן, חלקימלעך מענדעלע א״אַ.

און אָט איז אַ רשימה קוואַנטיטאַטיוון פון מאָטל פּייסי דעם חזנס (פאַר־שטייט זיך אַז נאָר אַ טייל):

אַ ביסל זאַלץ, דאָס ביסל מילכיקס, דאָס איבעריקע ביסל אויגן; א שטיק האַרץ; אַ טרונק וואַסער, א וואָגן שטרוי, א שייט האָלץ; אויף דער זייט גרענעץ, אין דער אַנדערער זייט וואָגאָן; אין מיטן זומער, אין מיטן וואַלד; אין עק שטאָט, אָן אַ טראָפּן בלוט; אַ פּאָר

---

[10] זען ווייטער קאַפּיטעלע ח. דאָ איז פאַראַן א מיטשטימונג אין צאָל צווישן סוביעקט און פּרעדיקאַט, וואָרעם דער סוביעקט פון זאַץ איז יידן.

— קאַלאָשן, תּפֿילין, דימענטלעך; פֿון דעם שפּיץ נאָז ביז אויף יענער זײַט אויערן; אַ שטיקל רמב״ם, אַ שטיקל סחורה, דאָס שטיקל ברויט, דאָס איינציקע שטיקל גליק; אָן אַ קאַפּ רחמנות; דאָס גלעזל קוואַס; אַ נײַע פּאָר זאָקן, אַ פּאָר נײַע זאָקן; אפֿשר טויזנט פֿלאַש[11] טינט; אַ קעסטל פֿאַרבן, אַ פּאַק ביבעלע־פּאַפּיר; די ערשטע טעג סוכּות, דאָס ווערצל כריין; אַ פּאַרטיע עמיגראַנטן, אַ גוזמא עמיגראַנטן, אַ כאַליאַסטרע עמיגראַנטן; אַ גאַנג משניותן; מיט אַ נײַעם טראַנספּאָרט פֿלעשער.

מיר קוקן אויך אַרײַן אין פּרצעס חסידיש און געפֿינען דאָרטן:

קיין העלפֿט נדן; דאָס שטיקל נחלה, אַ שטיקל דור־הפּלגה, אַ קליין שטיקל קאַטאָרגע, צעריסענע שטיקלעך ניגונים, אַ קאַפּ, אַ טרונק, אַ ביסל — בראָנפֿן, אַ פּאָר טאָג,[12] אַ שיינע פּאָר שעה, אַ פּאָר חדשים, וואָכן; אַ האַלב פֿונט טאַבעק, הונדערט פֿונט ליכט; אַ ביסל וואָרעמס, אָן אַ ביסן (אַ ביסל) ברויט, קאַלטע טראָפּן[13] שווייס, אָן אַ טעפּל וואַסער, אין טאָפּ אַרבעס, אויפֿן עק קוימען; אַ גאַנץ רעדל ייִדן, אַן עדה ייִדן, די רעשט בני־בית, די רעשט מחותּנים; אויף טייל ערטער, אַ ראָטע זעלנער, אָן אַ פֿונק חסד, קיין פֿונק פֿײַער; אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק נדרים, אין מיטן שמונה־עשׂרה; דעם ערשטן לעפֿל גריץ, אויף דער גאַנצער שורה ווײַבער; כּיתּות חסידים; די ערשטע טעג סוכּות; אַ נישקשהדיקע קאַפּעליע קלעזמער, אַ שטילע קאַפּעליע משוררים; אויפֿן סאַמע ראָדנע שפּיץ באַרג, אַ שפּיץ באָרד; עטלעכע מניינים מופֿלגי־תּורה; צוויי שטאָק און דרײַ שטאָק כּמאַרע.

אָט די קליינע עקסקורסיע דאַרף ווײַזן ניט בלויז אַז דער קוואַנטיטאַטיוו טרעפֿט זיך גאַנץ אָפֿט, נאָר זי האָט אויך אַן אַנדער כּוונה: גלײַכצײַטיק מיטן עקספּערימענטירן מיט די בײדע גלידער פֿון קוואַנטיטאַטיוו (זען קאַפּיטעלע ג) דאַרף זי אַרויסהייבן אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ באַשטימטן פֿורעם, מיט אַ גראַמאַטישער קאָנסטרוקציע, מיט אַ סך מיגלעכע פּאַראַלעלע אַנאַלאָגישע רייען. בכן איז ניט שייך די דאָזיקע פֿאַרבינדונג צו באַטראַכטן ווי אַ געוויסע צאָל אידיאָמאַטישע אויסדרוקן, וואָס יעדערער פֿון זיי שטייט זיך אַזוי צו זאָגן פֿאַר זיך. מיר האָבן דאָ אַ סיסטעם, אַ דרך ווי אַזוי צו פֿאַרבינדן צוויי זאַכווערטער.

## ה. גראַפֿישער אַנאַליז פֿון קוואַנטיטאַטיוו

מיר האָבן שוין דערמאָנט וועגן דער שײַכות, דער ציונג וואָס איז פֿאַראַן צווישן די בײדע גלידער אין דעם קוואַנטיטאַטיוו. ווי יעדער מין ציונג צווישן פֿאַרשיידענע טיילן פֿון אַ זאַץ אָדער אַ פֿראַזע קען מען אויך אין דעם פֿאַל געבן אַ פּשוטע גראַפֿישע סכעמע וואָס ווײַזט אַז דאָס צווייטע

---

[11] דא איז איינצאל אומגעריכט; ס׳איז אזוי ווי טויזנט מאן אדער ווי ביי געוויסע מאסן: טויזנט וויארסט, טויזנט שעה א״א.

[12] איינצאָל שטימט דאָ מיט פּרצעס דיאַלעקט. פֿאַראַן בײַ מיר פֿאַרצייכענונגען: צוויי טאָג און דירעקט אַ פּאָר טאָג פֿון זאַמאָשטש און פֿון אַנדערע פּונקטן אין פּוילן און גאַליציע.

[13] ווידער אַ דיאַלעקטישע מערצאָל־פֿאָרעם אָן דער געוויינטלעכער ענדונג ־ס.

גליד ציט צו זיך דאָס ערשטע גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו, אָדער אַז דאָס ערשטע גליד ציט זיך צום צווייטן גליד. לאָמיר נעמען דעם פּשוטן זאַץ: איך קויף אַ זעקל מעל. איז די גראַפֿישע סכעמע אַזאַ:

איך —— קויף

מעל (אָביעקט)
קוואַנטיטאַטיוו }
אַ זעקל (אַטריבוט)

מיר זעען קלאָר איין אַז די סכעמע וועט בלײַבן די זעלביקע וואָסער מין סחורה אָדער עפּעס וואָס לאָזט זיך קויפֿן וועט קומען אָנשטאָט מעל און וואָסער מין מאָס אָדער קוואַנטום עס זאָל ניט קומען במקום אַ זעקל.

מיר קענען האָבן געניג זאַצן ווו דער צווייטער טייל פֿון קוואַנטיטאַטיוו זאָל זײַן דער סוביעקט פֿון זאַץ („אַ זעקל מעל איז איצט אַ טײַערע זאַך״), אַפֿילו אַ טייל פֿון פּרעדיקאַט („וואָס איז עס?״ — „דאָס איז אַ זעקל מעל״), אָדער אַן אַדוועבריאַלע באַשטימונג („דאָס איז געשען אָנהייב זומער״) — הכּלל, וואָסער מין זאַצטייל מע וויל נאָר. אָבער תּמיד וועט צווישן די בײדע טײלן פֿון דעם קוואַנטיטאַטיוו פֿאַרבלײַבן די זעלביקע פֿאַרהעלטעניש: דאָס צווייטע גליד ציט צו זיך דאָס ערשטע גליד, אַזוי ווי דער טראַנזיטיווער ווערב ציט צו זיך דעם אַקוזאַטיוו, אַזוי ווי דאָס זאַכוואָרט ציט צו זיך דאָס בײוואָרט. למאַי עס איבערחזרן? ווײַל בעת מע טראַכט אויף אַן אַנדער לשון, אָדער ווען מע טראָגט אַריבער שײַכותן און ציונגען פֿון אַנדערע לשונות אויף ייִדיש — יעמאָלט באַקומט זיך גראָד דאָס פֿאַרקערטע. לאָמיר זאָגן אַ מענטש איז געוווינט צו אַ סלאַוויש לשון און אין זינען האָט זיך אים אײַנגעקריצט די סכעמע פֿון רוסיש אָדער פּויליש, וועט די שײַכות אָדער די ציונג זײַן אַ פֿאַרקערטע: אין стакан молока אָדער אין szklanka mleka איז דאָס צווייטע וואָרט אָפּהענגיק, ציט זיך צום ערשטן וואָרט. דאָס אייגענע איז אין ענגלישן a glass of milk, הגם דאָ קומט אַרײַן דער באַזונדערער מאָמענט וואָס פֿאַרן צווייטן וואָרט קומט ניט קיין אַרטיקל. אין פֿראַנצייזיש ווידער האָבן מיר אין אָט די פֿאַלן די זעלביקע ציונג פֿון צווייטן וואָרט צום ערשטן, אָבער צווישן זיי וועט זײַן אַ ספּעציפֿישער אַרטיקל, וואָס מע רופֿט אים אין דער פֿראַנצייזישער גראַמאַטיק דער פּאַרטיטיווער de. אין ייִדיש אָבער איז די ציונג אַ פֿאַרקערטע,[14] דאָס ערשטע וואָרט ציט זיך צום צווייטן. נאָך אַ סכעמע:

---

[14] מיר דערמאָנען בכּיוון ניט די פֿאַרבינדונג מיט דײַטשישע דיאַלעקטן, וואָס פֿון דאָרטן איז דער קוואַנטיטאַטיוו אַריבער אין ייִדיש. מיר שטרײַכן בלויז אונטער אַז אין ייִדיש איז אָט די קאָנסטרוקציע אין לשער ברייטער און אַרומנעמיקער. עס האָבן בלי ספֿק געווירקט נאָך כּוחות אין ייִדיש (מיר מיינען דאָ די סמיכות־קאָנסטרוקציע פֿון העברעיִש) וואָס האָבן אויסגעברייטערט דעם באַנוץ פֿון קוואַנטיטאַטיוו. צי מע דאַרף אָדער מע דאַרף ניט אויך אין דער דײַטשישער גראַמאַטיק זיך פֿאַרנעמען מיטן קוואַנטיטאַטיוו איז זיכער ניט אונדזער זאָרג. מיר באַנוגענען זיך מיט אַ ציטאַט:

איך ——— טרינק
|
מילך (וואָס טרינק איך)
|
אַ גלאָז (וויפֿל מילך טרינק איך).

וואָס איז דאָ די נפֿקא־מינה? אין ייִדיש זײַנען דאָך ניטאָ קיין ענדונגען פֿון די בייגפֿאַלן און אין קוואַנטיטאַטיוו, צווישן די ביידע טיילן, איז ניטאָ קיין באַשטימטער אַרטיקל. איז אָבער דאָך ניצלעך דער איצטיקער אַנאַליז. ער ברענגט אַרויס דעם מהות פֿון קוואַנטיטאַטיוו און ער גיט אַ מיגלעכ־קייט אײַנצוזען דעם חילוק צווישן אים און אַנדערע פֿאַרבינדונגען, ווען צוויי זאַכווערטער קומען איינס נאָכן צווייטן. לאָמיר נעמען אַזעלכע פּשוטע פֿאַר־בינדונגען: דער חודש תּמוז, דער ברודער מענדל,[15] טעם גן־עדן.[16] אָט די פֿאַרבינדונגען זײַנען ניט קיין קוואַנטיטאַטיוון, וואָרעם דאָ ציט זיך דאָס צווייטע וואָרט צום ערשטן (וואָסער חודש? דער חודש וואָס הייסט תּמוז; וועלכער ברודער? דער ברודער וואָס הייסט מענדל; וואָסער טעם? דער טעם פֿון גן־עדן). אָבער אין די קוואַנטיטאַטיוון: אָנהייב תּמוז, אין מיטן תּמוז, סוף תּמוז; אַ ביסל גן־עדן, אַן אייביקייט גן־עדן אאַז"וו — ציט זיך דאָס ערשטע זאַכוואָרט צו דעם צווייטן.

דער קוואַנטיטאַטיוו הייבט זיך דאָ אַרויס ווי אַ באמת לאָגישע סכעמע, ווי אַ שטריך פֿון לאָגישקייט אין דער ייִדישער גראַמאַטיק לגבי די ציונגען וואָס מיר זעען אין סלאַווישע לשונות און אין אַ סך אַנדערע.[17]

אָבער אויך אַ פּראַקטישע לעקציע לערנען מיר דאָ אָפּ. אויב אין ייִדיש וואָלט די ציונג געווען די זעלביקע ווי אין ענגליש אָדער אין פֿראַנצייזיש, וואָלט מען געדאַרפֿט זאָגן: איך טרינק אַ גלאָז „וואַרעמער" (אָדער „הייסער" אָדער „קאַלטער") מילך. מע מוז אָבער זאָגן, וואָרעם אַזוי זאָגט מען, אַזוי רעדט מען בײַ ייִדן אומעטום אין אַלע דיאַלעקטן — איך טרינק אַ גלאָז וואַרעמע מילך, איך טרינק אַ גלאָז הייסע מילך, איך טרינק אַ גלאָז קאַלטע מילך. די ציונג איז דאָ יענע וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן קוואַנטיטאַ־טיוו און וואָס איז דאָ געגעבן געוואָרן: איך טרינק — וואָס? — מילך —

"Eine besondere Ausdehnung hat diese einfachere Konstruktionsweise im Nhd. gegenüber dem Mhd. gewonnen, vgl *ein Stuck Brot* (Mhd. *stücke brôtes*), *ein Pfund Mehl, ein Scheffel Weizen, ein Glas Wasser, eine Menge Obst, eine Art Tisch* etc.," Hermann Paul, *Prinzipien der Sprachgeschichte,* Halle, 1920, p. 156.

ווײַטער שרײַבט דער דאָזיקער חשובֿער אויטאָריטעט אַז בנוגע דעם צווייטן טייל פֿון דער פֿאַרבינדונג (ער ניצט ניט אַזאַ אויסדרוק) איז ניט שייך צו רעדן וועגן קאַזוס. פֿאַר ייִדיש ווערט דאָ פּאַרטײַדיקט אַן אַנדער מיינונג, ווי מע קען זען פֿון קאַפּיטעלע ח.

[15] דער חודש תּמוז, דער ברודער מענדל און ענלעכע זײַנען אַפּאָזיציעס.

[16] דאָס איז אַ סמיכות. זען ווײַטער קאַפּיטעלע ט.

[17] מע קען אפֿשר אויך די פֿאַרבינדונג אין אַנדערע לשונות אויסטײַטשן אויף אַן אַנדער אופֿן, אָדער מע קען אויך בכלל זיך אָפּזאָגן פֿונאַנדערצוטיילן די ביידע ווערטער. נאָר דאָס איז ווידער מחוץ אונדזער גדר.

וואָסערע מילך? — וואַרעמע מילך — וויפֿל וואַרעמע מילך (טרינק איך)? — אַ גלאָז.

מע דאַרף אָבער לסוף זאָגן אַז יעדער מין גראַפֿישער אַנאַליז איז נאָר אַ באַהילפֿיקער מיטל אַרויסצוהייבן גראַמאַטישע שייכותן אויף אַן אַבסטראַקטן אופֿן. אין אונדזער לשון האָבן מיר כּסדר צו טאָן מיט בינדונגען פֿון ווערטער און ניט מיט אָפּגעריסענע ווערטער. דער קוואַנטיטאַטיוו איז שוין אַזאַ גרייטע בינדונג. דעריבער טאָקע האָבן מיר ניט אָנגערופֿן קוואַנטיטאַטיוו דאָס ערשטע גליד, נאָר ביידע טיילן צוזאַמען. ווען מע זאָל אַנאַליזירן אויף אַ געוויינטלעכן סינטאַקטישן אופֿן אַ זאַץ מיט אַ קוואַנטיטאַטיוו דאַרף מען דעם קוואַנטי־טאַטיוו נעמען ווי אַ גאַנצקייט און ניט צערייסן אויף צוויי חלקים. איך טרינק — וואָס? — אַ גלאָז מילך; זי קויפֿט — וואָס? — צוויי פֿונט צוקער. דעריבער איז מיגלעך אַז דער גראַפֿישער אַנאַליז זאָל אַרויסרופֿן אַ געפֿיל אַז עפּעס איז דאָ אומנאַטירלעך. עס איז שטענדיק אַזוי ווען מען האָט צו טאָן מיט סכעמעס. און גראַמאַטיק לערנט וועגן פֿאָרמען, דאָך ניט סתּם וועגן פֿאָרעם אָן תּוכן. זי גיט אַן אַריינבליק אין דעם כאַראַקטער, דעם געבוי, דעם געמיט פֿון לשון און זי דינט פּראַקטישע צילן. עפּעס פֿון דעם איז שוין געגעבן געוואָרן, מיר וועלן אויף נאָך פּראַקטישע פּונקטן זיך אָפּשטעלן ווייטער.

## ז. בײַוווערטער צו ביידע גלידער פֿון קוואַנטיטאַטיוו

מיט דער שיטה פֿון גרינגערן צום האַרבערן, האָבן מיר ביז איצט גע־געבן כּמעט בלויז אַזעלכע פֿאַרבינדונגען, ווו עס זײַנען בכלל ניטאָ קיין בײַוווערטער צום צווייטן גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו. מיר האָבן זיך אויך ניט אָפּגעשטעלט אויף די ווערטער וואָס קומען פֿאַרן ערשטן גליד און וואָס זיי ציִען זיך צו אים. איצט דאַרפֿן מיר אויפֿנעמען אָט די פּראָבלעם בײַ־ווערטער צו די ביידע טיילן פֿון דער כּמות־פֿאַרבינדונג.

בנוגע דעם ערשטן גליד זײַנען קיין שוועריקייטן ניטאָ. דאָס ערשטע גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו קען קומען מיט אַן אַרטיקל, דעם באַשטימטן אָדער אומבאַשטימטן, מיט כּלערליי פּרעפּאָזיציעס, מיט אַדיעקטיוון, פּראָנאָמען און גאַנצע פֿראַזעס וואָס ציִען זיך צו אים. זיי קומען אַלע פֿ אַ ר ן זאַכוואָרט. מיר ניצן אויס פֿריערדיקע בײַשפּילן און גיבן צו אַ פּאָר נײַע כּדי צו אילוסטרירן דעם פּונקט:

> אַ נײַע פּאָר זאָקן; אַ צען־פֿונטיק זעקל מעל; דעם ייִדנס פּעקל צרות; אַ זיס, אַ געשמאַק, אַ מחיהדיק שטיקל לעקעך; דער קלענער געוואָרענער פּראָצענט טויטפֿאַלן; בײַם זאַמדיקן ברעג טײַך; אין דעם פֿאַרדרייטן קאָמפּלעקס פֿראַגעס; דעם פֿויערס הויכע סטערטעס היי; אויף יענער זײַט בריקל; אונדזער לאַנג געגאַרטע וואָך רו; צווישן דער רײַכער קאָלעקציע בילדער; אין דײַן לאַנגער קייט דערפֿאַרונגען; זי ציט פּרנסה פֿון אירע אָרעמע קערבלעך אויפּס.

ווען מיר ווענדן זיך צום צווייטן גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו איז דער ענין שוין ניט אַזוי פּשוט. ראשית־כּל זעען מיר אַז עס קענען אַרײַנקומען אַדיעק־טיוון, דהײַנו:

אַ פֿונט ברוינעם צוקער; אַ גלאָז הייסע מילך; אַ פּאָרציע געפֿילטע פֿיש; אויף יענער זײַט אַטלאַנטישן אָקעאַן; אַ מחנה הונגעריקע מענטשן; אַ קאָמפּלעקס גענעלשאַפֿטלעכע דערשײַנונגען; אין אַנהייב צוואַנציקסטן

יאָרהונדערט; **עטלעכע קאַפּיטלען** ייִדישע גראַמאַטיק; **מחנות** שוואַרצע וואָלקנס; **אַ פּאָר** נײַע זיידענע זאָקן; **די ערשטע כוואַליע** באַוווסטזיניקע ייִדישע עמיגראַנטן; **אַ פּראָצענט** אַרויסגעשטויסענע און פּאַראָרעמטע קרעמערס; **אַ קאָלעקציע** זעלטענע און טײַערע קונסטבילדער.

**אַן עדה** קליינע יידעלעך; **בערגלעך** עיפּושדיקע בלאָטע; **דער גרעסטער חלק** לאַנגע ייִדישע נעזער; **דאָס גאַנצע קאַפּיטל** (צעטל) אַזעלכע לײַט (די לעצטע פיר פּראָזעס פון ממו״ס); **אַ גראָמאַדע** צויטיקע שוואַרצע וועלף (פּרץ); **אַ שנור** פאַרשלאָפענע פייגל (פּרץ); **אַ בערגל** אויפגעבלאָזענע אַש (ש״ע); **אַלע שטראָמען** שטילע וואַסער (ביאַליק); **אַ הויפן** באַטרערטע געשטאַלטן (יהואש); **איבער אַ גאַנצער ריי** גרויסע חדרים (בערגעלסאָן); **אין מיטן** אײַנגעבראָכענעם האַלב־קײַלעכדיקן מאַרק (בערגעלסאָן); **דערטרונקען אין אַ ים** וויסטער, אײַליקער **מלאָכה** (שטיף).

מיר האָבן אָנגעהויבן פון פּשוטע טאָג־טעגלעכע פּראַזעס און דערגאַנגען צו אַזעלכע קאָמפּליצירטע פאַרבינדונגען, וואָס זיי קענען זיך אויסדאַכטן האַרבלעך אין פאָרעם פון אַ קוואַנטיטאַטיוו. מע קען למשל — אין די לעצטע צוויי פאַלן — מיט גענוג רעכט פאַרבײַטן אים מיט אַן אַטריבוטיווער פּראַזע וואָס הייבט זיך אָן מיט פון: אין מיטן פון אײַנגעבראָכענעם האַלב־קײַלעכדיקן מאַרק; דערטרונקען אין אַ ים פון וויסטער, אײַליקער מלאָכה. נחום שטיף אין זײַן קאַמף קעגן פון[18] לויבט זייער שטאַרק דעם נוסח אָן פון און ער אַליין שרײַבט אויף דעם שניט.[19] אָבער עס גייט כלל ניט אין אַרײַנשטעלן אָדער אויסלאָזן דעם פון. עס גייט אין אַנאַליזירן ווען קען מען יאָ און ווען טאָר מען ניט ניצן דעם קוואַנטיטאַטיוו. זעען מיר אַז אויב צום צווייטן גליד קומט צו אַן אדיעקטיוו איז עס גרײַלעך מיגלעך. ספּעציעל ווען דער אַדיעקטיוו צוזאַמען מיטן סובסטאַנטיוו שאַפן איין באַגריף, איין נאָמען, אָדער ווען דער אַדיעקטיוו **דעפינירט** און **באַגרענעצט** דעם סובסטאַנטיוו (געפילטע פיש, אַטלאַנטישער אָקעאַן, יידישע גראַמאַטיק, הונגעריקע מענטשן אאַז״וו). אָבער ווען עס קומען צו צוויי אַדיעקטיוון ווערט שוין דער ענין אַ ביסל קשה, בפרט ווען די אַדיעקטיוון דינען ווי **עפּיטעטן** וואָס באַשרײַבן דעם סובסטאַנטיוו. ווען מע ניצט אויך אין אַזעלכע פאַלן דעם קוואַנטיטאַטיוו — שפּרינגט מען אַזוי צו זאָגן אַריבער דעם אָדער די עפּיטעטן, מע לייגט ניט גענוג אַכט אויף זיי, מע כאַפּט זיי אָפּ ווי די עשרת־בני־המן, מע פאַרלירט די געלעגנהייט זיך אָפּ־

[18] זען יידישע שפּראַך, קיעוו, 1927, נומ׳ 1, שפּ׳ 11—28; נומ׳ 5־6, שפּ׳ 13—40; יידישע סטיליסטיק, 1930, זז׳ 14—34. דער מחבר האט א סך צו פארדאנקען נחום שטיפן, וואס זײַנע ארבעטן האבן געשטויסן צו פארטראכטן זיך וועגן דער כמות־פארבינדונג. אבער ליידער זעט נחום שטיף דעם גאנצן ענין ווי א טייל פון זיין קאמף קעגן פון און ניט ווי א וויכטיקן און פארזיכדיקן ענין פון צריך עיון. מיר האָבן אויך געלערנט פֿון זיין אָפּאָנענט ל. רעזניק, זען ייִדישע שפּראַך, קיעוו, 1927, נומ׳ 5־6, שפּ׳ 1—12. פֿון די ארטיקלען פֿון ביידע צדדים זײַנען דאָ פאראן א צאָל בײַשפּילן.

[19] זען „שטיפס שפּראַך בײַם איבערזעצן דובנאָוון״, ייִדישע שפּראַך, ב׳ XII, זז׳ 104—112, באַזונדער זז׳ 108־109.

צושטעלן בײַם רײדן און בײַם הערן אויף די אײגנשאַפֿטן וואָס די עפּי־טעטן הײבן אַרויס.[20] אָבער דאָס ווענדט זיך סוף־כּל־סוף אין דער כּוונה פֿון דעם רײדער אָדער שרײַבער. עס איז אַן ענין פֿון סטיל און ניט פֿון גראַמאַטיק, וואָרעם הן דער קוואַנטיטאַטיוו וואָס קומט אָן שום פּרעפּאָזיציע הן דער אַטריבוט וואָס קומט אין אַ פּרעפּאָזיציאָנעלער פֿראַזע מיט פֿון אָדער מיט זײַנען בלי ספֿק קאָרעקט. אויף דעם שטעלן מיר זיך אַגב נאָך אָפּ בײַ דעם ווײַטערדיקן פּונקט.

מיר דאַרפֿן דאָ האָבן אין זינען אַן עיקר־מאָמענט: צווישן בײדע גלידער פֿון קוואַנטיטאַטיוו קען ניט קומען דער אַרטיקל. מע קען ניט זאָגן אויף ייִדיש: „גיט מיר אַ פֿונט דעם צוקער", „זי טראָגט אַ סלוי דעם האָניק", „ער טרינקט אַ גלאָז די מילך", „ס'איז אַ קופּע די שטײנער" אאַז"וו. און ניט נאָר קען דער אַרטיקל ניט זײַן, עס טאָר אויך ניט קומען דאָס וואָס פֿאַרבײַט דעם אַרטיקל: עס קען צווישן די בײדע גלידער פֿון קוואַנטיטאַטיוו ניט אַרײַנקומען קײן פּאָסעסיווער פּראָנאָם (מײַן, דײַן, זײער אאַז"וו) און עס קען ניט אַרײַנגעשטעלט ווערן קײן דעמאָנסטראַטיווער (דער דאָזיקער, אָט דער, דע'ר) אָדער כּוללדיקער (אַלע אָדער יעדער אַנדער מין פּראָנאָם וואָס פֿאַרבײַט דעם אַרטיקל (יעדער, איטלעך). עס קען אויך פֿאַרן צווײטן גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו ניט קומען קײן פּאָסעסיוו. לאָמיר פֿריער אַ קלער טאָן וועגן די פֿאַרבײַטערס פֿון אַרטיקל און דערנאָך זיך נעמען צום אילוסטרירן דאָס געזאָגטע.

דער טאַטע, אַ טאַטע — פֿון אײן זײַט; מײַן טאַטע, יעדער טאַטע, אַלע טאַטעס; שמואלס טאַטע, דעם [21] חבֿרס טאַטע — פֿון דער צווײטער זײַט (די אַלע פֿאַרבײַטערס פֿון אַרטיקל ווערן געגעבן אין קורסיוו). לויט די באַגרע־נעצונגען פֿאַרן צווײטן גליד פֿון קוואַנטיטאַטיוו באַקומט זיך דעריבער:

אָנהײב ליבע, סוף ליבע — דער אָנהײב פֿון דער ליבע, דער אָנהײב פֿון אונדזער ליבע, דער סוף פֿון אסתּרס ליבע; אַ טײל פּאָטראַוועס — אַ טײל פֿון לאהס פּאָטראַוועס, א טײל פֿון זײערע פּאָטראַוועס (ש"ע); רעשטלעך צווײַג־לעך און בלעטלעך — רעשטלעך פֿון דעם וואלדס צווײַגלעך . . „ רעשטלעך פֿון זײַנע [22] צווײַגלעך און בלעטלעך (פּרץ).

מע דאַרף זאָגן: אין אָנהײב וואָך, אָנהײב קומעדיקע וואָך, דעם סוף נײַע וואָך — אָבער „אין אָנהײב דער נײַער וואָך" איז קוים קאָרעקט.[23] מע

[20] ל. רעזניק האָט עס געפֿילט, אָבער ער האָט ניט גענוג גענוג געראָטן פֿאָרמולירט, ווען ער האָט גערעדט וועגן חילוק צווישן „אַבסטראַקט" און „קאָנקרעט", דצ"וו, שפּ' 12, און נחום שטיף האָט אין זײַן ענטפֿער אָנגעוויזן ווי אַזוי די בײדע באַגריפֿן פּאַסן זיך דאָ ניט.

[21] דעם איז פֿאַרשטײט זיך דער אַרטיקל צום פּאָסעסיוו און ניט צו טאַטע.

[22] בײַ די פּונקטן איז נחום שטיף אַ מודה במקצת: ער האַלט אַז מחמת דעם פּראָנאָם דאַרף דאָ יאָ אַרײַנקומען דער פֿון, אָבער ווען עס קומט צום פּאָסעסיוו פֿאַרטײדיקט ער מיט אומרעכט: „אַ העלפֿט כאַריקס לידערבוך". די גאַנצע פּראָבלעם אַרטיקל און זײַנע פֿאַרבײַ־טערס ווערט ניט אויפֿגעהויבן.

[23] סײַדן מע זאָל זאָגן אַז די־נײַע־וואָך איז אַ מין צונויפֿשמעלץ, אײן באַגריף, און אַז דער קען ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ באַזונדערער אַרטיקל.

דאַרף זיך נוהג זיין צו ניצן: אין דריטן באַנד „קאַפּיטאַל", אין פערצנטן באַנד „יידישע געשיכטע", אָבער — אין זיבעטן באַנד פון שמעון דובנאָווס געשיכטע, אַ העלפט פון כאַריקס לידערבוך. און כאָטש מיר געפינען בײַ מענדעלען גופא אזא פראַזע: „גאַנצע מחנות אונדזערע גוטע מענטשעלעך" — און מי לנו גדול ממענדעלע? — דערלויבן מיר זיך אָנצווייזן אַז דאָ קומט אַריין אַ פּרעפּאָזיציע (מיט אָדער פון) פאַר דעם פּראָנאָם אונדזערע.

דער כלל איז אַזאַ: (1) דער קוואַנטיטאַטיוו קען פאַרטראָגן אַז צום צווייטן גליד זאָלן צוקומען געוויסע בײַווערטער, אָבער ניט פון אַלע מינים; (2) מע דאַרף זיך רעכענען מיטן כאַראַקטער פון אַדיעקטיוו, צי ער איז אַ דעפינירנדיקער, אַ באַגרענעצנדיקער אָדער אַ באַשרײַבערישער, און בײַם לעצטן מין אַדיעקטיוון איז אָפט גלייכער ניט צו ניצן דעם קוואַנטיטאַטיוו;[24] (3) פאַרן צווייטן גליד פון קוואַנטיטאַטיוו טאָר ניט קומען ניט קיין אַרטיקל און ניט קיין פאַרבײַטער פונעם אַרטיקל.

## ז. די אַטריבוטיווע פראַזע און דער קוואַנטיטאַטיוו

עס איז אָפּהענגיק פון דעם אינהאַלט, פון דעם וואָס מע וויל איבערגעבן, צי מע ניצט אָדער מע ניצט ניט דעם קוואַנטיטאַטיוו. אַוודאי זײַנען גראַמאַטיש קאָרעקט אַלע פיר זאַצן:

1. אַ וואַגאָן סחורה איז אָנגעקומען;
2. אַ וואַגאָן טײַערע סחורה איז אָנגעקומען;
3. אַ וואַגאָן מיט סחורה איז אָנגעקומען;
4. אַ וואַגאָן מיט טײַערער סחורה איז אָנגעקומען.

אין די זאַצן 1 און 2 איז דער סוביעקט סחורה, טײַערע סחורה; אין די זאַצן 3 און 4 איז דער סוביעקט אַ וואַגאָן; די ערשטע צוויי זאַצן גיבן איבער וויפל סחורה עס איז אָנגעקומען, די לעצטע צוויי וואָסער מין וואַגאָן איז אָנגעקומען, און מיר האָבן אַטריבוטן וואָס באַשטייען פון אַ פּרעפּאָזיציע פּלוס זאַכוואָרט (צום זאַכוואָרט קען צוקומען נאָך אַן אַטריבוט). עס דאַרף ניט זיין די פאָרשטעלונג אַז איין נוסח פאַרבײַט דעם צווייטן, נאָר יעדער נוסח דינט זיך זיין אייגענעם ציל: די כוונה פון דעם ריידער אָדער דעם שרײַבער איז דאָ אַ ביסל אַן אַנדערע.

דער חילוק אין באַטײַט קען זײַן גאָר אַ גרויסער, צי מע ניצט דעם קוואַנטיטאַטיוו אָדער אַ פּרעפּאָזיציאָנעלע פראַזע. לאָמיר זאָגן מען האָט פלעשער ביר, פלעשער ווײַן, פלעשער קוואַס און פלעשער בראַנפן — האָט מען טאַקע הן ביר, הן ווײַן, הן קוואַס, הן בראַנפן. אָבער ווען שלום־עליכמס מאָטל דעם חזנס דערציילט אַז זײַן ברודער אליהו האָט צונויפגעבראַכט פון דער גאַנצער וועלט „אַלערליי פלעשער און פלעשלעך, גרויסע און קליינע, פלע־

[24] למשל: אין אָנהייב יאָרהונדערט, אָבער ניט „אין אָנהייב בלוטיקן יאָרהונדערט", נאָר אין אָנהייב פון דעם בלוטיקן יאָרהונדערט; דער דינער צודעק שניי, אָבער — דער דינער צודעק פון פריש געפאַלענעם שניי.

**שער פון ביר, פלעשער פון ווײַן, פלעשער פון קוואָס, פֿלעשער פון בראָנפן" — האָט דער ברודער אליהו ניט געהאַט ניט קיין ביר, ניט קיין ווײַן אאַז"וו, נאָר בלויז ליידיקע פלעשער וואָס אין זיי איז פֿריִער געווען ביר, ווײַן אאַז"וו.**

**בכן, ווען מע טרעפט בײַ דעם זעלביקן שרײַבער פּאַראַלעלע קאָנסטרוקציעס מיטן קוואַנטיטאַטיוו און מיט אַן אַטריבוטיווער פּרעפּאָזיציאָנעלער פּראַזע, קען מען ניט אײַנזען אין דעם אַ ניט־אויסגעהאַלטנקייט אָדער אַ דורכפאַל, נאָר מע דאַרף אַ טראַכט טאָן: צי איז דאָ די כּוונה געווען אַן אַנדערע? צי איז ניט דער שרײַבער געווען גערעכט איןביידע פאַלן?**

מיר שטעלן זיך אָפּ אויף אַ צאָל פּאַראַלעלע קאָנסטרוקציעס בײַ אונדזערע קלאַסיקערס:

מענדעלע מוכר־ספרים ניצט זייער אָפט דעם קוואַנטיטאַטיוו. מיר טרעפן בײַ אים, למשל, אַ קאַפּעליע קלעזמער, אַ קאַפּעליע משוררים, אַ קאַפּעליע שפּילפּייגעלעך — און דאָך אויך: „אין דער קאַפּעליע פון דער ייִדישער ליטעראַטור" (און מיט פולן רעכט, וואָרעם ער וויל דאָ ארויסהייבן די קאַפּעליע און איז גלײַכצײַטיק מחדש וואָס ער פאַרבינדט אָט דעם באַגריף מיט דער ייִדישער ליטעראַטור); „די אויערן הערן די וווּנדערלעכע קאַפּעליע פון שפּילפּייגעלעך" (וואָרעם דאָ ווערט ווידער ארויסגעהויבן די קאַפּעליע ווי אַ זאַך פאַר זיך, חוץ לזה קומט אויך אין באַטראַכט דער ריטעם פון גאַנצן זאַץ וואָס צעפּאַלט דאָ אויף דרײַ אייגסן). דער זיידע שרײַבט: „מיר זײַנען אַן עדה פון מילבן"; וואָלט ער דורכגעלאָזט דעם פון, וואָלט ער געזאָגט אַז מיר זײַנען מילבן, אַבער ער האָט געהאַט די כּוונה צו ווײַזן אַז מיר זײַנען טאַקע אַן עדה, די אַלטע עדת ישראל, נאָר וואָס דען? אָט די עדה באַשטייט פֿון קליינע באַשעפֿענישלעך, אַזש פון מילבן. אַוודאי שרײַבט מענדעלע: אַ מבול וואַרטער, אַבער אויך: „עפּעס אַ מבול פון ווערטער, באַהיט זאָל מען ווערן", וואָרעם דער פּאָלקסטימלעכער צוגאָב באַציט זיך דאָך אויפן מבול, ניט סתּם אויף ווערטער.

ווען שלום־עליכם שרײַבט: „אַ ים מיט גלאַנצנדיקע קעפּ", „אַ גאַנץ רעדל מיט ייִדן", „אַ גאַנצער באַרג מיט בעטגעוואַנט", „אַ גאַנצע פּושקע מיט שמעק־טאַבעקע" — הייבט ער ארויס דעם ים, דאָס רעדל, דעם באַרג, די פּושקע, און עס וואָלט זיך באַקומען אַן אַנדער ניואַנס, אויב דאָ וואָלט געווען דער קוואַנטיטאַטיוו.[25] אַוודאי וואָלט מנשהכע די רופאַטע פון מאָטל פּייסי דעם חזנס געקאָנט זאָגן: איך האָב אַ גאַנצן בוים פּערשקעס, אַבער דער אָרעמער יתום וואָס ליגט אויף אַ דאַך און קוקט אויף איר גאָרטן מוז זאָגן: „איצטער שטייט פאַר מיר אַ גאַנצער בוים מיט פּערשקעס". אַוודאי קען זײַן: שפּיץ נאָז און שפּיץ גאָמבע און שפּיץ (אָדער שפּיצן) באָרד, אַבער דער אַלטער לוריע „קײַט די שפּיצן פונעם באָרד". מע קען האָבן אַ באַרג גאָלד און אַ באַרג קרישטאָל, אַבער „דער גן־עדן געפינט זיך ערגעץ אויף אַ באַרג פון סאַמע קרישטאָל". עס קען זײַן אַ קוואַל געפילן, אַ קוואַל טרערן און אויך אַ קוואַל ווערטער, אַבער „אַ מאָל עפּנט זיך בײַ מיר אַ קוואַל פון ווערטער". קלאָר אַז מע קען די לעצטע טעג זומער פאַרברענגען אין אַ דאָרף, אַבער פון דעם זאַץ „די לעצטע טעג פון זומער — ווי שיין זיי זענען" טאָר מען די פּרעפּאָזיציע ניט דורכלאָזן.[26]

פּרץ ניצט „אַ מבול קלעפּ און שלעק", אַבער עס האָט בײַ אים גאָרניט „זיך ארויסגע־

[25] ווען מע באַגעגנט אַ פּרעפּאָזיציאָנעלע פּראַזע מיט מיט רופט עס נ. שטיף „די דריטע קאָנסטרוקציע" (ייִדישע סטיליסטיק, ז' 29); ער האַלט אַז מיט קען פאַרבײַטן פון. אַבער דער באַטײַט איז דאָך אַן אַנדערער: מע קען קויפן אַ סלוי האָניק און זאָגן אַז מען האָט געקויפט אַ סלוי מיט האָניק, אָבער אַ סלוי פון האָניק באַטײַט — דער האָניק איז שוין דאָרטן ניטאָ, אַז מען האָט דעם סלוי געהאַט גענוצט פאַר האָניק.

[26] נ. שטיף האַלט אַז דער פון איז פאַלש, ל. רעזניק פאַרטיידיקט אים.

כאַפּט״[27] אין: „געגנוג, לאָז שוין זיין געגנוג, עפּעס א מבול פֿון ווערטער״ (זיך דערמאָנען מענדעלעס א זאַץ, ציטירט דאָ פֿריער). ר׳ נחמנקע פֿאַרציילט: „האָב איך פּלוצלינג א מחנה פֿון פֿייגל דערזען״ — ער האָט פֿריער דערזען די מחנה, שפּעטער ערשט האָט ער פֿאַרשטאַנען אַז דאָס זענען פֿייגל, ווי עס פֿאַרשטייט יעדער איינער וואָס לייענט די מעשׂה; שפּעטער זאָגט ער שוין „איך זאָל זיי דערציילן פֿון דער מחנה פֿייגל״.[28] און נאָך ציטאַטן אָן פּירושים: „א קוואַל פֿון שׂמחה איז ער, פֿון אים שטראָמט זי אַרויס״; „א טייך מיט שווייס האָט שוין דעם יצר־הרע באַגאָסן״; „האָבן צעשפּרייט דעם יצר־הרעס אַש אויף אַלע פֿיר עקן פֿון דער וועלט״; „דאָס איז א חלק פֿון ניגון מיט וועלכן גאָט האָט די וועלט באַשאַפֿן״; „דערנאָך האָט עפּעס אין מיר געברומט, ווי אַן אָנהייב פֿון א ניגון געברומט״; „א ים פֿון ברענעדיקער תאווה האָט זיך אויסגעגאָסן — א גיהנום ברענט״. די אַלע פּרעפּאָזיציעס זיינען פֿולקום באַרעכטיקט. פֿון דער צווייטער זייט קומט אויף א שאלה, צי עס איז קאָרעקט דער קוואַנטיטאַטיוו אין דעם זאַץ ביים באַשרייבן דעם בריסקער רב: „א ווייַסע לאַנגע באָרד, איין שפּיץ . . . האָט זיך אים אַריינגערוקט אונטערן גאַרטל, דער צווייטער שפּיץ באָרד ציטערט איבערן גאַרטל״ — צוליב דעם בילד און א פּאַראַלעל מיט פֿריער וואָלט געדאַרפֿט לפּי עניות דעתּי זיין: דער צווייטער שפּיץ פֿון באָרד, אָדער סתּם שפּיץ, אָן באָרד (זיך דערמאָנען שלום־עליכמס זאַץ וועגן לוריעס באָרד).

הכלל, עס גייט דאָ נישט אין באַקעמפֿן אַטריבוטיווע פּראַזעס וואָס פּאַסן זיך בעסער ווי דער קוואַנטיטאַטיוו. מיר פֿאַרענדיקן מיט לייוויקס אַ שורה: „אויף שלל פֿון געשטאַלטן צו אָנטאָן א גוף״ — איין גוף אויפֿן גאַנצן שלל, דער שלל איז דאָ איין זעונג, און ס׳איז גאָר אַנדערש ווען דער דיכטער וואָלט גערעדט וועגן שלל געשטאַלטן וואָס מע דאַרף אויף זיי אָנטאָן גופים.

## ח. בייגפּאַלן און מיטשטימונג ביים קוואַנטיטאַטיוו

לשיטתי געהערן בײדע גלידער פֿון קוואַנטיטאַטיוו צו דעם זעלביקן בייגפּאַל. וואָלט מען געגאַנגען מיטן דרך אַז אין אָט דער כמות־פֿאַרבינדונג פֿעלט, אָדער עס איז דורכגעלאָזן, אָדער איז פֿאַראַן אין דער געטראַכטער שפּראַך און ווערט ניט אויסגעדריקט אין דעם דרויסן (ביים ריידן אָדער שרייבן) די פּרעפּאָזיציע פֿון אָדער אַן אַנדער פּרעפּאָזיציע, וואָלט מען געדאַרפֿט זאָגן אַז דאָס צווייטע גליד פֿון דער פֿאַרבינדונג איז תּמיד אין דאַטיוו. די פֿאַקטן פֿון גערעדטן לשון אין אַלע דיאַלעקטן און די ווינציקע ראַיות פֿאַר דער ליטעראַטור זיינען אָבער סותר אזאַ באַנעמען דעם ענין. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דעם אין קאַפּיטעלע ה: איך טרינק אַ גלאָז וואַרעמע מילך. הן מילך הן גלאָז זיינען אין אַקוזאַטיוו. פּונקט אַזוי טרעפֿן מיר ביי מענדעלען: „צוגענומען די בערגלעך עיפּושדיקע בלאָטע״; פּונקט אַזוי דאַרף זיין: איך עס אַ שטיק ווייסע חלה, איך קריג א שעה אומגעריכטע רו אאַז״וו. די בייַשפּילן זיינען פֿון ווייבלעכן מין כּדי מע זאָל זען דעם חילוק צווישן אַקוזאַטיוו און דאַטיוו, וואָרעם ביים מענלעכן מין און טיילווייַז ביים נייטראַלן איז דאָ קיין אונטערשייד ניט פֿאַראַן (איך קויף צוויי פֿונט ברוינעם צוקער, איך וועל אויסקומען מיט צוויי פֿונט ברוינעם צוקער).

---

27 נ. שטיפּס אויסדרוק (יידישע שפּראַך, קיעוו, 1927, נומ׳ 1, שפּ׳ 24).
28 זען חסידיש, פֿאַרלאַג קלעצקין, ז׳ 200 — מיט פֿון, ז׳ 207 — אָן פֿון.

ווי זשע איז עס ווען דער קוואַנטיטאַטיוו איז אין דאַטיוו? טעאָרעטיש דאַרף זיך באַקומען: מיט אַ גלאָז וואַרעמער מילך אין האַנט, אויף בערג־לעך עיפּושדיקער בלאָטע אאַז״וו. אין דער ליטעראַטור טרעפן מיר אַזוינס: „אין אַ ים ווײסטער, אייליקער מלאָכה״ (שטיף), „מיט אַ שטראָם רעוואָלו־ציאָנערער פרייד״, „נאָך לאַנגע שעהן שווערער מי״. אין דער ריידשפּראַך איז אַזוינס בנמצא נאָר אין יענע ריידענישן וואָס פאַרמאָגן טאַקע די ענ־דונג ־ער אין דאַטיוו ווײבלעך[29] (אין אַ טייל ווײַסרוסלאַנד, אין פּאָדאָליע, וואָלין א״אַ). אָבער לויט ווי עס האָט זיך אײַנגעשטעלט אין דער ליטעראַ־טור־שפּראַך וועט מען קיין טענות קעגן דער ענדונג ניט האָבן.

נו, און ווען דער קוואַנטיטאַטיוו פאַרנעמט דאָס אָרט פון סוביעקט אין זאַץ? דאַרף ער זײַן — זײַנע בײדע גלידער דאַרפן זײַן! — אין נאָמינאַטיוו: דער סלוי ברוינער האָניק שטייט אויף דער פּאָליצע, די שעהן שווערע מי האָבן אים אויסגעמאַטערט, דאָס ביסל ייִדיש לעבן איז אָפּגעווישט געוואָרן; „איז פאַרבליבן א שטיקל ניט־פאַרברענט פּאַפּיר״ (ש״ע). אמת, ביים ריידן איז פאַראַן א נטיה דאָ צו פאַרבײַטן דעם קוואַנטיטאַטיוו מיט א פּרעפּאָזי־ציאָנעלער פראַזע: דער סלוי מיט ברוינעם האָניק . . ., די שעהן פון (מיט) שווערער מי . . .; דאָך איז אויסגעקומען צו טרעפן אָט דעם נאָמינאַטיוו אין רייד פון ייִדן פון די פאַרשידנסטע מקומות. בכן רעקאָמענדירן מיר: דאָס זײַנען קאַפּיטלען ייִדישע גראַמאַטיק, אָבער איך ארבעט אויף קאַפּיטלען ייִדישער גראַמאַטיק; ס׳איז אַ שטיק רעוואָלוציאָנערע געשיכטע, אָבער פאַר־אינטערעסירט מיט דעם שטיק רעוואָלוציאָנערער געשיכטע אאַז״וו.

מיר האָבן דאָ די פּראַקטישע אויספירן פון אונדזער אַנאַליז. און וואָס שייך מיטשטימונג אין צאָל צווישן סוביעקט און פּרעדיקאַטיוון ווערב האַלטן מיר אַז עס דאַרף מכריע זײַן דאָס צווייטע גליד פון קוואַנטיטאַטיוו. עס דאַרף זײַן: די כאַפּטע קינדער לויפן נאָך; די רעשט בעלי־בתּים מיינען; די גרופּע אומצופרידענע האָבן זיך אָפּגעריסן; „אַ טייל ייִדן ליגן דאָרט״ (ממו״ס); „פונעם דאָוונען איז מיר איבערגעבליבן נאָר די שטיקלעך דרויב״ (ממו״ס); די גאַנצע כאַליאַסטרע עמיגראַנטן האָבן זיך פאַרליבט אין מיר (ש״ע), אײַן כּיתּה נאַציאָנאַליסטן טראַכטן (שלמה בירנבוים). מיר קענען אָבער אין דעם ענין איצט זיך ניט פאַרטיפן, ווײַל מיטשטימונג איז אַ האַרבער קאַפּיטל פאַר זיך.[30] עס איז דאָ א גוואַלדיק שטאַרקע נטיה צו שטעלן דעם ווערב אין איינצאָל אויך דעמאָלט ווען דער סוביעקט איז אין מערצאָל, און ניט בלויז אין דער ריידשפּראַך, נאָר אויך אין דער גאַנצער ליטעראַטור פון 19טן י״ה, ביי מענדעלען און ביי שלום־עליכמען און ביי א צאָל שרייבערס וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט פירן פון גרייטע גראַמאַטישע מוסטערן. פון

[29] זען „א פּאָר גאָר וויכטיקע ספקות פון אונדזער איצטיקער כלל־שפּראַך״, ייִדיש פאַר אַלע, נומ׳ 9, זז׳ 233—244; נומ׳ 10, זז׳ 265—272; נומ׳ 13, זז׳ 80—86.

[30] זען „אומשטימונג אין צאָל צווישן סוביעקט און פּרעדיקאַט״, ייִדישע שפּראַך, IX, זז׳ 22—34.

דער צווייטער זייט איז פֿאַראַן די טענדענץ אַז די מיטשטימונג אין צאָל זאָל זיין אַ לאָגישע, ניט קיין פֿאָרמעלע, און עס איז בכן אויך מיגלעך: חברה לויפֿן, די כאַליאַסטרע שלעפּן זיך, טייל עולם שרייַען אאַז״וו.

## ט. קוואַנטיטאַטיוו און סמיכות

די גרענעצן צווישן גראַמאַטישע קאַטעגאָריעס און דערשיינונגען זיינען ניט תמיד געננג קלאָרע. פֿאַראַן איבערגאַנג־סטאַדיעס און פֿאַרבינדונגען פֿון ווערטער וואָס מע קען זיי אויסטייַטשן אויף אַ פֿאַרשיידענעם אופֿן. אַזוי טרעפֿן מיר אויך אַז ניט שטענדיק האָבן מיר צו טאָן מיטן קוואַנטיטאַטיוו, הגם עס זעט אויס אַזוי פֿון ערשטן קוק. מיר האָבן שוין גערעדט וועגן דעם מעטאָנימישן ניצן דעם ערשטן טייל פֿון דעם קוואַנטיטאַטיוו און וועגן די פֿיגוראַטיווע אויסדרוקן וואָס שאַפֿן זיך מיט זיין הילף. מיר נעמען אַן אַז „אַ גאַנצע סעריע מלמדים״ (ש״ע), „אַן אַ שיעור רעצעפּטן״ (ש״ע), „אַן אוקינוס געווייסן, „אַ פּרק דערפֿאַרונגען״, „יידישע מאַמעס מיט ימען צערט־לעכקייט״ — זיינען אַלץ קוואַנטיטאַטיוון. אָבער ווי איז מיט: אַ שיכט אָרעמע־לייַט, אַ שיכט ליים? מע קען אָט די אויסדרוקן אויך טייַטשן ווי קוואַנטיטאַטיוון, אָבער אין אַזאַ זאַץ: עס גייט פֿריער אַ שיכט זאַמד, דער־נאָך אַ שיכט ליים און אונטן קומט אַ שיכט שטיינער — רעדט זיך קוים וועגן קוואַנטום. אָדער לאָמיר נעמען דאָס זייער פֿאַרשפּרייטע און פּשוטע ווערטעלע מין. ער האָט פֿאַרקויפֿט איין מין עפּל און דעם צווייטן מין עפּל האָט ער ניט פֿאַרקויפֿט — דאָ קען מען נאָך ווי ניט איז דערזען דעם עלעמענט טייל, חלק; זאָג מיר וואָס פֿאַר אַ מין מענטש איז ער — איז שוין ניט שייך כמות, נאָר בפּירוש איכות. ס׳לוינט זיך ניט אַרייַנצולאָזן אין פֿי־לאָסאָפֿיע וועגן איבערגאַנג פֿון כמות אין איכות. עס איז כּדאַי בעסער איינ־צוזען אַז מיר האָבן דאָ אַן אַנדער מין פֿאַרבינדונג צווישן צוויי זאַכוואָרטער.

מיר האָבן שוין דערמאָנט פּאַראַלעליזמען (זען קאַפּיטעלע ה); מיר גיבן דאָ צו אַז עס זיינען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע עליפּטישע באַהעפֿטונגען ווו עס פֿעלן די פֿאַרבינד־מיטלען. עס פֿלאָגט אונדז די פּראָבלעם לערערס — באַ־טייַט: די פּראָבלעם וואָס נעמט זיך פֿון דעם וואָס עס פֿעלט לערערס, אָדער: פֿון דעם וואָס די לערערס זיינען ניט צוגעגרייט א״אַ. דאָס אייגענע האָבן מיר מיט ענין: דער ענין (וואָס מע רופֿט אים) מיטשטימונג, „פֿאַרשטיין דעם ענין מרחץ״ (ממו״ס). אַ משפּחה קאַליקעס באַטייַט: אַ משפּחה וואָס באַשטייט פֿון בלויזע קאַליקעס. אָדער לאָמיר נעמען שלום־עליכמס זאַץ: „פֿון וואַנען האָבן זיך צו מיר גענומען אַזעלכע רוצחים קינדער?״ — וואָס קען אויסגעטייַטשט ווערן: קינדער וואָס זיינען רוצחים (וואָלט דעמאָלט נאַ־טירלעכער געווען: קינדער רוצחים), רוצחים וואָס זיינען גלייַכצייַטיק מייַנע קינדער. מיר האָבן דאָ די פֿיגור עליפּס.

מע דאַרף אויך איינזען אין אַ צאָל פֿאַרבינדונגען די השפּעה, דעם אַריבערטראַג פֿון דער סמיכות־קאָנסטרוקציע. פֿון ערב שבת און ערב יום־

טובֿ — גרייטע סמיכותן — האָבן מיר געשאַפֿן: ערבֿ רעוואָלוציע; ערבֿ נייַע, גרויסע געשעענישן. דאָ האָט געאַרבעט די פּשוטע אַנאַלאָגיע. פֿאַר וואָס זשע זאָלן מיר ניט אייַנזען קיין סמיכות אין דער פֿאַרבינדונג ווו דער ערשטער טייל איז מין? „אַ מין געזאַנג, אַ מין נאַטור־געזאַנג, אַ מין שיר־השירים" (ש"ע), „אַ גרויסער, אַ לאַנגער מין באַשעפּעניש" (ממו"ס) — דאָ קען מען קוים אַרייַנטייטשן דעם קוואַנטיטאַטיוו. דאָס אייגענע איז מיט די פֿאַרבינדונגען ווו דער ערשטער טייל איז סאָרט, אַרט (מיטן באַטייַט: מין). מיר האָבן אויך די אינטערעסאַנטע פֿאַרבינדונגען מיט שטייגער, אופֿן, אַרט (מיטן באַטייַט: אופֿן). ווען נאָך די לעצטע דרייַ ווערטער קומט אַן אינפֿיניטיוו, פֿעלט יעדער מין פּאַרטיקל אָדער פּרעפּאָזיציע. דעריבער איז אַזוי נאַטירלעך: דער שטייגער לעבן. מענדעלע שרייַבט אויך: שטייגער פֿירונג, שטייגער אויפֿפֿירונג, אָבער גלייַכצייַטיק: „אַן אומעטיקער שטייגער[31] פֿון איכהס", בייַ דעם גאַנצן שטייגער אין דעם משדך זיך זייַן". עס איז פֿאַראַן אַ קלאָרע לאָגישע בריק צווישן די פֿינף ווערטער און מעטאָד, פּראָצעס, מדרגה, סיסטעם (אַ מעטאָד דענקען, אין פּראָצעס טראַכטן, אַ הויכע מדרגה מאָראַל, אַ סיסטעם מעשים). אין דעם רובֿ פֿאַלן איז דאָך נאַטירלעכער נאָך אָט די ווערטער אַ פּרעפּאָזיציאָנעלע פֿראַזע (דער מעטאָד אין פּסיכאָלאָגיע, דער פּראָצעס פֿון פֿאַראַרעמונג, מדרגה פֿון פֿאַרטיפֿן זיך, אַ סיסטעם בייַ אַן אַרבעט).

מיר זעען אייַן בלי־ספֿקדיקע סמיכותן אין די פֿאַרבינדונגען מיט עצם און מהות: די עצם עקסיסטענץ, דער מהות מענטש. מע קען אויך אויס־טייַטשן ווי אַ סמיכות: דאָס פֿינטעלע ייִד (ייִדישקייט). מיר האָבן דאָ אַ באַ־גרענעצטע צאָל ווערטער, וואָס זיי צעפֿאַלן אין עטלעכע באַטייַט־גרופּעס. די אַלע אויסדרוקן זייַנען אַלטע תּושבֿים אין אונדזער לשון אָדער עס זייַ־נען צוגעקומען עטלעכע נייַע על־פּי אַנאַלאָגיע (מיט אַזעלכע ווערטער ווי סיסטעם, פּראָצעס). דאָך לאָזט זיך ניט סתּם אויסברייטערן אַזאַ מין פֿאַר־בינדונג. עס איז, למשל, האַמעטנע „אַ וואַקכאַנאַליע ווילדקייט",[32] דאָ דאַרף אַרייַנקומען פֿון. מע קען אפֿשר גאַנץ אָפּגעהיט אויסברייטערן די גרופּע ווערטער וואָס מיר האָבן אויסגערעכנט, אָבער מע מוז האָבן אַן אָנשפּאַר אין די פֿאַרטיקע סמיכות־פֿאַרבינדונגען און געדענקען אַז שפּראַכיקע רגילותן זייַנען אַ געזונטער קאָנסערוואַטיווער כּוח לטובֿת ריינקייט און קאָרעקטקייט.

לסוף אַ הערה: קען זייַן אַז אין דעם אויסשפּרייטן זיך פֿון קוואַנטי־טאַטיוו אין ייִדיש לגבי די גערמאַנישע דיאַלעקטן, פֿון וואַנעט ייִדיש האָט אים לכתּחילה גענומען, האָט שטאַרק צוגעהאָלפֿן סמיכות וואָס מיר האָבן באַקומען פֿון העברעיִש.

---

[31] דאָ קען דאָס וואָרט שטייגער באַטייטן: אַ ספּעציעלער מין ניגון.

[32] ווי נ. שטיף רעקאָמענדירט.

# ווען פֿאַר איז קעגן גײַסט פֿון ייִדיש*

פֿון א. א. ראָבאַק

ווען איך האָב אין פרײַע ארבעטער־שטימע קריטיקירט דעם אויסדרוק „פֿאַר 50 יאָר" ווי ניט־אידיאָמאַטיש, באַזונדער אין זאַץ פֿון א צירקולאַר וואָס האָט זיך אָנגעהויבן: „פֿאַר 50 יאָר איז צביון געשטאַנען . . .", האָב איך ניט געוווּסט ווּעמען איך האָב אָנגעטראָטן. און אפֿשר איז בעסער אַזוי. איך האָב זיך געהאַט פֿאָרגעשטעלט אַז דער שרײַבער פֿון דער מודעה איז אַן אַמעריקאַניזירטער אָרגאַניזאַציע־מענטש, און ניט אָ פּעדאַגאָג און אַ שרײַבער מיט סטאַזש. דער דאָזיקער פֿאַקט איז אָבער ניט גענוג צו כּשרן אַ קאָנסטרוקציע וואָס איז ניט יידישלעך. „זאָלן פֿאַלן די שפּענער ווו זיי באַדאַרפֿן" — איז פֿאַראַן ערגעץ אַ ווערטל, און פֿאַרן כּבוד פֿון יידיש איז רעכט צו קריטיקירן אפֿילו פּ׳ ח. ש. קאַזדאַנען וואָס — ווי מיר ווייסן אלע — דאַרף ניט קיין אַטעסטאַטן.

## אַן אַרגומענט פֿון יִראת־הכּבוד וועגן

ס׳איז אַ חידוש וואָס פּ׳ קאַזדאַן האַלט מיר פֿאָר הלמאַי איך דערוועג זיך צו טאָן אַזוינס („ראָבאַק האָט געמעגט זײַן פֿאָרזיכטיקער מיט זײַן קאַ־טעגאָרישן פסק־דין, בפֿרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן פֿאַרשטאָרבענעם ח׳ צביון . . ."). פֿאַרשטיי איך ניט די רבותא דאָ. איך האָב געהאַט אַ טענה קעגן אַ געוויסן אויסדרוק, באַנוצט אין א בוך און אין אַ צירקולאַר בשייכות מיט צבֿיונען. טאָ מיט וואָס האָב איך פֿאַרבראָכן קעגן צביונען? איז די מעשׂה וואָס צביון האָט צוגעשטימט צום נאָמען פֿון בוך. צי ער איז אויך מסכּים געווען אויף דער קאָנסטרוקציע „פֿאַר 50 יאָר איז צביון געשטאַנען..." — ווייס איך ניט. אָבער אַפֿילו אויב יאָ, וואָלט איך ווײַטער געזאָגט אַז די קאָנסטרוקציע טויג ניט. פֿון צביונען האָב איך געהאַלטן אַן עולם ומלואו, און ער מיך האָט דערמאָנט לשבח מער ווי איין מאָל. אַוודאי האָט צביון געשריבן אַ קלאָרן און זאַפֿטיקן יידיש. אָבער אַפֿילו בײַ זײַן לעבן איז מיר אויסגעקומען אָנצומערקן וועגן דער השפּעה פֿון ענגליש וואָס עס זעט זיך אָן אין זײַן שרײַבן. למשל: ער האָט געקאָנט ניצן אַזאַ וואָרט ווי „סטייט־מענט" אַ צענדליק מאָל אין איין אַרטיקל; ער איז ווײַט ניט געווען אָפּגעהיט בנוגע אזאַ אַנגליציזם ווי „איך האָב מער ווי איין מאָל געזאָגט", אַנ־שטאָט שוין ניט איין מאָל... איז טאַקע א חידוש וואָס פּ׳ קאַזדאַן טראָגט דאָ אַרײַן דעם אַלטן argumentum ad verecundiam, וואָס איך וואָלט איבער־געזעצט „די ראַיה פֿון יִראת־הכּבוד וועגן". און ווען עס האַנדלט זיך אַפֿילו וועגן מר בר רב אַשי — דאַרף מען זיך אָפּהאַלטן צו מאַכן אַ קריטישע באַמערקונג?

---

* זען „פֿאַר 50 יאָר" פֿון ח. ש. קאַזדאַן אין דעם פֿריערדיקן נומער יידישע שפּראַך, זז׳ 58־59.

פּ׳ קאַזדאַן שרײַבט: „ערשט איצט האָב איך באַמערקט אַז אויף דער צווייטער זײַט פֿון שער־בלאַט איז אָנגעגעבן אויף ענגליש: For 50 Years. איך בין ניט זיכער צי דאָס איז אַ גוטע איבערזעצונג״. די איבערזעצונג איז בלי שום ספֿק אַ גוטע. הלוואַי וואָלט מען עס געקאָנט זאָגן וועגן אָריגינאַל.

## עיקר־הנחות

לאָמיר צוטרעטן צום ענין סיסטעמאַטיש. פֿאַר וואָס איז איין קאָנסטרוקציע גוט און די אַנדערע שלעכט? מײַן שיטה גייט אַרויס פֿון דרײַ הנחות:

(1) דער אויסדרוק דאַרף זײַן אין גייסט פֿון דער שפּראַך. אויף דעם וועלן אַלע מודה זײַן;

(2) פֿון אַן אויסדרוק פֿאָדערט זיך קלאָרקייט, אַן אויסדרוק דאַרף זײַן אומצווייטײַטיק, סײַדן אין אַ הומאָריסטישן קאָנטעקסט;

(3) ווו עס זײַנען פֿאַראַן צוויי באַזונדערע קאָנסטרוקציעס אויסצודריקן אַ געוויסן געדאַנק און איינע ווערט אויסשליסלעך באַנוצט אין ייִדיש, בעת די צווייטע קומט פֿאָר אויך אין ענגליש, דײַטש אָדער רוסיש, איז בעסער אויסצוקלײַבן די באַזונדערע ייִדישע קאָנסטרוקציע, כּדי די פֿרעמדע השפּעה זאָל מיט דער צײַט ניט אַריבערוועגן די אייגענע וואָס איז אפֿשר אין אַלטע צײַטן אויך געקומען פֿון ערגעץ אַנדערש, אָבער איצט באַגעגנט זי זיך דורכויס אין ייִדיש. דערפֿאַר וועל איך ניצן אַזעלכע אויסדרוקן ווי הײַנט צו טאָג, אין זײַנער צײַט,* דאָס וויל זאָגן אאַז״וו.

## אַ געמיש פֿון באַגריפֿן

לאָמיר אַ קוק טאָן איצט ווי אַזוי פּ׳ קאַזדאַן וויל באַווײַזן אַז „פֿאַר 50 יאָר״ איז פֿאָלקסטימלעך ייִדיש. ער האָט צונויפֿגעקליבן 17 בײַשפּילן ווו פֿאַר זאָל ווערן באַנוצט מיט אַ סובסטאַנטיוו וואָס האָט צו טאָן מיטן באַגריף צײַט. און מיט דעם האָט ער, זאָל עס הייסן, באַוויזן אַז דער אויסדרוק „פֿאַר 50 יאָר״ איז לגמרי ייִדיש.

צי איז אַ טיטל פֿון אַ בוך פֿאַר 50 יאָר אומצווייטײַטיק, אַפֿילו ווען דער פֿאַר איז שוין דערלאָזלעך דאָ? ווען איך האָב דערזען דעם דאָזיקן טיטל, האָב איך געמיינט אַז עס רעדט זיך דאָ וועגן עפּעס וואָס האָט פּאַסירט מיט 50 יאָר צוריק. בכן האַלט איך אַז אַ טיטל וואָס וואַרפֿט אונדז שוין בײַם ערשטן קוק אַרײַן אין ספֿק איז ניט קלאָר און ניט גוט, אַפֿילו אויב דער פֿאַר זאָל זיך אַרויסווײַזן באַרעכטיקט. אַוודאי וואָלט בעסער און קלאָרער געווען: (אַ) 50 יאָר; (ב) 50 יאָר לאַנג; (ג) אין משך פֿון 50 יאָר.

פּ׳ קאַזדאַן האָט צונויפֿגעקליבן 17 אילוסטראַציעס, אָבער ס׳איז אַ דאָכטעניש. פֿון די 17 זײַנען כּמעט העלפֿט דובליקאַטן, למשל:

---

* מיר קענען עס לײַדער ניט רעקאָמענדירן פֿאַר דער כּלל־שפּראַך. — רעד׳.

3. עס קומט אים געהאַלט פאַר צוויי חדשים (צייט).
11. איך בין שולדיק דירה־געלט פאַר 3 יאָר.

7. פאַר מײַן צייט איז דאָ אין שטעטל נישט געווען קיין איין שׂרפה.
12. פאַר דער צייט וואָס איך בין דאָ ניט געווען, זיינען געשען אַ סך זאַכן.

15. פאַרן גאַנצן יום־טוב בין איך קיין איין מאָל ניט געווען צו גאַסט.
16. פאַרן גאַנצן פורים האָב איך קוים געמאַכט איין לחיים.

דאָס זיינען ניט קיין באַזונדערע דוגמאות. מאַלע וואָס מע קאָן אָנ־שרייבן אַ סך זאַצן מיט דער פּרעפּאָזיציע פאַר. באַזונדערע קאָנסטרוקציעס מיט פאַר זײַנען דאָ בלויז עטלעכע, פון זיי זיינען העלפט, ווי דער רעדאַק־טאָר יודל מאַרק מערקט אָן, ניט קאָרעקט, לויט זײַן שפּראַך־חוש, הגם ער גיט ניט אָן קיין טעם. גראָד קומען זיך אונדזערע מיינונגען צונויף כּמעט אין יעדן פאַל פון די קאָרעקטע און אומקאָרעקטע גענוצן פון דער פּרע־פּאָזיציע פאַר. פ׳ קאַזדאַן האָט זיך ניט פאַררופן אויף מענדעלען, פּרצן אָדער שלום־עליכמען. ער האָט גענומען פון זײַן אייגענעם אינווענטאַר, און מיר דוכט זיך אַז עטלעכע ביישפּילן קומען פון דער אַמעריקאַנישער סביבה צו־ליב זיין מגע־ומשׂא מיט טוערס וואָס זיינען ניט שטאַרק אָפּגעהיט מיט דער שפּראַך. די שפּראַך־אַסימילאַציע שאַנעוועט קיינעם ניט און אינפילטרירט אומעטום, אָפּט מאָל אויף אַן אומדירעקטן אופן.

ס׳איז אָבער דאָס ערגסטע וואָס די ביישפּילן וואָס פ׳ קאַזדאַן ברענגט האָבן גאָר אַ קנאַפּע שייכות צום אויסדרוק וואָס איך האָב בראַ־קירט. אין די דוגמאות געפינען מיר די פּרעפּאָזיציע פאַר און אַ צייט־סובסטאַנטיוו אָדער פּראַזע, אָבער די באַגריפן זיינען דאָ צונויפגעמישט.

אַ פּרעפּאָזיציע איז אַ פאַרבינדוואָרט וואָס ווייזט די שייכות פון איין טייל זאַץ צו אַ צווייטן. פאַר איז אַ שטאַרק באַנוצטע פּרעפּאָזיציע, וואָס אָן דעם וואָלט מען ניט געקאָנט דערגייץ דעם זינען פון אַ זאַץ. ווען עס רעדט זיך אָבער וועגן דעם פּשוטן לויף פון צייט און ניט מער (למשל: ער איז דאָרטן אָפּגעווען 5 טעג, ער האָט געוווינט אין ניו־יאָרק 8 יאָר), איז אין יידיש גאָרניט נייטיק די פּרעפּאָזיציע פאַר. ווען מיר ווילן באַטאָנען דעם משך, זאָגן מיר: 5 גאַנצענע טעג, 8 יאָר צייט, אָבער אַלץ אָן פאַר.

אין פ׳ קאַזדאַנס אַלע דוגמאות איז ניטאָ קיין איין פאַל אַזעלכער. אָדער דער באַגריף צייט פעלט גאָר אין גאַנצן, למשל אין זאַץ 14: „פאַר פראַנק־יאַזעפן האָבן יידן געלעבט זייער גוט“ (פונקט ווי מע זאָגט: „פאַר איר ערשטן מאַן האָט זי געהאַט אַ גוט לעבן“), אָדער די צאָל ווערט אונטער־געפירט פון אַן אַדיעקטיוו אָדער אַרטיקל. עס איז ניט סתּם ווי „פאַר 50 יאָר“, נאָר „פאַר די 30 יאָר וואָס . . .“, „פאַר דער צייט וואָס . . .“, „פאַרן גאַנצן יום־טוב . . .“ אאַז״וו. מיט איין וואָרט מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ קוואַליפיקאַציע אָדער רעסטריקציע וואָס פאָדערט שוין אַ פאַרבינדוואָרט לכתחילה. אָדער — און דאָס איז שוין אַ באַזונדערער ענין וואָס פ׳ קאַזדאַן מעג זיך אַריינטראַכטן אין דעם — ער מישט דאָ אַרײַן אין די מוסטערן זיינע אַ גאָר אַנדערן פאַר, וואָס איך וואָלט אָנגערופן דעם קאָמפּענסירנדיקן

פּאַר, וואָס האָט לחלוטין גאָרניט צו טאָן מיטן אָפּלויף פון צייט און וואָס גייט גאָר גיכער מיטן ווערב ווי מיטן נאָכקומענדיקן צייטאויסדרוק.

## דער קאָמפּענסירנדיקער פּאַר

לאָמיר אַנאַליזירן עטלעכע טעקסטן פון פּ׳ קאַזדאַנס ביישפּילן:

2. פּאַר די 30 יאָר האָט ער אָפּגעשפּאָרט 10 טויזנט דאָלאַר.

וואָס מיינט עס? עס מיינט: פאַר דער ארבעט פון 30 יאָר. דאָס איז אַ קאָמפּענסירנדיקער פּאַר וואָס באַלאַנסירט די ארבעט פון איין זייט מיט דעם אָפּשפּאָר פון דער אַנדערער. אָבער צי וואָלט פּ׳ קאַזדאַן געזאָגט: „פּאַר דריי־סיק יאָר האָט ער אָפּגעשפּאָרט״? זיכער ניט, ווייל דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט א סתם אָפּלויף פון צייט.

9. פאר זיינע 70 יאר האלט ער זיך זייער גוט.

דאָס מיינט אייגנטלעך: פּאַר די איבערלעבענישן און דורכמאַכונגען במשך פון 70 יאָר. עס איז ווידער א קאָמפּענסירנדיקער פּאַר וואָס גלייכט אויס די צוויי טיילן פון זאַץ. פונקט אַזוי גוט וואָלט ער געקאָנט ברענגען דעם זאַץ: „פּאַר מיין געלט בין איך דער זעלבער פריץ ווי ער״.

איצט לאָמיר גיין נאָך ווייטער און באַטראַכטן יעטווידע אילוסטראַציע באַזונדער.

## די זיבעצן זאַצן

1. פאר די לעצטע 10 יאר איז ניט ארויס קיין איין יידיש בוך אין מאסקווע.

חוץ וואָס דאָס איז ניט אין דער ליניע פון „פּאַר 50 יאָר״ (איבער די צוגאָבוווערטער „די לעצטע״) וואָלט איך געזאָגט אַז דאָס איז אַן אַמערי־קאַניזם און אַז בעסער וואָלט געווען: שוין 10 יאָר ווי ס׳איז ניט אַרויס . . . אין משך פון די לעצטע 10 יאָר, אין די לעצטע 10 יאָר.

2. פאר די 30 יאָר האט ער אפגעשפארט 10 טויזנט דאָלאַר.

קאָן זיין קאָרעקט מחמת דעם קאָמפּענסירנדיקן פּאַר. אָבער אויב מיר האָבן אין זינען טאָקע די יאָרן, וואָלט איך געזאָגט: דורך די 30 יאָר . . . „אין משך פון די 30 יאָר . . .

3. עס קומט אים געהאלט פאר 2 חדשים (צייט).

שוין דערקלערט פּאַר וואָס ס׳איז גוט.

4. פאר דער וואָך איז דעם קראנקן געוואָרן א סך ערגער.

איך וואָלט געזאָגט: דורך דער וואָך.

5. פאר אזוי פיל יאָרן האָסטו זיך אלץ ניט אויסגעלערנט קיין ענגליש?

מיר דוכט זיך אַז נאָך אַזוי פּיל יאָרן... איז בעסער.

6. פאר די 50 יאָר וואָס דער ארבעטער־רינג עקסיסטירט, איז ער . . .

ס׳וואָלט בעסער געווען: אין די 50 יאָר... אָדער אין משך פון די 50 יאָר...

7. פֿאַר מײַן צײַט איז דאָ אין שטעטל נישט געווען קיין שרפֿה.
הגם פֿאַר מײַן צײַט איז אַן אידיאָם גיכער ווי אַ גראַמאַטישע קאָנסטרוקציע, וואָלט איך געווען נוטה צו זאָגן: אין מײַן צײַט, פּשוט ווײַל דער אויס־דרוק פֿאַר מײַן צײַט ברענגט אַרײַן אין ספק. ווען מע זאָגט דאָס איז געווען פֿאַר מײַן צײַט הייסט עס: איידער איך בין דאָרטן געווען, בעת אין געבראַכטן זאַץ מיינט עס גאָר דורך דער צײַט וואָס איך בין דאָרטן געווען.*

8. וועדליק פֿאַר זײַנע יאָרן, איז ער גאַנץ גוט אנטוויקלט.
וועדליק פֿאַר איז אַ קאָמבינירטע פּרעפּאָזיציע וואָס קומט מיט אַ סך סוב־סטאַנטיוון, למשל: וועדליק פֿאַר זײַן שׂכל, וועדליק פֿאַר זײַן שטאַנד. איז גאַנץ נאַטירלעך אַז עס זאָל אריבערגיין על־פּי אַנאַלאָגיע אויף יאָרן אויך, וואָס דאָ איז עס אַ טפֿל. דער פֿאַר איז דאָ אַ שותּף צום וועדליק און ניט קיין מחותּן מיט די יאָרן.

9. פֿאַר זײַנע 70 יאָר האַלט ער זיך זייער גוט.
שוין דערקלערט פֿריער.

10. פֿאַר אַזוי פֿיל יאָרן האָסטו ניט געפֿונען קיין איין גוטן חבר.
איך האַלט ווי פּ׳ י. מאַרק אַז דאָס איז ניט יידישלעך. איך וואָלט געזאָגט: נאָך אַזוי פֿיל יאָרן.

11. איך בין שולדיק דירה־געלט פֿאַר 3 יאָר.
שוין דערקלערט ווי אַ קאָמפּענסירנדיקער פֿאַר.

12. פֿאַר דער צײַט וואָס איך בין דאָ ניט געווען, זײַנען געשען אַ סך זאַכן.
שוין דערקלערט ווי אַ רעסטריקטיווע קאָנסטרוקציע, אָבער איך מײן אַז דורך דער צײַט איז בעסער.

13. טאָג פֿאַר טאָג קום איך געוויר חערן דעם טאַטן.
גענומען פֿון דײַטש, און אָוודאי איז דאָס געוואָרן אויך אַ יידישער אידיאָם, אָבער טאָג אין טאָג ** קלינגט מיר יידישלעכער, פּונקט ווי וואָרט אין וואָרט.

14. פֿאַר פֿראַנץ־יאָזעפֿן האָבן יידן געלעבט זייער גוט.
שוין דערקלערט אַז דער זאַץ האָט גאָרניט צו טאָן מיטן ענין צײַט.

15. פֿאַרן גאַנצן יום־טובֿ בין איך קיין מאָל ניט געווען צו גאַסט.
16. פֿאַרן גאַנצן פּורים האָב איך קוים געמאַכט איין לחיים.
איך האַלט גראָד ניט מיטן רעדאַקטאָר אַז די זאַצן זײַנען ניט קאָרעקט. איך וואָלט מתּיר געווען דעם פֿאַר אין דעם פֿאַל. דער פֿאַר איז דאָ קאָמ־פּענסאַטיוו. דורך וואָלט אפֿשר בעסער געווען.

---

* אין גערעדטן לשון איז ניטאָ קיין צווײדײַטיקייט: אויב מע וויל זאָגן איידער, ווערט אקצענטירט די פּרעפּאָזיציע פֿאַר; אויב מע וויל זאָגן במשך, ווערט אקצענטירט דאָס ווײַ־טערדיקע וואָרט. — רעד׳.

** מיר קענען ניט אײַנזען אַז דאָס זאָל זײַן אַ יידישער אויסדרוק. — רעד׳.

17. פֿאַרן רבינס לעבן האָט זיך קיינער ניט דערוועגט אַזוינס צו טאָן.

דאָ איז דער רעדאַקטאָר דער מקיל, אָבער איך האַלט אַז דאָס איז ניט גוט. די דאָזיקע קאָנסטרוקציע גייט קעגן אונדזער הנחה פֿון אומצוויידײַטיקייט. עס וואָלט געקאָנט מיינען: קיינער האָט זיך ניט דערוועגט צו טאָן אַזוינס כּדי צו ראַטעווען דעם רבין. בלי ספק איז דער יידישער אידיאָם אין אַזאַ פֿאַל: כּל־זמן דער רבי האָט געלעבט, און אַזוי וועלן מיר עס געפֿינען בײַ אונדזערע קלאַסיקערס.

אין לעצטן סך־הכּל האָט גאָרניט געשאַט מײַן קריטיק. אַדרבא, עס גיט אונדז אַ געלעגנהייט זיך צו פֿאַרטיפֿן אין אַ סוגיא וואָס איז ווינציק וואָס באַקאַנט. אָבער איך האָב מורא אַז פּ׳ קאַזדאַנס ראַיות האָבן גאָרניט אויפֿגעוויזן. איך האָף אַז ער וועט ניט האָבן קיין פֿאַראיבל וואָס איך בלייב בײַ מײַן מיינונג אַז „פֿאַר 50 יאָר״ איז פֿרעמד, און אַנשטאָט „גרײַזיק״ — לאָמיר זאָגן: טויג ניט.

פֿון רעד׳: מיר בעטן ווײַטער די פֿרײַנד לייענערס זיך אַרויסצוזאָגן וועגן דער פּרעפּאָזיציע פֿאַר אין אויסדרוקן וואָס האָבן צו טאָן מיט צײַט. אין איינעם פֿון די קומעדיקע נומערן וועט זײַן אַ גרעסערע אַרבעט וועגן דער פּרעפּאָזיציע פֿאַר בכלל.

# נאָך מאַטעריאַלן פֿאַרן ייִדישן ווערטערבוך

## פֿון אַברהם רייזען ע״ה

אין יידישע שפּראַך, ב׳ V, נומ׳ 1 (יאַנואַר־פֿעברואַר 1945), זז׳ 1—8, האָט אברהם רייזען ע״ה געהאַט פֿאַרעפֿנטלעכט „אַ ביסל מאַטעריאַלן פֿאַרן יידישן ווערטערבוך״. ווען מען האָט אין האַרבסט 1952 אָנגעהויבן ריידן וועגן גרייטן אַ גרויסן אַקאַדעמישן ווערטערבוך פֿון יידיש, איז אברהם רייזען געווען באַגײַסטערט פֿון דער אידיי און האָט צוגעזאָגט צו געבן נאָך אַ פּעקל מאַטעריאַלן, ווערטער פֿון זײַן קאַידאַנאָווער און אויך פֿון אַנדערע געגנטן וואָס האָבן ניט געהאַט די געלעגנהייט אַרײַנצודרינגען אין דער ליטעראַטור־שפּראַך. אָבער ער איז קראַנק געוואָרן און האָט ניט געהאַט קיין כּוחות מקיים צו זײַן דעם צוזאָג. דער רעדאַקטאָר פֿון יידישע שפּראַך האָט באַוויזן אַרויסצוקריגן פֿון דעם קראַנקן שרײַבער בלויז עטלעכע בלעטלעך. מיר האָבן געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט זיי אָפּצודרוקן, אפשר אין אַ רייזען־בוך אָדער אין אַן אַנדער ספּעציעלער רייזען־אויסגאַבע. אַזוי ווי דאָס וואַרטן איז געווען אומזיסט, דרוקן מיר איצט אָפּ די דאָזיקע בלעטלעך אין גאַנצן אין נוסח פֿון פֿאַרשטאָרבענעם שרײַבער, אָן שום שינוי.

ברײַע — דאָס פּסולת פֿון דעם געטריבענעם בראַנפֿן אין די ברויהײַזער. אַזאַ געדיכטערע פֿליסיקייט איז געווען זייער נאַרהאַפטיק פֿאַר די קי אין די היימישע שטעטלעך. מיט אָט דער ברײַע האָבן די היימישע באַלעבאָסטעס געגלייבט, ווען מע שפּײַזט די קי, גיבן זיי, די קי, דאָפּלט מילך.

כאַלופּקע — אַ קליין נידעריק שטיבעלע, די פֿענצטערלעך כּמעט מיט איינציקע צי מיט צוויי שײַבעלעך בײַ דער ערד. אין אַזאַ מין שטיבעלע, וואָס פֿלעגט זיך געפֿינען דאָס רוב בײַ די עקן פֿון די שטעטלשע גאַסן, האָבן געוווינט די יידישע ליימפּירער, וואַסער־טרעגער און דאָס גלײַכן אָרעמע

האַרעפּאַשניקעס, וואָס חדר־ייִנגלעך האָבן זיי געהאַלטן פֿאַר למד־וואָווניקעס... (דער שרייבער פֿון די צײַלן אויך בתוכם).

קאַך — אין דעם זין פֿון דעם אַמעריקאַנישן וואָרט ׳בום׳, אַ ׳בום׳ אויף הײַזער, אויף ׳ריעל־עסטייט׳. ווען אַ סחורה פֿלעגט שטאַרק — צוליב דער נייטיקייט פֿון איר אין אַ געוויסער צײַט, צוליב אַ געוויסער אורזאַך — טײַער ווערן אין פּרײַז, צי באַקומען אַ סך בעלנים.

ברינדזשעס — צויטן. אויסגעדריפּלט, אויסגעדריבלט. עס שלעפּן זיך נאָך די פֿעדעם פֿון אונטערשטן טייל פֿון אַ בגד, פֿון די קאַלאָשעס בײַ די שיך, פֿון די הויזן.

ראַזרוך — אַ טומל, אַן איבערשרעק, אַ פּאַרווירונג, אַ געלאַף — צו קויפֿן אַ געוויסע סחורה וואָס „גייט שוין אויס" אין די קראָמען אד״גל אופֿנים.

צושטעלער (מיטן טראָפּ אויף צו) — אַ פּאָדריאַטשיק, אין אַ קלענערן מאַסשטאַב.

פּען — אַ פֿעדער. ער איז אַ מענטש מיט אַ פּען, מיט אַ שיינער פּען — האָט געהייסן: ער קען שיין שרײַבן, מיט שיינע געדאַנקען, ניט נאָר אין האַנטשריפֿט אַליין. ער האָט „אַ שיינע פֿעדער" האָט מען ניט געזאָגט. עלטערע מענטשן פֿלעגן אַנשטאָט אַ פּען זאָגן אַ פּענע.

דער גנבֿ פֿון אַ פּענע — צי פֿון אַ פֿעדער. אַזוי פֿלעגן די חדר־ייִנגלעך רופֿן די אינעווייניקסטע, שיער ניט רוחניותדיקע ארומיקע הײַטעלע אין אַ גענדזענער צי אין אַ הינערשער פֿעדער. אַנדערע ייִנגלעך, מיסטיש געשטימטע, פֿלעגן עס רופֿן: די נשמה פֿון דער פֿעדער און פֿלעגן דערבײַ זיך פֿאַר־טראַכטן.

# ווערטער און ווערטלעך פֿון דער חורבן־תּקופֿה*

## פֿון נ. בלומענטאַל

אַכטע קאָמפּאַניע — דער אָרעמער טייל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, אַרבעטערס און קליינע בעלי־מלאָכות. די באַצייכענונג זאָל שטאַמען פֿון דעם וואָס פֿאַר דער מלחמה פֿלעגט אַט דער עולם קויפֿן בײַם שטײַעראַמט פּאַטענטן צו מעגן אַרבעטן אין דער אַכטער קאַטעגאָריע (איינע פֿון די נידעריקסטע). „די בירגערלעכע ייִדן, למען האמת ניט אַלע, האָבן זיך נאָיוו אײַנגערעדט, אַז ווען אַפֿילו אין ערגסטן פֿאַל — איז נישט זיי מיינט מען עס, נאָר די אַכטע קאָמפּאַניע" (אַ. ווייסבראָט, עס שטאַרבט אַ שטעטל, ז׳ 77).

אַכציקער — אַ צווייי וואָכן נאָכן אײַננעמען דובנע, יולי 1941, האָט מען אַרויסגעשלעפּט פֿון די שטיבער 80 ייִדן, זיי אַרויסגעפֿירט אויפֿן בית־עולם און אויסגעשאָסן בײַם ראַנד פֿון אויסגעגראָבענע קבֿרים. אויף יעדערן פֿון זיי האָט מען געזאָגט — „ער איז געגאַנגען מיט די אַכציקער". „ביזן הײַנטיקן טאָג אַ מענטשן פֿון דובנע ווען מע פֿרעגט וועגן איינעם פֿון זיי, ענטפֿערט ער אַזוי" (פֿרידה, „זכרונות וועגן חורבן דובנע", כ״י, יד ושם).

* דעם אָנהייב פֿון דער רשימה מיט די קיצורים וואָס ווערן גענוצט זען ייִדישע שפּראַך, ב׳ XVI, נומ׳ 1, זז׳ 22—28; דעם המשך אין נומ׳ 2, זז׳ 55—57.

אָכצן — וואָרן־צייכן אַז אַ דײַטש גייט — אין ריגער ג׳ (קאַפּלאַן, ז׳ 11).

דער אַלטער — אַזוי האָט מען אין ל״ג גערופֿן רומקאָווסקין (טאָביאַש, „זכרונות“, כ״י, ייהאָ).

אַלטער בחור — היטלער. זייער פֿאַרשפּרייט איבער גאַנץ פּוילן.

אַלע וועלטן — ס׳איז אויפֿגעקומען אַ נײַ שפּריכוואָרט: „אַלע וועלטן האָט היטלער אומגע־בראַכט, נאָר די אונטערוועלט ניט“. אַן אַנדער וואַריאַנט: „. . . נאָר רויזוועלטן ניט“ (פֿרוי זילבערבערג, לובלין).

אַלעיאַ שמֻענדריקֻוו — שענגע־גאַס אין וו״ג, וווּ עס האָבן געוווינט אַ סך משומדים און אַסימילירטע יידן (רינגל׳, 2טן דעצ׳ 1940).

אַלפּל (אַ׳לעפּל) — טויזנט זלאָטעס כּאַבאַר פֿאַרן באַפֿרײַען פֿון גיין אין אַן אַרבעט־לאַגער (ר״א, 388, אַפּריל 1941).

אַמכו, (פּאַן) אַמכאָווסקי — עמך. מיט דעם וואָרט האָבן יידן אויף דער אַרישער זײַט זיך געגעבן צו דערקענען, רעדנדיק פּויליש.

אַמעריקאַנער — די יידן, אינטערנירטע אין פּאַוויאַק, וואָס האָבן געהאַט פּאַפּירן אַז זיי זײַנען אויסלענדישע בירגערס און געוואַרט מע זאָל זיי אָפּשיקן אין די ספּעציעלע אינטערנירן־לאַגערן: וויטעל אָדער האַנאָווער (בערגן־בעלזן). די אָפּטיילונג פֿון דער תּפֿיסה וווּ אָט די יידן האָבן זיך געפֿונען האָט מען גערופֿן אַמעריקע. צו אָט די אינטערנירטע האָט מען זיך באַצויגן בעסער. דאָס זעלביקע וואָרט האָבן אויך געניצט די פּוילישע אַרעסטירטע און די אָנגעשטעלטע פֿון תּפֿיסה („די צען פֿון פּאַוויאַק“, כ״י, ייהאָ).

אַנגליק — ענגלענדער, אַ באַצייכענונג פֿאַר אַ יידן אויף דער אַרישער זײַט, ס׳רובֿ פֿון יידן „אַריער“, רעדנדיק פּויליש.

אַנדזשיבוס — אַ זידלוואָרט פֿאַר די אויפֿשטענדלערס אין וו״ג, ווי אויסוווירף (ק. צעטניק 135633, סלמנדרה, תּל־אָבֿיבֿ, תּש״ז, ז׳ 285). דער מחבר גופֿא טײַטשט אויס: „שם גנאי למתקוממים בגיטו ווארשה, מעין בריונים“.

אַנוויַזֻערקע — אַ געהילפֿין בײַ אַן אויפֿזעערין אין אַ לאַגער — אָשפּיצין, מײַדאַנעק א״א.

אַנטוואַנצן — „איך בין געווען צוגעטיילט צו אַרבעט אין דער דעזינפֿעקציע־אָפּטיילונג פֿון ל׳ און האָב אַנטוואַנצט באַראַקן, דעזינפֿיצירט מלבושים, וועש און קאָלדרעס“ (מאַריאַ רוזשאַ קאַמסלער, „די יידישע פּאָליציי אין פּלאַשעווער ל׳“, בלעטער פֿון פּײַן און אומקום, ז׳ 62).

אַנפּאַלער — אַ מיטגליד פֿון דער איבערפֿאַל־קאָמאַנדע (זען) — ל״ג (ש. פֿראַנק, טאָגבוך, כ״י, 20סטן יאַנואַר 1941).

אַסקאַר — די וואָך אין יאַנעווער ל׳ (לעבן לעמבערג), וואָס זי איז באַשטאַנען פֿון געוועזענע סאָוועטישע זעלנערס וואָס זײַנען אַריבער צום דײַטש. דער נאָמען שטאַמט פֿון די דײַטשן; מען האָט אַזוי גערופֿן די קאָלאָניאַלע אַרמײ אין די דײַטשע קאָלאָניעס אין אַפֿריקע. בײַ די לעבן געבליבענע לאַגערניקעס און אין דער שײַכדיקער ליטע־ראַטור איז דאָס וואָרט זייער שכיח.

אסתּר המלכּה — אַזוי האָט מען גערופֿן אַ יידיש מיידל אין ווילנער געטאָ וואָס האָט געהאַט בײַ די דײַטשן ספּעציעלע פּריווילעגיעס: געגאַנגען אָן דער געלער לאַטע, געמעגט גיין אויפֿן טראָטואַר אד״גל („ווילנער געטאָווערטלעך“, ייִוואָ־בלעטער, ב׳ XXX, נומ׳ 1); אויך אין אַנדערע געטאָס: ראַדעם, זשעלעכאָוו.

אַעראָדראָמשטשיק — אַ ייִד וואָס האָט געאַרבעט אויפֿן אַעראָדראָם לעבן קאָוונע. געווען דאָס ערגסטע אַרבעטאָרט. „אַ פֿינצטערער א׳, ד״ה אין אַ פֿינצטערן מזל געבוירן, ווערט בײַ דער נאַכט פֿאַרפֿינצטערט, האָרעוועט ניט זעלטן דורך דער פֿינצטערער נאַכט“ (פּל״ח, 2). וועגן א׳ האָט מען אין קאָוונער ג׳ געזונגען אַ ספּעציעל ליד, וואָס די לעצטע צוויי סטראָפֿעס זײַנע ברענגען מיר דאָ: „כ׳וואָלט אײַנגעפֿאַלן לאַנג שוין ווי אַן אויסגע־דאַרטער בוים, / ווען ניט אַ ברעקל האָפֿענונג, ווען ניט אַ העלער טרוים. / אַך טירחהט, טירחהט, האָרעוועט, פֿאַרלירט נאָר ניט קיין מוט, / ס׳וועט פֿאַר אַעראָדראָמ־שטשיקעס נאָך ווען ניט איז זײַן גוט“.

אַפּאַסקע — אַרעמבאַנד מיטן מגן־דוד וואָס ייִדן זיינען פון 1טן דעצ׳ 1939 געווען גע־צוווּנגען צו טראָגן לויט דער פאַראָרדענונג פון גענעראַל־גובערנאַטאָר. דאָס אַרויסגיין אין גאַס אָן אַ א׳ האָט אין דער שפּעטערדיקער תקופה געדראָט מיט טויטשטראָף. האָט מען מחמת דעם בײַ זיך אין וווינונג אויף דער דרויסנדיקער טיר אויפגעהאַנגען אַן אויפשריפט מיט גרויסע אותיות: „געדענק אָנטון די אַפּאַסקע״. געווען אַן אויסדרוק: דער הימל זאָל אין דיר אַזוי געדענקען ווי דו געדענקסט אָנצוטאָן די א׳ (ר״א. 1, רעפּאָרטאַזש „אויף די גאַסן״, 1941).

# מע שרייַבט אונדז

128. יוסף פֿוקסמאַן, פֿון ברוקלין:

כ׳ברענג דאָ עטלעכע הערות און הוספות צו יצחק ריבקינדס „פֿון מײַן ווערטערביכל״, ייִדישע שפּראַך, ב׳ XV, נומ׳ 2:

(א) צו מצווה־ליכט. בײַ אונדז אין שטעטעלע מוש פֿלעגט מען זאָגן אַז רבנים לעבן פֿון גזלה — פֿון גאַזע, זאַלץ, ליכט, הייזון; בײַ אונדז אין מוש האָט זיך אַגבֿ געפֿירט אַז דאָס אָנשמעלצן די ליכט אין לײַכטער, אָדער אויפֿן ציגל, אָדער אויפֿן קאַכל איז געווען בחזקה דעם מאַנס אַרבעט;

(ב) צו סיני־פֿלאָדן. בײַ אונדז איז געווען אַ ספּעציעלער סאָרט פֿלאָדן, וואָס צווישן די טייגבלעטלעך פֿון אויבן און אונטן איז געווען די פּילונג פֿון קליינע טייגעלעך, געקאָכט אין האָניק. אַזאַ מין פֿלאָדן האָט מען גערופֿן סלוצקער פֿלאָדן;

(ג) צו פּליטה־מאַכער. וועגן מאַכן פּליטה פֿלעגט מען חוץ די פֿאַר־שפּרייטע אויסדרוקן: ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, ער האָט אָנגעפּײַפּט א״א, אין באַראַנאָוויטש זאָגן: ער איז שוין אויף דער ווײַבס נאָמען, ער האָט שוין איבערגעשריבן די וויוועסקע;

(ד) חוץ די פֿאַרשפּרייטע מערן־צימעס, ברוטשקע־צימעס, עפּל־צימעס א״אַ, איז אין מוש געווען אַ פֿליישצימעס, אַ האָניק־צימעס, אַ פֿאַרפֿל־צימעס, אַ רונדל־צימעס. מערנזופּ האָט מען בײַ אונדז גערופֿן צימעסזופּ;

(ה) צו שבת־פּרוי. אין מוש פֿלעגט מען די שבת־גויע אויך רופֿן די חלה־גויע און מיטן מאָדנעם נאָמען די קיידערקע, הגם זי האָט צו קדר, וואָס מיט דעם נאָמען האָט מען באַצייכנט אַ טאָטער אָדער אַ ציגײַנער, קיין שום שײַכות ניט געהאַט. געוויינטלעך איז זי גאָר געווען אַ פּראַוואָסלאַוונע גויע, אַ קאַטאָליטשקע אָדער אַ סטאַראָווערקע.

129. יצחק ־בערג, פֿון ברוקלין:

עס ווערט ממש לעכערלעך, ווי אַזוי געוויסע שרײַבערס אונדזערע ווערן צעגעסן פֿון אַנגליציזמען אַז זיי מערקן גאָרניט אין וואָסערע אַבסורדן זיי פֿאַלן אַרײַן. אָט שרײַבט אַזוי איינער וואָס וויל מסביר זײַן דעם עולם וועגן חילוק צווישן די צדוקים און פּרושים בײַם האַרבן ענין דאָס לעבן נאָכן טויט: די צדוקים זאָגן אַז „ווען אַ מענטש שטאַרבט, שטאַרבט ער ׳פֿאַר גוט׳ ״. און ווער וואָלט עס געזאָגט אויף ענגליש he died for good? עס איז פּשוט קאָמיש! לייענט ניט דורך דער שרײַבער זײַן אַרטיקל איידער ער גיט אים צו זעצן? און דערנאָך לייענט עס קיינער ניט אין דער רעדאַקציע?

# שאלות און תשובֿות

333. װעלכע פֿאָרעם רעקאָמענדירט איר: פֿאָלקװערק אָדער פֿאָלקסװערק; פֿאָלקבוך אָדער פֿאָלקסבוך?

מיר רעקאָמענדירן פֿאָלקסװערק און פֿאָלקסבוך. גענױער װעגן דעם זען ייִדישע שפּראַך, באַנד I, נומ׳ 2.

334. די טעג האָב איך אין פּאַרװערטס געפֿונען די מערצאָלן פֿון יאָ און ניין — „יאָס" און „ניינס". מיינט איר אַז מע קען אַזױ זאָגן?

ניין, מערצאָל פֿון יאָ איז יאען; מערצאָל פֿון ניין — ניינען. זען ייִדישע שפּראַך, באַנד XIV, נומ׳ 2, װוּ עס רעדט זיך װעגן מערצאָל־ענדונג ־ן (־ען).

(די פֿראַגעס 333—334 האָט צוגעשיקט לייב זאַמעט, שיקאַגאָ)

335. אין ייִדישע שפּראַך, באַנד XV, נומ׳ 4, ז׳ 122, שרײַבט ש. מיללער: „און נאָך עפּעס: אין ייִדיש דאַרף זײַן . . ." בײַ אונדז זאָגט מען אויף ייִדיש, אויף ענגליש, אויף טערקיש אאַז״װ; אַלע מאָל אויף װען צוזאַמען מיט אַ שפּראַך. מיר דאַכט זיך אַז ש. מיללערס אין ייִדיש איז באַװירקט פֿון ענגליש. װאָס איז אײַער מיינונג?

אַװדאי זאָגט מען אַזױ װי איר האָט אָנגעװיזן, אָבער מע קען אויך זיך אויסדריקן אויף דעם אופֿן װי ש. מיללער האָט עס געטאָן און רויק זאָגן: אין ייִדיש דאַרף זײַן. מיר זעען נישט אין דעם קיין השפּעה פֿון ענגליש, װײַל אויך אין מזרח־אייראָפּע האָט מען דאָ געניצט די פּרעפּאָזיציע אין.

(די פֿראַגע 335 האָט צוגעשיקט י. ביילין, טאָראָנטאָ)

336. אין אַ ייִדיש װאָכנבלאַט האָב איך באַגעגנט אַזאַ זאַץ: „פּרעזידענט־װאַלן אין אַמעריקע זײַנען אַן ענין װאָס קאָנען באַשטימען דעם גורל פֿון דער װעלט". מיר דאַכט זיך אַז די מערצאָל־פֿאָרעם „קאָנען" איז פֿאַלש, װײַל דער בײַזאַץ װאָס הייבט זיך אָן מיט װאָס באַציט זיך צום זאַכװאָרט ענין. װאָס איז אײַער מיינונג?

איר זײַט גערעכט. מע מוז שרײַבן: „פּרעזידענט־װאַלן אין אַמעריקע זײַנען אַן ענין װאָס קאָן באַשטימען דעם גורל פֿון דער װעלט". דער שרײַבער האָט געהאַט אַ טעות, װײַל ער האָט געטראַכט װעגן דעם װאָרט פּרעזידענט־װאַלן.

337. אין יהואָשעס איבערזעצונג פֿון תּנך, אין דעם באַרימטן „ברכי נפֿשי" פֿון תּהילים, פֿאַרטײַטשט יהואָש לשפֿנים פֿאַר די קיניגלס (תּהילים, קד, 18). מיינט איר אַז עס איז ריכטיק די מערצאָל „קיניגלס"?

ניין, די מערצאָל פֿון דעם װאָרט דאָס קיניגל דאַרף זײַן די קיניגלעך. עס װאָלט געקאָנט קומען אין באַטראַכט קיניגלען, אָבער בשום אופֿן ניט „קיניגלס".

(די פֿראַגעס 336־337 האָט צוגעשיקט יצחק ־בערג, ברוקלין)

338. פֿון גראַדנע געדענק איך אַן אויסדרוק ביימישער מענטש. מען האָט עס געניצט סתּם װי אַ גראַם צו היימישער מענטש. פֿון װאַנעט קען קומען אַזאַ אויסדרוק?

עס איז ניט סתּם אַ גראַם צו היימישער מענטש, נאָר עס קומט פֿון דעם װאָס אין גראַדנע האָט מען אַנשטאָט בהמה (בעהיימע) געזאָגט „ביימע", דעריבער איז פֿון בהמהשער מענטש געװאָרן „ביימישער מענטש". האָט מען זיך אויך געקענט װיצלען און װען איינער האָט אַ זאָג געטאָן: ער איז אַ היימישער (אַרויסגערעדט: איימישער) מענטש, האָט אַ צװייטער געקענט צוגעבן: יאָ, אַ ביימישער מענטש.

(די פֿראַגע 338 האָט צוגעשיקט חיים שעסקין)

---

רעדאַקטאָר: יודל מאַרק.

# YIDISHE SHPRAKH

## (THE YIDDISH LANGUAGE)



A JOURNAL
Devoted to the
PROBLEMS OF
STANDARD YIDDISH

**TABLE OF CONTENTS:**




YIVO INSTITUTE FOR
JEWISH RESEARCH

1048 Fifth Avenue
New York 28, N. Y.

**July-Sept., 1956, Vol. XVI, 3**

PRINTED IN U.S.A.

Annual Subscription—$2.00

# ייִדישע שפּראַך

זשורנאַל פֿאַר די
פּראָבלעמען פֿון דער
ייִדישער כּלל־שפּראַך



אינהאַלט:




ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער
אינסטיטוט — ייִוואָ

1048 פֿינפֿטע עוועניו
ניו־יאָרק 28, נ"י



אָקט׳—דעצ׳ 1956, ב׳ XVI, נומ׳ 4



344 אַבאָנעמענט־פּרייז — 2 דאָלאַר אַ יאָר

# נאָך אַ מאָל וועגן די תּקנות פֿון ייִדישן אויסלייג

פֿון י. שטיינבוים

פֿון די באַריכטן פֿון קאָמיטעט פֿאַרן „גרויסן ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך" מעג מען דרינגען אַז אין דער גאָר נאָענטער צוקונפֿט וועט אַרויס דער ערשטער באַנד. אויף דעם ווערטערבוך וועט אונדזער ייִדישע וועלט מוזן קוקן, אין פּרטים פֿון סעמאַנטיק, עטימאָלאָגיע, מאָרפֿאָלאָגיע און אויסלייג, ווי אויפֿן פּסק אַחרון, ווײַל מע מעג אָננעמען אַז דאָס וועט ניט זײַן סתּם נאָך אַ ווערטערבוך, נאָר אַן אַחריותדיקע און וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעט.

איינע פֿון די קאַרדינאַלסטע פֿראַגעס אין שײַכות מיטן ווערטערבוך איז די פֿראַגע פֿון אויסלייג און פֿון דער שרײַבסיסטעם בכלל, דער גראַפֿיק, וואָס די רעדאַקציע וועט דאַרפֿן אָוועקשטעלן ווי אַ באַשטענדיקייט. מיר ווייסן אַלע פֿון אַ גאַנצער ריי ספֿקות בנוגע אויסלייג און אַ גאַנצער ריי אויסלייג־פּראָבלעמען, וואָס קיין שום אָרטאָגראַפֿישע קאָמיסיע האָט דערווײַל נאָך ניט באַוויזן צו פֿאַרענטפֿערן. מיר ווייסן אויך אַז אַפֿילו די אויסלייג־תּקנות פֿון ייִוואָ האָט מען נישט אָנגענומען ווי אַ חוק ולא יעבור, אַז זיי האָבן נישט אַרויסגערופֿן קיין איינשטימיקייט. נאָך מער, מע קען אָנווײַזן אַז קעגן אַ גרויסן טייל פֿון אָט די תּקנות זײַנען אַרויסגעשטעלט געוואָרן די שאַרפֿסטע אײַנווענדונגען גראָד מצד חשובֿע ייִדישע לינגוויסטן וואָס זײַנען די הויפּט־רעדאַקטאָרן פֿון געפּלאַנטן גרויסן ווערטערבוך.

דירעקט און אומדירעקט וועט דער ווערטערבוך זײַן אַן אויסגאַבע פֿון ייִוואָ, און על־פּי דעם איצטיקן אײַנשטעל מוזן אַלע פּובליקאַציעס פֿון ייִוואָ געדרוקט ווערן אַבסאָלוט בהסכּם מיט די תּקנות. איז ווי וועט אין דעם פּרט זיך פֿירן די רעדאַקציע פֿון ווערטערבוך? שרײַבן לויט די תּקנות? ווערט דאָך בפֿירוש אָנגעוויזן[1] אַז אַ סך פֿון די תּקנות זײַנען, מילד גערעדט, נישט אויסגעהאַלטן, אַז זיי זײַנען אין אַ סך פּרטים זיך סותר. זאָל די רעדאַקציע אָננעמען וואָס זי האַלט אַז זי קען אָננעמען פֿון די ייִוואָ־תּקנות און אין די אַנדערע

---

[1] די וויכטיקסטע דיסקוסיע וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אַרום די ייִוואָ־תּקנות איז געווען אין די ווײַטערדיקע פֿיר אַרטיקלען אין ייִדישע שפּראַך: יודל מאַרק, „הערות צו די תּקנות פֿון ייִדישן אויסלייג", ב' VII, זז' 1—29; יודאַ א. יאַפֿע, „אַנאַליז פֿון עטלעכע אויסלייג־תּקנות פֿון ייִוואָ", ב' VIII, זז' 33—61; מ. ווײַנרײַך, „וואָס איז דער מער מיטן ייִדישן אויסלייג?" ב' IX, זז' 1—21; יודאַ א. יאַפֿע, „לאָמיר אַנאַליזירן, ניט סתּם דעבאַטירן", ב' X, זז' 49—59.

פּונקטן איינשטעלן אַן אייגענעם פּיר? וועט זי דאָך עובֿר זײַן אויפֿן איינשטעל פֿון ייוואָ. איז בלייבט אפשר נאָך אַן אויסוועג: ניט נעמען דעם גאַנצן ענין צו ערנסט — קען דאָך אַזאַ דרך חלילה מינערן די וויסנשאַפֿטלעכע חשיבות פֿון ווערטערבוך.

דאָס מזל פֿון די ייוואָ־תּקנות אין איינשטעלן אַ פֿולקום איינהייטלעכן אויסלייג און געווינען אַן איינשטימיקייט בנוגע אַ גאַנצער ריי שרייַבפּראָמען איז ניט בעסער ווי דאָס מזל פֿון די אויסלייג־רעקאָמענדאַציעס וואָס די אמאָ־ליקע יידישע אָרטאָגראַפֿישע קאָמיסיע פֿון ניו־יאָרק האָט אויסגעאַרבעט. כאָטש אין אָט דער קאָמיסיע האָבן גענומען אַן אָנטייל מיטאַרבעטערס פֿון צייטונגען, רעדאַקטאָרן, לערערס און סתּם קענערס פֿון יידיש, האָבן ניט אַלע באַוויזן צו פּועלן ביי זיך זיך אונטערצוואַרפֿן אונטער די רעגולאַציעס וואָס זיי האָבן אויסגעאַרבעט. די איינהייטלעכקייט וואָס מען האָט געזוכט סיי דורך דער אָר־טאָגראַפֿישער קאָמיסיע דאָ אין לאַנד סיי דורך די ייוואָ־תּקנות איז נישט דערגרייכט געוואָרן. בנוגע אויסלייגן אַ גאַנצע ריי ווערטער און קאָנסטרוק־ציעס פּירט מען זיך אַפֿילו אין דער ביכער־פּראָדוקציע און אין די שולן לויטן איש הישר בעיניו יעשׂה. דערין קען מען באַשולדיקן די פּסיכאָלאָגיע פֿון אי־נערציע. מע קען אָבער אָנווייזן אַז אונדז האָט געפֿעלט דער אויטאָריטאַטיווער פּוסק אַחרון — אַ ווערטערבוך וואָס מע זאָל קענען אַרייַנקוקן אַהין און גע־פֿינען גרייטערהייט דעם אויסלייג.

די תּקנות פֿון ייוואָ האָבן געשטרעבט צו זײַן דער פּוסק אַחרון אין אויסלייג. זיי זיינען אָבער צו אָט דעם שפּיץ ניט דערגאַנגען צוליב כּמה טעמים. אויף אַ היפּש ביסל פֿון אָט די סיבות האָט אָנגעוויזן יודל מאַרק:[2] אַ טייל תּקנות זיינען צו ראַדיקאַל לגבי דער איינגעשטעלטער אָרטאָגראַפֿיע, גאַר אַ סך מאָמענטן זיינען אין גאַנצן פֿאַרקוקט געוואָרן און אין אַ טייל פֿאַלן פֿאַרנעמען זיי זיך מיט די פּראָבלעמען און זייערע פֿאַרענטפֿערונגען אויף אַן אַרביטראַרן אופֿן. איבער די און אַנדערע מאָמענטן האָבן די ייוואָ־תּקנות זיך ניט אָנגענומען ווי זיי שטייען און גייען ביי אונדז אין אַמעריקע — חוץ אין די פּובליקאַציעס פֿון ייוואָ. און אַפֿילו דאָרטן זיינען פֿאַראַן וואַקלענישן, ווי איך וועל עס ווייטער אָנווייזן. דאָס איז אַן ערנסטע אַנאָמאַליע, באַזונדער איצט, ווען עס קומט אויס צו פּסקענען בנוגע אַלע ספֿקות און אַלע מעגלעכע ברירות ביים גרייטן דעם מאַנוסקריפּט פֿאַרן גרויסן ווערטערבוך.

צוליב דעם איז כּדאַי נאָך אַ מאָל אויפֿצוהייבן דעם ענין אויסלייג. מע מוז אָנווייזן אויף אַ ריי אויסלייג־פּראָבלעמען, וואָס די אויבן דערמאָנטע אָר־בעטן האָבן בלויז טיילווייז באַטראַכט אָדער זיי גאָרניט באַרירט.

דאָ איז אפשר נייטיק אַ ביסל התנצלות, ווייל אין עטלעכע שטעלן פֿון די שווין דער־מאָנטע אַרטיקלען ווערט דירעקט און אומדירעקט אָנגערירט די פֿראַגע פֿון קאָמפּעטענץ, ד״ה ווער מעג זיך אַריינמישן אין דעם ענין און ווער וועלן דאָס זײַן ביי אונדז די פּוסקים.

---

[2] דאָרטן, ב׳ VII, זז׳ 1־2.

מ. ווײַנרײַך [3] הייבט אָן זײַן ענטפֿער י. מאַרקן מיט אַן אָנצוהערעניש אַז אפֿשר איז דאָ בײַ אונדז גאָרנישט פֿאַראַן אַזאַ אויטאָריטעט וואָס זאָל קענען פֿאַרבײַטן די וואָס האָבן מיט 20 יאָר צוריק אײַנגעשטעלט די ייוואָ־תּקנות. איך מיין אַז עס וועט גאָרניט אַזוי שווער זײַן צו דופּליצירן די דאָזיקע מענטשן הײַנט צו טאָג. איך בין זיכער אַז מ. ווײַנרײַך האָט גאָרניט געמיינט צו זאָגן אַז סתּם פֿאַראינטערעסירטע, אַרײַנגעטועטע אין דער זאַך, הגם ניט קיין פּראָפֿעסיאָנעלע פֿילאָלאָגן און לינגוויסטן, טאָרן זיך ניט אַרײַנמישן דערין. אַ סימן איז אַז יודאַ אַ. יאָפֿע וואַרפֿט פֿאָר מ. ווײַנרײַכן, אַז ער האָט דעם ענין אויסלייג אין די שטאָפּלען [4] אויפֿגענומען ווי אַן ענין פֿון צוועקמעסיקייט און נישט פֿון פֿילאָלאָגישער קענטעניש. אפֿילו יודאַ אַ. יאָפֿע, וואָס באַקלאָגט זיך אומדירעקט, למאַי בײַם אָפּשטימען ענינים פֿון אויסלייג האָט דער ניט־פֿאַכמאַן די זעלביקע שטים וואָס דער גרעסטער געלערנטער,[5] פֿאַרענדיקט זײַן צווייטן אַרטיקל מיט אַ ווענדונג צום לייענער,[6] אַז ער זאָל משפּטן אין דער דיסקוסיע צווישן אים און ווײַנרײַכן. איז אויפֿן סמך פֿון מ. ווײַנרײַכס היתּר און יודאַ אַ. יאָפֿעס ווענדונג, דערלויב איך זיך אַרײַנצומישן און אָנווײַזן אויף אַ רײ מאָמענטן וואָס נייטיקן זיך אין רעוויזיעס, איידער מע שטעלט אײַן דעם ענדגילטיקן פּסק בנוגע גראַפֿיק און אַ צאָל פּראַגעס פֿון אויסלייג.

די תּקנות פֿאַרנעמען זיך מיט פּרטים, וואָס מע דאַרף זיי בכלל ניט האָבן אין אויסלייג־תּקנות און וואָס זײַנען בלויז אַן איבעריקע הכבדה. צו אָט דער קאַטעגאָריע געהערט למשל די תּקנה 3: „אין שרײַבן קאָן מען צונויפֿגיסן די נקודה מיטן אַלף", ד"ה ניט שרײַבן באַזונדער די נקודות פּתח און קמץ ווי באַזונדערע גראַפֿישע צייכנס, נאָר צונויפֿגיסן מיטן אות אַלף. מע וואָלט גיכער געדאַרפֿט פּועלן בײַם עולם צו שטעלן די נקודות, צי יאָ געבונדן צי נישט. אַהער געהערט אויך די עצה וועגן אײַנפֿירן אַ נײַעם אות פֿאַר אונדזערע טראַדיציאָנעלע צוויי וואָוון, אַן אות וואָס זעט אויס ווי דער רוימישער פֿינף (תּקנה 8). יודל מאַרק ווײַזט אָן אויף נאָך אַנדערע אַזעלכע תּקנות, און ער איז גערעכט ווען ער שטעלט די פֿראַגע, וואָס פֿאַר אַ שײַכות זיי האָבן מיט תּקנות פֿון אויסלייג.[7]

כאָטש די תּקנות 6 און 7 האָבן צו טאָן מיט גראַפֿיק, רירן זיי דירעקט אָן אויך דעם אויסלייג — אויסלאָזן דעם שטומען אַלף. אָבער אָט די בײדע תּקנות באַשווערן דאָס שרײַבן און עס איז עפּעס ניט גלאַט מיט זיי. די תּקנה 6 ווײַזט אָן אַז אין אַזעלכע ווערטער ווי בוך און בלוט קומט דער וואָוו אָן אַ פּינטל. האָבן מיר גאָרנישט אײַנצווענדן, ווײַל אַזוי שרײַבן מיר אַלע. דער ענין ווערט קשה, ווען מע קומט צו דער תּקנה 7, וווּ מע הייסט פּינטלען דעם ערשטן וואָוו אין דוומוויראַט און טוונג. האָבן מיר דאָ כּסדר צוויי וואָוון, וואָס בײדע באַצייכענען זיי דעם זעלבן קלאַנג און דאָך ווערן זיי באַצייכנט

---

[3] דאָרטן, ב׳ IX, ז׳ 2.

[4] בערלין, 1923, ז׳ 13: „אין דער אמתן קאָן אַן אויסלייג זײַן צוועקמעסיק אָדער ניט צוועקמעסיק, אָבער צו פֿילאָלאָגיע, צו וויסנשאַפֿט האָט דאָס ניט".

[5] יידישע שפּראַך, ב׳ VIII, ז׳ 33.

[6] דאָרטן, ב׳ X, ז׳ 59.

[7] דאָרטן, ב׳ VII, זז׳ 2, 3, 14.

פאַרשיידן. דערצו נאָך האָט מען געפֿונען פֿאַר נייטיק ביי דער תּקנה 6 אָנ־צווייזן אויפֿן חילוק צווישן ליטווישן און ניט־ליטווישע דיאַלעקטן און ביי דער תּקנה 7ג, ווו עס רעדט זיך וועגן פֿינטלען ווּ, פּרוּ, פּרווּנג פֿאַרגעסט מען וועגן דעם חילוק צווישן דיאַלעקטן — און עס באַקומט זיך איבער דער אומגעראַטענער פֿאָרמולירונג א מין סתירה צווישן דיביידע תּקנות. דער גאַנצער ענין פֿון אַרויסוואַרפֿן דעם שטומען אַלף וואָרט־אין און טראַף־אין וואָלט געדאַרפֿט רעווידירט ווערן. איך קען ניט איינזען וואָס מיר געווינען דאָ מיט די תּקנות וואָס דעקן אָט די פֿאַלן. אמת, שוין פֿון שטאַנדפּונקט פֿון אויסזען אַליין איז די שרייבונג פּרוואוואונג, יואוועלירער א״א אַן אומגעלומ־פּערטקייט, אָבער פֿאַר מענטשן וואָס האָבן תּמיד אַזוי געשריבן איז נישט בעסער דאָס אויסזען פֿון פּרווּונג, יוּועלירער, דווּמוּויראַט א״אַ.

אונדזער לאַגע האָט זיך אויך ניט פֿאַרבעסערט אין יענע אַלע פֿאַלן וואָס ווערן געדעקט פֿון תּקנה 11: „אויב עס באַגעגענען זיך צוויי יודן און ביידע באַצייכענען זיי דעם i־קלאַנג קומט ביידע מאָל דער חיריק יוד: אַלייִרן וואַרייִרן... פּרייִק״. דאָ שאַפֿט זיך אַ שאַרפֿער קאָנפֿליקט צווישן אַן אַלטער געוווינהייט און אַ נייעם איינשטעל. די רעקאָמענדאַציע שטעלט אַוועק א נייע ראָלע פֿארן חיריק, ווען ער קומט געטאָפּלט. עס האָבן שוין אַנדערע אָנגעוויזן אַז דאָ איז מען נוטה צו לייענען: „אַלעירן״, „וואַרעירן״, „פּרעיק״. וואָרעם די צוויי יודן האָבן דורות לאַנג באַצייכנט דעם דיפֿטאָנג [ey]. נאָך שאַרפֿער באַקומט זיך עס, ווען מע דאַרף אַריבערטראָגן טיילן פֿון אַזוינע ווערטער אויף א נייער שורה על־פּי דער תּקנה 47. לאָמיר זען: וואַרי־ירן, פּרי־יק. דאַרף מען דאָ אויך האָבן די חיריקן? מען האָט בפּירוש אָנגעוואָרן וואָס מען האָט פֿאַרוואָרפֿן דעם כּלל גדול פֿון ידישן אויסלייג אַז מיר שטעלן א שטומען אַלף, ווען אַ טראַף הייבט זיך אָן מיט אַן i־ אָדער מיט אַן u־קלאַנג און מיט די דיפֿטאָנגען יי, ײַ און וי. ווען מיר האַלטן ביים אַריבערטראָגן אויף אַ נייער שורה, לאָמיר אויך זיך דערמאָנען די תּקנה 58, וואָס הייסט אונדז אַזעלכע ווערטער ווי: דורכויס, דערויף פֿאַרויס, דעריבער און ענלעכע שרייבן אָן א שטומען אַלף. וועלן מיר שרייבן: דורכ־ויס, דער־ויף, פֿאַר־ויס, ביים אָנ־הייבן אַ נייע שורה מיטן צווייטן טראַף?

די תּקנה 58 שטויסט זיך צונויף מיט דער פֿריערדיקער תּקנה, נומ׳ 57: „דער א בלייבט אין צונויפֿהעפֿטן און אין פֿרעמדלעכע באַהעפֿטונגען וואָס זיינען אַריין אין יידיש פֿאַרטיקערהייט (זע תּקנה 147 ב)״. ווי ביישפּילן ווערן געגעבן: באַנדאייזן, באַקאויוון, הינעראיי, אויטאָאיזאַלאַציע. דאָ שטעלן די תּקנות דעם דורכשניטלעכן שרייבער אוועק אין אַ לאַגע, ווען ער דאַרף פֿלוצלינג ווערן אַ גאַנצער לינגוויסט צו וויסן ווי אַזוי און דורך וואָנען גע־וויסע ווערטער זיינען אַריין אין יידיש. איך קום צום אויספֿיר אַז דאָס אויס־לאָזן דעם שטומען אַלף איז נישט גענוג דורכגעטראַכט געוואָרן. עס זיינען אונדז נאָך אַלץ נייטיק פֿאַסיקע רעפֿאָרמען און בעסערע מאָטיווירונגען און פֿאָרמולירונגען.

אַ צווייטע קאַטעגאָריע תּקנות וואָס גיכער באַשווערן זיי איידער זיי פֿאַרלײַכטערן זײַנען די פּונקטן 5, 14, 15, 17 וואָס ריידן וועגן פּינטעלעך און פּאַסיקלעך פֿאַר די פּאָרלעך ב—בֿ, כּ—כ, פּ—פֿ, תּ—ת. דאָ איז שווער צו געפֿינען עפּעס אַן אויסגעהאַלטנקייט. פֿאַר וואָס קומט אַ פּינטל אין כּ און אין תּ און ניט קיין פּינטל אין בּ? פֿאַר וואָס דאַרף זײַן אַ פּאַסיקל איבער ב און איבער פֿ און ניט איבער כ און איבער ת? ווי באַלד מיר פּינטלען איינעם פֿון די צווילינגען, בלײַבט שוין די צווייטע העלפֿט פֿון צווילינג אָן אות וואָס מע קען דערקענען אָן אַ פּאַסיקל פֿון אויבן. אדרבה, לאָמיר זיך צוקוקן: פֿאַרפֿום, תּכלית, כּבוד, באַחברן (זיך).

די תּקנה 24 וועגן ראָשי־תּיבֿותן איז אָן איבעריקע, סײַדן מע זאָל אָפּוואַרפֿן דעם היתּר אויף פֿערזענלעכן אײַנזען, וואָסערע ראָשי־תּיבֿותן עס זײַנען געוואָרן „פֿעסטע ווערטער", און פּשוט אויסרעכענען אַ צאָל ראָשי־תּיבֿותן וואָס קומען אָן שטריכעלעך. אַניט באַקומט זיך אַז ביתּר, וואָן, ניראַ געהערן צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע וואָס: תּנך, רשי. און ווי זאָל מען וויסן ווען מע טרעפֿט: סקיף, תּרצו, תּרפּט, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט קירצונגען אָדער צאָלן? אָן די שטריכעלעך קען מען צו מאָל ניט וויסן ווי דאָס וואָרט צו זוכן; מיט די שטריכעלעך קומט אָן די אידענטיפֿיקאַציע לײַכטער. לכל־הפּחות וויס דער לייענער אַז דאָס זײַנען קירצונגען, ניט קיין קווידערוועלש.

די תּקנה 22 וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט קירצונגען און ראָשי־תּיבֿותן שטעלט אײַן אַזעלכע פֿאָרמען וואָס האָבן זיך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע ניט אָנגענומען און קענען זיך ניט אָננעמען. ווען מען איז אײַנגעווינט צו שרײַבן Dr. און Mr., איז שווער אַריבערצוגיין אין יידיש צו ד"ר און מ"ר. און צי דאַרפֿן גאָר די זעלביקע שטריכעלעך דינען ווי אַ סימן פֿאַר ראָשי־תּיבֿות און פֿאַר אַ קירצונג? אין יידישע ביכער איז אויך איצט אָנגענומען דר. און מר.; אָבער לאָמיר אָננעמען אַז סע לוינט זיך און מע קען עס אײַנבערעכן און מע וועט דאָקטאָר קירצן — ד"ר און מיסטער — מ"ר. ווי אַזוי קלערן מיר אויף אַז אין פֿאַל פֿון וואָרט מיסעס נעמען די תּקנות פֿלוצלינג איבער די ענגלישע קירצונג Mrs. און הייסן אויף יידיש שרײַבן מר"ס? אויב אין ענגליש איז פֿאַראַן אַ באַרעכטיקונג פֿאַר דעם r אין דער געשיכטע פֿון דעם וואָרט, וואָסער באַרעכטיקונג קען זײַן פֿאַר אַ ריש אין דעם יידישן וואָרט מיסעס? אַ קירצונג פֿון וואָס איז דאָ דער ריש?

די תּקנה 40 פֿאַרן שרײַבן די דאַטע געקירצטערהייט האָט זיך בײַ אונדז אין גאַנצן ניט אָנגענומען. איך האָב נאָר וואָס אַ קוק געטאָן אויף די דאַטעס אין בריוו וואָס זײַנען מיר אָנגעקומען פֿון פֿאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, פֿון ייִוואָ בתוכם, און פֿון חשובֿע קולטור־טוערס. געפֿין איך כּלערליי פֿאַרקירצונגען, אויך אַזוינע וואָס קענען נאָך פֿאַרפֿירן. פֿעסטקייט און באַשטענדיקייט וואָלט געווען אַ מעלה — אָבער ווי דערגרייכט מען דאָס? אָט שטייט אין איין בריוו: 1—11—56; דאָס קען באַטײַטן: דעם עלפֿטן יאַנואַר 1956 און אויך דעם ערשטן נאָוועמבער. מישן ווידער די אַראַבישע ציפֿערן פֿאַר די

טעג און די רוימישע פֿאַר די חדשים איז אַ שטער וואָס קען קוים אָנגעגנו־מען ווערן.

גאָר אַ גרויסע שווערינקייט ברענגט אַריין די תּקנה 41, וואָס ווייזט אָן ווי צו שרייבן די פֿאַרקירצונגען אין מאַטעמאַטישע אָפּעראַציעס. די תּקנה הייסט אונדז ברעכן אונדזער טבע און לייענען יידיש פֿון לינקס אויף רעכטס. בלויז צוויי ביישפּילן — אין אַ ניט־יידישן טעקסט קענען מיר האָבן אַזאַ אויס־שטעלן פֿון לינקס אויף רעכטס:

10 m 4 cm — 3 m 8 cm = 6 m 96 cm
10 km : 2 = 5 km

הייסט אונדז די תּקנה 41 די יידישע קירצונגען איבערגעבן אַזוי:

10 מ 4 צמ — 3 מ 8 צמ = 6 מ 96 צמ
10 קמ : 2 = 5 קמ

דעם טעקסט פֿון אַזאַ אויפֿגאַבע וועלן מיר פֿאַרשטייט זיך לייענען פֿון רעכטס אויף לינקס, אָבער ווען עס קומט צו די ציפֿערן — פֿון לינקס אויף רעכטס; ווען עס קומט צו די יידישע קירצונגען — ווידער פֿון רעכטס צו לינקס. אין אַ מער קאָמפּליצירטער און מער פֿאַרוויקלטער אויפֿגאַבע אין אַ טעקסט וואָלט דערפֿון אַרויסגעקומען אַ גוואַלדיקע פֿאַרפּאַמעלעכונג פֿון דעם לייענען, דעם שרייַבן און דעם פֿאַרשטיין. און ווען עס קומט דאָס אויפֿצושרייבן אויף אַ יידישער שרייבמאַשין, וואָס באַוועגט זיך פֿון רעכטס אויף לינקס, אָדער צו זעצן אויף אַ זאַצמאַשין — איז עס פּשוט קריעת ים־סוף. קומט דערנאָך די תּקנה 42 און ווייזט אַז מע וואָלט די אויבן אָנגעגעבענע מאַטעמאַטישע אָפּעַ־ראַציעס געקענט דורכפֿירן און נישט עובֿר זיין אויפֿן איינשטעל פֿון גיין פֿון רעכטס אויף לינקס, ווי מיר קענען זען פֿון אַזאַ טעקסט:

10 מ 4 צמ — 3 מ 8 צמ = 6 מ 96 צמ
10 קמ : 2 = 5 קמ

וואָס מער איך קוק אַריין אין די תּקנות, אַלץ מער שטאַרקט זיך אין מיר דאָס געפֿיל אַז אין אַ געוויסן זינען איז די אַרבעט אָפּגעדרוקט געוואָרן אין איילעניש. ווי אַנדערש קען מען זיך דערקלערן געוויסע קוריאָזן וואָס באַגעגענען זיך אויף די זייטן פֿון די תּקנות? אויף עטלעכע האָבן מיר שוין אָנגעוויזן. אויך די תּקנות 122—125 פֿאַרמאָגן אין זיך אָט דעם עלעמענט. זיי ריידן וועגן אלצאיינע אותיות (צום טייל אויך קלאַנגען) וואָס טרעפֿן זיך צוזאַמען, ווען מע טאָפּלט זיי יאָ און ווען ניט. מע הייסט שרייבן: דו בלאָזסט, דו לאָזסט. דאָ קען אפשר זיין די אינעווייניקסטע באַרעכטיקונג אַז אָן דעם סמך וועט עס אויסזען ווי די דריטע פּערזאָן; אָבער ווען מיר קומען צו דו מוזסט — פֿאַלט עס דאָך אָפּ, וואָרעם די דריטע פּערזאָן איז: ער מוז. מע הייסט שרייבן דו רייסט, דו שיסט, אָבער ווען עס קומט צו ממיתן — דו ממיתסט. צי איז דאָ פֿאַראַן אַ חילוק פֿון שטאַנדפּונקט פֿון קלאַנג?

מיר מוזן דאָ אויף דאָס ניי אויפֿהייבן די פּראָבלעמען, ווען צו שרייבן

באַזונדער, באַהאַפּטן און אין איינעם. גאַנצע 23 תּקנות פֿאַרנעמען זיך מיט דעם דאָזיקן ענין. און נישט געקוקט דערויף וואָס מע האָט וועגן דעם טייל פֿון די תּקנות געשריבן מער און דעבאַטירט מער ווי וועגן וועלכן ניט איז אַנדערן טייל, געפֿינען מיר ביז היינטיקן טאָג קנאַפּע איינשטימיקייט בנוגע די רעקאָמענדאַציעס. דעם שטאַרקסטן ווידערשטאַנד האָבן אַרויסגערופֿן די תּקנות 132 און 133 וועגן שרייבן באַזונדער אַדווערביאַלע פֿאַרבינדונגען וואָס זייער ערשטער עלעמענט איז אַ פּרעפּאָזיציע: אויף דאָס ניי, איבער מאָרגן, אין איינעם, אין גאַנצן אאַז״וו. יודל מאַרק און יודאַ אַ. יאָפֿע האָבן דעם ענין געדעקט גרינטלעך[8] און ס׳איז ניט נייטיק קיין איבערחזרונג. מ׳דאַרף בלויז אַרויסהייבן אַז די תּקנה צו שפּאַלטן אַ קאָמפּאָנירטע וואָרט גייט להיפּך דעם גייסט פֿון יידיש, וואָס נעמט די קאָמבינאַציעס אויף ווי איין אידעע און ניט ווי באַזונדערע טיילן וואָס נייטיקן זיך אין באַזונדערע וואָרטסימבאָלן. די פּסי־כאָלאָגיע און די סעמאַנטיק פֿון דער זאַך פֿאָדערן אַז מע זאָל שרייבן: ער איז אָנגעקומען אינדערפֿרי, ווייל דער צייטאָפּשניט וואָס מע רעדט דאָ וועגן אים איז איין אויפֿנעם, איין אידעע; שרייבן אין דער פֿרי באַטייט גאָר עפּעס אַנדערש. אַ ריין מעכאַנישער צוגאַנג איז דאָ נישט דערלאָזלעך, ווייל דאָס שליסט אויס און מינערט דעם פֿולן זינען פֿון דעם געשריבענעם. ס׳קענען טאַקע זיין פֿאַלן ווו געוויסע אַדווערביאַלע פֿאַרבינדונגען וועלן אַרויסקומען גאַנץ גראָטעסק, ווען מען זאָל זיי אויפֿשרייבן ווי איין וואָרט, ווי דאָס ווייזט ריכטיק אָן מ. ווייַנרייך.[9] פֿאַר אַזוינע פֿאַלן וועט מען טאַקע דאַרפֿן מאַכן אַ יוצא־מן־הכּלל.

דער פּונקט 139 פֿון די תּקנות זעט אויס צו זיין קלאָרער. דער פּונקט באַשטייט פֿון צוויי כּללים: אויב דער צונויפֿהעפֿט איז ניט מער ווי דריי־טראָפּיק, שרייבט מען אים אין איינעם (שיקיינגל, שפּראַכסיסטעם, שרייבמאַשין, נייהויכדייטש, קינדערפֿריינד א״אַ); אויב דער צונויפֿהעפֿט איז מער ווי דריי־טראָפּיק, שרייבט מען אים מיט אַ מקף (וואַסער־טרעגער, רעכן־מאַשין, שפּראַכן־סיסטעם, אַלט־פֿראַנצייזיש א״אַ). קלאָר אַז דאָ רעדט זיך וועגן סובסטאַנטיוון און וועגן אַדיעקטיוון. אָבער די תּקנה 140 מאַכט שוין דעם ענין ניט אַזוי פּשוט. זי הייסט ציילן די צאָל טראָפּן לויט דער קירצסטער פֿאָרעם פֿונעם צונויפֿהעפֿט. בכן, אויב קינדערפֿריינד קומט אין איינעם, קומט אויך קינדערפֿריינדשאַפֿט אין איינעם, כאָטש מיר האָבן דאָ פֿיר טראָפּן און אַ נייעם סופֿיקס — ־שאַפֿט; אויב שוכפֿאַבריק האָט נאָר דריי טראָפּן און מע שרייבט אין איינעם, קומט אויס אַז אויך שוכפֿאַבריקאַנט קומט אין איינעם, הגם דאָ האָבן מיר פֿיר טראָפּן און אָן אַנדער סופֿיקס — ־אַנט. דאָ קענען זיך באַקומען גאַנץ לאַנגע ווערטער וואָס מע שרייבט זיי אין איינעם: שרייב־מאַשיניסטקעס, שוכפֿאַבריקאַנטישע, גרויסהאַלטערישקייט און אַנדערע פֿינף־

[8] דאָרטן, ב׳ VII, ז׳ 14—25; ב׳ VIII, ז׳ 50—61; ב׳ X, ז׳ 52—58.

[9] דאָרטן, ב׳ XI, ז׳ 8.

און זעקס־טראַפּיקע ווערטער וואָס דאַרפֿן לויט די תּקנות קומען אין איינעם — אָפּהענגיק פֿון דעם ווי מע טײַטשט אויס די גאַנץ אומקלאָרע תּקנה 140. די פֿראַגע בלײַבט אומקלאָר: וואָס איז די „ערשטע", די „קירצסטע" פֿאָרעם פֿון א צונויפֿהעפֿט? ס'איז טאַקע קיין ספק ניטאָ אַז עפּעס א קריטעריע פֿאַר שרײַבן צוזאַמען אָדער באַהאַפֿטן מיט א מקף — מוזן מיר האָבן. ס'איז אָבער אויך אמת אַז אין אויסקלײַבן אָדער אויסאַרבעטן אַזאַ קריטעריע דאַרפֿן מיר זיך רעכענען ניט מיט דער צאָל טראַפּן, נאָר גיכער מיטן טײַטש און מיט דער אַלגעמיינער שווערקייט פֿון אויסלייגן און דורכלייענען דאָס וואָרט. ס'איז לאָגיש ניט באַרעכטיקט אַן איינשטעל אַז וואַסער־טרעגער אָדער היטל־מאַכער דאַרפֿן קומען מיט אַ מקף און פֿאַלקסלערער אָדער פֿרוכטקלײַבער אָן א מקף, נאָר אין איינעם, אָדער אַז רעכן־מאַשין קומט ניט אַרײַן אין דער זעלביקער קאַטעגאָריע ווערטער וואָס שרײַבמאַשין. אַזאַ אַרביטראַרער אײַנשטעל גייט קעגן אונדזער געפֿיל פֿאַר סעמאַנטיק און פּסיכאָלאָגיע.

אָבער לאָמיר עס לאָזן אין א זײַט. לאָמיר זען ווי ווערט אין דער פּראַקטיק אָפּגעהיט די תּקנה וועגן דרײַטראַפּיקע און פֿירטראַפּיקע צונויפֿהעפֿטן? איך האָב בכיוון איבערגעלייענט עטלעכע הונדערט זײַטן טעקסט אין די ייִוואָ־בלעטער פֿון 1952, 1953, 1954 און 1955 און אויך א טייל פֿון דעם אינדעקס אין אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך, ווי אויך די ערשטע 90 זײַטן פֿון י. ל. כּהנס שטודיעס וועגן ייִדישער פֿאָלקסשאַפֿונג — אַלץ אויסגאַבעס פֿון ייִוואָ. אין אָט דעם געלייענטן מאַטעריאַל האָבן מיר אָנגעטראָפֿן א היפּש ביסל שרײַב־אופֿנים וואָס זיי גייען קעגן די תּקנות, סײַדן מע זאָל אין יעדן פֿאַל באַזונדער אַנדערש נעמען טײַטשן די תּקנה 140. אָט איז א פּעקל ווערטער וואָס מיר האָבן געפֿונען געשריבן אין איינעם, הגם מיר האָבן דאָ מער ווי די דערלויבטע דרײַ טראָפּן פֿון דער קירצסטער פֿאָרעם פֿון צונויפֿהעפֿט:

הויפּטאַרבעטער, ווײַסגוואַרדייער, ווידערגעפֿיל, ווידערגעבורט, אויגנגלעזער, פֿאַריקמאַכער, אוראייניקל, אַרבעטספּעציק, פֿרײַהייטסקעמפֿער, באַקאַנטמאַכונג, ציטערשפּילער, זעלבסטפֿאַרלייקענונג, מויערקעפּל, מאַרקיידענע, אײַערנעכטן, געזונטנוצניק, מינדעריעריק, קורצטערמיניק, אַנדערשפּראַכיק, אייגנהאַנטיק.

איז דען פֿאַראַן אין ייִדיש: „מינדעריאָר", „קורצטערמין", „אַנדערששפּראַך", „אייגנהאַנט", „פֿאַריקמאַך", „אַרבעטספּע..." און אַזעלכע אַנדערע טשיקאַווע באַשעפֿענישן? וווּ זשע האָט מען דאָ גענומען די קירצסטע פֿאָרעם? און אַפֿילו בײַ אויגנגלעזער — צי האָט דען אַ זינען אויגנגלאָז? אָדער איז דען פֿאַראַן אַ פֿאָרעם „אייניק" אַז עס זאָל באַרעכטיקט זײַן די שרײַבונג אוראייניקל אָן אַ מקף — קעגן דער תּקנה 139? און ווי איז די קירצערע פֿאָרעם פֿון אײַערנעכטן? און אַזוי ווײַטער און אַזוי ווײַטער.

דערצו קומט נאָך אַרײַן אין שפּיל די תּקנה 135 וואָס מאַכט דעם ענין נאָך קאָמפּליצירטער, וואָרעם לויט איר פּלוס תּקנה 140 באַקומט זיך אַז מע דאַרף שרײַבן אין איינעם אַזעלכע לאַנגע ווערטער ווי: קאָנטעררעוואָלוציאָנערישקייט, אַרצעביסקופּאַט, הינטערגעדאַנקענלאָז און נאָך אַזעלכע לאַנגע

פאַרבינדונגען, וואָס זיי צעשטערן דעם פּרינציפּ וואָס זעט אויס גרינג און קלאָר פון ערשטן קוק.

דער גאַנצער געדאַנק פון אָנשפּאַרן די שרײַבונג אין איינעם אָדער באַהאַפטן אויף דער צאָל טראַפן איז נישט בלויז אַרביטראַר, נאָר ער ווערט פּאַקטיש צעשטערט פון די אַנדערע תּקנות. ער קען גיכער דינען ווי אַ מכשול, ער שטערט אין דעם פּראָצעס פון פליסיקן שרײַבן. מע דאַרף פּלוצלינג אויפהערן שרײַבן און נעמען ציילן טראַפן און אויסחשבונען — וואָס איז די קירצסטע פאָרעם פון צונויפהעפט, אַ מלאָכה וואָס קען זיך טאַקע פּאַסן פאַר ספּעציאַליסטן וואָס לינגוויסטיק איז זייער פאַך (און אויך זיי וועלן דאָך צווישן זיך וועגן דעם ניט מושווה ווערן![10]), אָבער ניט פאַר אַ פּשוטן בריוו־שרײַבער און אויך ניט פאַרן געווײנטלעכן פּראָפעסיאָנעלן שרײַבער. פאַר אַ תּלמיד וואָס לערנט זיך ערשט ייִדיש איז דאָס אַוודאי אַ פּסיכאָלאָגישער מכשול.

דער איינציקער מעגלעכער מאָטיוו און באַרעכטיקונג פאַרן אַוועקשטעלן דרײַ טראַפן ווי אַ חוק ולא יעבור איז אפשר דער געדאַנק אַז איבערלייענען אַ דרײַטראַפּיק וואָרט איז לײַכטער ווי אַ פירטראַפּיק וואָרט, כאָטש די תּקנות גופא ווײַזן אויף דעם אַז עס איז ניט אַזוי. אָבער לײַכטקייט און שווערקייט אין לייענען און אין שרײַבן אַ וואָרט איז אַ רעלאַטיווער באַגריף; ס׳ווענדט זיך אין כּלערליי אַנדערע פאַקטאָרן — חוץ דער צאָל טראַפן — און מיר קריגן דאָ ניט קיין קריטעריע פאַר כּללים וועגן שרײַבן אין איינעם אָדער באַהאַפטן. לאָמיר אַליין עקספּערימענטירן. לאָמיר נעמען די ווײַטערדיקע צוויי שפּאַלטן ווערטער, איין שפּאַלט מיט דרײַטראַפּיקע, אַ צווייטער — מיט פירטראַפּיקע. ווער וועט זיך אונטערנעמען צו זאָגן אַז די פירטראַפּיקע איז שווערער דורכצולייענען, ווען זיי קומען אין איינעם?

| דרײַטראַפּיקע ווערטער | פירטראַפּיקע ווערטער |
|---|---|
| פּראָזעזאַך | היטלמאַכער |
| נאַציצײַט | פײַערלעשער |
| וואָקאַלקלאַנג | געבוירנטאָג |
| שמעלצאויוון | קעלערשטיבל |
| רויככוואַליעס | אַרבעטצימער |
| מאַלצזוקער | לעבנספּראַגע |
| אַרבעטשטוב | פידלקינסטלער |
| בירגערעכט | האָניקלעקעך |
| ווידערקאַמף | ווידערגעפיל |
| גלאָזשלײַפער | אַקערמאַשין |

[10] עס זעט אויס אַז די תּקנות גופא קענען ניט מושווה ווערן צווישן זיך. לויט דער תּקנה 140 קומט אויס אַז דאָס פירטראַפּיקע וואָרט גרויסהאַלטעריי דאַרף דערפירט ווערן צו דער „קירצסטער” פאָרעם גרויסהאַלטער, כאָטש עס קומט צו אַ באַזונדערער סופיקס, אָבער די תּקנה 139, פונקט ב, הייסט שרײַבן שפּראַכן־סיסטעם מיט אַ מקף און דערפירט ניט אָט דאָס וואָרט צו דער קירצערער פאָרעם שפּראַכסיסטעם וואָס ווערט דערמאָנט אין 139, פונקט א.

לאָמיר גיין ווײַטער און אָנווײַזן אַז די תּקנות פֿאַרנעמען זיך מיטן אונ־טערוואָרפֿן אונטער אַנדערע כּללים און מיטן אײַנשטעלן קינסטלעכע גרענעצן צווישן אַזעלכע ווערטער, וואָס זײַנען כּמעט אידענטיש אין אויסזען, אין דער צאָל אותיות, אין זייער קלאַנגיקן באַשטאַנד, אין זייער סעמאַנטישער געבונדנקייט — אַלץ איבער דעם דרויסנדיקן פּרינציפּ, דער צאָל טראָפּן. לאָמיר זיך צוקוקן צו דעם אופֿן אויסלייגן:

| פֿיר טראָפּן באַהאָפֿטן | דרײַ טראָפּן אין איינעם |
|---|---|
| סטודענטן־קלוב | פֿאָלקלאָרקלוב |
| אַקער־אײַזן | ברעכאײַזן |
| מענטשן־פֿרעסער | מענטשנפֿרײַנד |
| לערן־מיידל | לערניונג |
| האָניק־לעקעך | האָניקברויט |
| היטל־מאַכער | הוטמאַכער |
| שפּראַכן־סיסטעם | שפּראַכסיסטעם |
| וואַסער־טרעגער | בריווטרעגער |
| רעכן־מאַשין | שרײַבמאַשין |
| שניפּסן־מאַכער | שניפּסמאַכער |
| וואַסער־פֿאַפּיר | קלעקפֿאַפּיר |
| לעבנס־פֿראַגע | שטרײַטפֿראַגע |

אָט די תּקנות וועגן באַהאָפֿטן מיט אַ מקף גייען אין אַ סך פּרטים קעגן דעם אופֿן ווי ער האָט זיך שוין גאַנץ פֿעסט אײַנגעשטעלט בײַ אונדז. מע שרײַבט געוויינטלעך אָן אַ מקף אין ביכער און אין זשורנאַלן וואָס היטן מער־וויניק אָפּ די אויסלייג־תּקנות פֿון ייִוואָ אָט די ווערטער: קינדערגאָרטן, קינדערגערטנערין, שטעלפֿאַרטרעטער, וואַסערטרעגער, קוילנברענער און נאָך און נאָך אַזעלכע ווערטער. עס איז שווער צו געפֿינען אַ שׂכלדיקע מאָטיווירונג, למאַי מע זאָל אָפּווײַכן פֿון אָט דעם אײַנגעשטעלטן אופֿן שרײַבן און דאָ פּלוצלינג נעמען ווי א קריטעריע די צאָל טראָפּן. דאָס וואָלט צעשטערט דעם כאַראַקטער פֿון דעם צונויפֿהעפֿט, וואָס מיר באַנעמען אים ווי איין אידעע, טאָקע ווי איין וואָרט, הגם דאָס וואָרט באַשטייט פֿון צוויי שרשים. נאָך בולטער ווערט עס, ווען מיר טראַכטן זיך אַרײַן אין דעם זינען פֿון אַזעלכע געוויינטלעכע ווערטער, וואָס מע שרײַבט זיי בײַ אונדז טאַקע אין איינעם:

גבעוירנטאָג, געבערמוטער, נעגלוואַסער, ערדציטערניש, לײַדיקגייער, מיטלעלטער, עלטערזיידע, בלוטפֿאַרגיסונג א״אַ.

דאָס זײַנען אַלץ ניט טיילוויז געבונדענע קאָנצעפּטן, נאָר איינסן פֿאַר זיך אַליין. עס איז דאָ אַזוי צו זאָגן קעגן אונדזער סעמאַנטישן געוויסן אַזעלכע צונויפֿהעפֿטן פֿונאַנדערצורײַסן און זיי דערנאָך פֿאַרבינדן מיט א מקף, בשעת לאָמיר זאָגן אַזאַ וואָרט ווי פֿאָלקלאָרקלוב אָדער שפּראַכסיסטעם, ווו מיר באַנעמען באַזונדער ביידע טיילן ווערן געשריבן אין איינעם על־פּי די תּקנות.

און איבער אַלעם מוז מען געדענקען אַז דער פּוסק אַחרון אין אַ סך אַזעלכע פֿאַלן דאַרף און מוז בלײַבן דער שרײַבער גופֿא, ווי עס דיקטירט

אים דער ענין וועגן וועלכן ער שרייבט, וואָס די פּסיכאָלאָגיע פון דעם מאָמענט פאָדערט פון אים. ווען מע שרייבט פאַר ניט־געניטע איז גלייכער אין געוויסע פאַלן אַריינצושטעלן דעם מקף. אַזוי למשל ווען מע זעט אַשטעצל קען מען פּרווון לייענען „אַ שטעצל", אָדער אַשפענדל — „אַ שפענדל"; אין אַזעלכע פאַלן איז אפשר גלייכער: אַש־טעצל, אַש־פענדל און ענלעכע. אַ יידישער דיכטער וואָס עפנט דעם פּאַלאַץ פון זיין האַרץ פאַר די געליטענע פון דער וועלט — שרייבט האַרצפּאַלאַץ צוזאַמען, ווי איין וואָרט, אָן אַ מקף, ניט ווייל ער ציילט דאָ די טראַפן און געפינט אויס אַז זיי זיינען נאָר דריי, נאָר דערפאַר ווייל מיט אָט דער קאָמבינאַציע וויל ער שאַפן איין־איינציקן ניט־צעטיילטן אימאַזש.

דער גלייכסטער גאַנג אין דער פראַגע צוזאַמען, מיט אַ מקף אָדער באַזונדער וואָלט געווען אַזאַ: שרייבן צוזאַמען ווו נאָר עס לאָזט זיך, ווו נאָר דער טייטש איז מחייב דערצו; שטעלן דעם מקף כּדי צו באַצייכענען נאָר אַ רעלאַטיווע, נישט קיין אַבסאָלוטע געבונדנקייט צווישן די באַשטאַנדטיילן פון צונויפהעפט. אין אַזוינע פאַלן וואָלט איך דעם מקף געניצט בלויז דאָרטן, ווי יודל מארק ווייזט אָן,[11] ווו אָט דער גראַפישער צייכן וואָלט לייכטער געמאַכט די אידענטיפיקאַציע און דאָס טעכנישע איבערלייענען דאָס וואָרט. אָט דער מקף וואָלט אַריינגעקומען אין פּירטראַפּיקע און אין דרייטראַפּיקע און אפילו אין צווייטראַפּיקע באַהעפטונגען, ווי: נאַצי־צייט, בלוט־סליאַד, יידן־יאָך, שפּראַך־סיסטעם, פאַר־אָקטאָבערדיק (רוסלאַנד) א״אַ. אַ צווייטע קאַטעגאָריע ווערטער וואָס איך וואָלט געבונדן מיט אַ מקף זיינען יענע באַהעפטונגען וואָס זיינען געמאַכט נאָר לשם קיצור, נאָר ווייל עס איז פאַראַן אַ טיילווייזע „סמיכות", אָבער בשום אופן נישט קיין פולשטענדיקער צונויפשמעלץ פון די פריער באַזונדערע ווערטער. איך האָב אין זינען באַהעפטונגען פון דעם שניט; נערוון־צעררודערונג, האָלדז־קאַנסער, שרייבער־קלוב, שרייבער־פאַראיין, ליטעראַטור־קריטיקער, פאָלקס־ליטעראַטור, קונסט־קריטיק. קיינער פון אָט די צונויפהעפטן דריקט נישט אויס יענע איין־און־איינציקייט פון אידעע אָדער אימאַזש ווי אַזעלכע ווערטער: פאָלקסליד, מיטלעלטער, ליידיקגייער. דעריבער דאַרפן זיי קומען אָן אַ מקף, אומאָפּהענגיק פון דער צאָל טראַפן. ס׳איז ניטאָ די מינדסטע באַרעכטיקונג אין נעמען אַזאַ קאַטעגאָריע ווערטער וואָס באַצייכענען מלאָכות אָדער פּראָפעסיעס און זיי טיילן אויף די וואָס קומען געשריבן אין איינעם און אויף די וואָס קומען פאַרבונדן מיט אַ מקף. אויב מיר שרייבן: פּוסדאָקטער, האַרצדאָקטער, ברויטבעקער, הוטמאַכער אָן אַ מקף, דאַרף מען אים ניט אין: אויגנדאָקטער, וואַסערטרעגער, היטלמאַכער, בייגלבעקער — מיטן אויסנעם פון יענע פאַלן וואָס מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט.

איך רעכן אַז דאָס ביזאַיצטיקע האָט שוין גענוג אילוסטרירט אַז די אויסלייג־תּקנות פון ייוואָ דאַרף מען רעווידירן.

[11] יידישע שפּראַך, ב׳ VII, זז׳ 19—23.

# די הויפּט־אייגנשאַפֿטן פֿון מענדל סאַטאַנאָווערס משלי־איבערזעצונג

פֿון יודל מארק

מיט דרייצן יאָר צוריק איז שוין אויסגעקומען צו שרייבן וועגן דעם כאַראַקטער פֿון מענדל סאַטאַנאָווערס איבערזעצונגען פֿון כּתובים. אין דעם אַרטיקל „אַ פֿאַרגלייך צווישן פֿיר איבערזעצונגען פֿון קהלת", אין יידישע שפּראַך, ב' IV, נומ' 1, זז' 1—16, האָבן מיר אַנאַליזירט ווי אַזוי פֿיר גאָר פֿאַרשיידנדיקע איבערזעצערס — מענדל סאַטאַנאָווער, דער גרויסער רעפֿאָר־מאַטאָר פֿון דער יידישער ליטעראַטור־שפּראַך, דערנאָך איינער אַ משומד און אַ מיסיאָנער מרדכי שמואל בערגמאַן, ווייטער אונדזער יהואָש אין זיין קלאַ־סישן יידישן תּרגום, לסוף דער ניט לאַנג פֿאַרשטאָרבענער נפתּלי גראָס אין זיינע פֿינף מגילות — האָבן איבערגעזעצט צוועלף פּסוקים פֿון צוועלף פֿאַר־שיידענע קאַפּיטלעך קהלת. דער אַנאַליז איז געווען אַ גאַנץ פּרטימדיקער; עס איז אויסגעקומען זיך אָפּצושטעלן אויף יעדער פֿראַזע באַזונדער, אויך אויף איינציקע ווערטער וואָס די איבערזעצערס האָבן געניצט.

מיר האָבן געהאַט פֿאַר זיך נאָר די 222 פּסוקים פֿון קהלת, ווייל אין אונ־דזער רשות איז געווען בלויז דער איבערדרוק וואָס דער ייוואָ האָט אַרויסגע־געבן אין 1930. איצט האָבן מיר פֿאַר זיך די זייער זעלטענע אויסגאַבע פֿון משלי, פֿון יאָר 1814, וואָס האָט אַזאַ שער־בלאַט: „ספר משלי שלמה עם פירוש קצר והעתקה חדשה בלשון אשכנז לתועלת אחינו בית ישראל בארצות פולין. נדפס ברשיון הצענזאר — פה טארנאפאל, בשנת ה' תקע"ד לפ"ק". דאָס טייַ־ערע ביכעלע איז געווען אין דער ייוואָ־ביבליאָטעק אין ווילנע, איז געוואָרן אויסבאַהאַלטן פֿון די נאַציס און דורך אַ. סוצקעווערן און ש. קאַטשערגינסקין ע"ה איז עס אַריבערגעשיקט געוואָרן צום ייוואָ אין ניו־יאָרק. אויף אַזאַ אופֿן האָבן מיר פֿאַר זיך די פֿולע איבערזעצונג פֿון אַלע 915 פּסוקים פֿון משלי, אַ מאַטעריאַל וואָס איז גרעסער און רייכער ווי דער פֿריערדיקער. מיר פֿאַרנעמען זיך ניט מיט קיין שום פֿאַרגלייכן מיט אַנדערע איבערזעצערס, ניט קיין פֿריערדיקע און ניט קיין שפּעטערדיקע. מיר גייען דאָ אויך ניט אַזוי ווייט אַוועק אין דער טיף, נאָר גיכער אין דער ברייט. דאָ וועט ווייטער אויך ניט זיין קיין פֿולקומער אַנאַליז פֿון מענדל סאַטאַנאָווערס לשון — פֿאַר דעם איז נייטיק זייער אַ גרויסע אַרבעט אויף אַ סך געדרוקטע זייטן. מיר באַגרענעצן זיך דערווייל מיט איבערגעבן דעם אַלגעמיינעם איינדרוק פֿון דער משלי־איבערזעצונג, ווי ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ לייענער אַן אַנאַליטיקער.

אויפֿן שער־בלאַט איז ניטאָ דער נאָמען פֿון דעם איבערזעצער; אויך אין די הסכּמות און אין דער הקדמה ווערט דער נאָמען ר' מענדל סאַטאַנאָווער, אָדער מענדל לעפֿין (לעווין) ניט דערמאָנט. אין דער הסכּמה פֿון טאַרנאָפּאָלער רבֿ געפֿינען מיר די פֿראַזע: „קם רוח באיש נכבד העלים שמו לחבר חיבור..." אָבער מיר ווייסן אָן שום מינדסטן ספֿק ווער עס איז דער איבערזעצער איבערן

ליטעראַרישן קאַמף אַרום דער איבערזעצונג; מיר ווייסן עס אויפן סמך פון עדות־זאָגן און זכרונות פון זיינע פריינד און תּלמידים, מיר ווייסן עס אויפן סמך פון די אַרכיוו־מאַטעריאַלן וואָס מען האָט געפונען אין דעם פּערל־אַרכיוו אין טאַרנאָפּאָל. הכּלל, דער נאָמען פון דעם איבערזעצער איז ניט פאַרבאַהאַלטן פון אונדז. דאָס איז אפשר די אינטערעסאַנטסטע פּערזענלעכקייט פון דער גאַנצער השׂכּלה־באַוועגונג.[1] מענדל סאַטאַנאָווער וואָלט געדאַרפט זיין דער העלד פון אַ קינסטלערישער ביאָגראַפיע אויפן גאַנג פון עמיל לודוויג. מענדל סאַטאַנאָווער פאַרדינט זיך אַז עס זאָל זיין אַ גרויסע היסטאָרישע מאָנאָגראַפיע וועגן זיין לעבן, זיינע אויפטוען, זיין גרויסער השפּעה. נאָר מיר לאָזן עס אַלץ אין אַ זייט, בכדי זיך צו קאָנצענטרירן אויף די הויפּט־אייגנשאַפטן פון זיין לשון אין דער משלי־איבערזעצונג.

דער סטיל, דער אויסקלייב פון ווערטער, די עשירות פון לשון, די באַזונדערקייטן אין דער גראַמאַטיק — זיי אַלע זאָגן עדות אַז דער איבערזעצער פון קהלת און דער איבערזעצער פון משלי איז דער זעלביקער מענטש. און די אויספירן וואָס עס זיינען אָנגעצייכנט געוואָרן אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל וועגן 12 פּסוקים פון קהלת פּאַלן איצט צונויף מיטן איינדרוק פון דער משלי־איבערזעצונג.

ראשית־כּל קומט אויס צו באַוואונדערן דעם פרייען צוגאַנג פון אַ פרייען מענטש. עס פעלט לגמרי דער אַראָפּפּאַל פאַרן פאַרהייליקטן טעקסט. עס איז ניטאָ קיין שום מורא, טאָמער וועט מען ניט יוצא זיין לגבי אַ טעקסט וואָס איז קאַנאָניזירט. עס גייט דעם איבערזעצער נאָר אין איבערגעבן דעם זינען פון יעטוועדן פּסוק באַזונדער. האָט ער אָפט אָפּגעווייכט פון איבערגעבן וואָרט נאָך וואָרט וואָס ער געפינט אין פּסוק. עס איז ר׳ מענדלען געגאַנגען אין איבערגיסן דעם אינהאַלט פון משלי אין אַ יידישן שפּראַכיקן פורעם.

ווען מע נעמט זיך צום איבערזעצן דעם תּנך איז מען זיך גייסטיק טובל, שיידט מען זיך אָפּ פון וואָכעדיקייט, באַמיט מען זיך צו האַלטן זיך ביי געוויסע טראַדיציאָנעלע איינגעשטעלטקייטן, לאָמיר זאָגן ביי דעם נוסח פון רבין אין חדר, אָדער מע זוכט אַ נייע טראַדיציאָנעלקייט, ווי עס איז געווען יהואָשעס גאַנג. ניט אַזוי איז ר׳ מענדל סאַטאַנאָווערס דרך. ער פילט ניט קיין שטערענישן און קיין באַזונדערן אָפּשיי. מע מעג זאָגן אַז ער האָט זיך ניט איבערגעטאָן אין דער שבתדיקער קאַפּאָטע, נאָר ער איז געזעסן אין זיין וואָכעדיקער קאַפּאָטע ביים שרייבן די איבערזעצונג. ער איז געווען דורכגענומען פון דער לעבנס־חכמה און פון דעם מוסר וואָס מע געפינט אין משלי, אָבער דער צוגאַנג צו דעם איז געווען ווי צו מענטשלעכער קלוגשאַפט און צו עצות טובות, וואָס מע קען זיי הערן פון גוטע און געניטע לייט, וואָס זיי

[1] עס פעלט דערווייל אַ פולע ביאָגראַפיע פון מענדל סאַטאַנאָווער. די וויכטיקסטע אַרבעט וועגן אים איז: ישראל וויינלעז, „מענדל לעפין־סאַטאַנאָווער“, ייוואָ־בלעטער, ב׳ וו זז׳ 334—357. דאָס איז אַן אויסברייטערונג פון דער אַרבעט פון דעם זעלביקן מחבר, געדרוקט אין העולם, תּרפּ״ו, גליונות לט—מב.

זיינען אויך זײַנע פריינד, זײַנע מיטמענטשן. דער איבערזעצער שטעלט זיך אויף איין שטאַפּל מיטן אָריגינאַל. פאַלט ער ניט גײַסטיק כּורעים פאַרן אָרי־גינאַל, דערלויבט ער זיך אָפּצווײַכן, עפּעס וואָס צוצוגעבן, אַרײַנטײַטשן, געבן אויך אַ ביסל אַן אַנדער קנייטש. באַקומט זיך אַ נאַטירלעכע הומאַנישקייט, אַ גוטמוטיקייט, אַ מין באַזונדערע גרינגקייט פון געמיט. קען זיך באַקומען אַז דאָס זעלביקע העברעישע וואָרט אָדער גאַנצע פראַזע פון משלי זאָל אין איין שטעל איבערגעגעבן ווערן מיט איין יידיש וואָרט, אין אַן אַנדער שטעל מיט אַן אַנדער וואָרט אָדער מיט אַנדערע יידישע פראַזעס.

מע קען זאָגן: דער יִראת־הכּבֿוד פאַרן וואָכעדיקן גערעדטן יידיש און פאַר דעם פּשוטן ריידער פון יידיש שטײַגט איבער דעם יִראת־הכּבֿוד פאַרן פּסוק. דאָס משׂכּילישע פאַרקנעכטן זיך צום פּסוק איז בכלל ניט בנמצא בײַ אָט דעם ערשטן גרויסן יידישן משׂכּיל פון מזרח־אייראָפּע. אויך זײַן העברעיש איז רעוואָלוציאָנער אַנדערש ווי דאָס העברעיש פון זײַן דור — עס איז אַ משנה־העברעיש, אַ מדרש־העברעיש.[2] און זײַן יידיש האָט אין זינען דעם יידן פון גאַס און פון מאַרק, דעם יידן וואָס ער טרעפט אין בית־מדרש, דעם געמיינעם האָרעפּאַשניק וואָס איז געקומען קויפן אַ ליימען טעפּל אין קרעמל פון זײַן ווײַב אין מיקאָלאַיעוו. דער איבערזעצער טראַכט וועגן די בילדער, די פאַרגלײַכן, דעם אופן רעדן פון זײַן יום־יומיקן ארום. רעדט דער פּסוק וועגן „ארי בחוץ" (משלי, כב, 13), אָבער ניט אין סאַטאַנאָוו, ניט אין מיקאָלאַיעוו, ניט אין טאַרנאָפּאָל און אַפילו ניט אין דער האַנדלשטאָט בראָד רעדט מען וועגן לייבן; זיי פּאַסן זיך ניט אַרײַן אין דעם אַרומיקן קלימאַט און אין דער סבֿיבֿה. זעצט ער איבער: אַ בער אין דרויסן.[3]

אין משלי טרעפט מען זעקס מאָל בשער אָדער שערים, בשערים; אַלע איבערזעצערס ווייסן: טויער, טויערן. אָבער וואָס טוט דאָ דער סאַטאַנאָווער? איין מאָל האָבן מיר: און נישט מוטשען אַ געמיינעם מענטשן אויף דער גאַס ווי אַן עקוויוואַלענט פאַר „ואל תדכא עני בשער" (כב, 22); אַ צווייט מאָל: ציישן[4] לײַט ווייסט ער גאַרנישט ווי דאָס מויל צו עפענען פאַר „בשער לא יפתח פיהו" (כד, 7); אין די בראַמען רופט זי אויס פאַר „תקרא בפתחי שערים" (א, 21); בײַ די בראַמען אין אײַנגאַנג פון דער שטאָט פאַר „ליד שערים לפי קרת" (ח, 3); איר מאַן איז באַקענט געוואָרן אויף דער וועלט פאַר „נודע

[2] וועגן מענדל סאַטאַנאָווער ווי דעם העברעישן שרײַבער רעדט אַ סך און מיט באַ־גײַסטערונג י. קלויזנער אין זײַן גרויס ווערק היסטוריה של הספרות היהודית החדשה, ב' ז, ירושלים, תר"ץ, זז' 199—225. דאָרטן ווערן אויפגעקלערט די אַלע שפּראַכיקע חידושים פון דעם סאַטאַנאָווער אין זײַנע העברעישע ווערק און עס ווערט אָנגעוויזן ווי גרויס עס איז די השפּעה פון דעם סאַטאַנאָווערס העברעיש אויף דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון העב־רעיש ביז צו מענדעלע מוכר־ספרים.

[3] מיר גיבן איבער אַלע ציטאַטן אין מאָדערניזירטן אויסלייג. דעם סאַטאַנאָווערס אויס־לייג איז ביז גאָר אינטערעסאַנט: ער מיט זיך צו שרײַבן אַזוי ווי מע רעדט אויף זײַן דעמאָלטיקן פּאָדאָליער לשון.

[4] די דיאַלעקטישע פאָרעם פאַר צווישן.

בשערים בעלה" (לא, 23); עס וועלן זי באַרימען אין אַלע שטעט אירע גוטע מעשׂים פאַר די לעצטע ווערטער פון משלי: „ויהללוה בשערים מעשיה". הכּלל, מיר האָבן דאָ צוויי מאָל די בראַמען, איין מאָל אויף דער גאַס, איין מאָל צווישן לייט, איין מאָל אויף דער וועלט, איין מאָל אין אַלע שטעט. יעדער מאָל באַזונדער ווערט אויסגעקליבן דאָס וואָרט וואָס פּאַסט זיך צו דער וועלט פון דעם פּשוטן לייענער אין זיין צייט און צום ריטעם פון דעם יידישן זאַץ.

מיר ברענגען נאָך אַזעלכע כאַראַקטעריסטישע פּרייע טייטשן. צוויי מאָל טרעפן מיר אין משלי „נזם זהב" (יא, 22 און כה, 12); איז איין מאָל ווערט פון נאָזרינג אָדער פון גרויסן אוירינג אַ גילדענע קייט („כי נזם זהב באף חזיר אשה יפה וסרת טעם" — אַ גילדענע קייט אויף דער נאָז פון אַ חזיר אזוי איז אַ שיינע אשה מיט שלעכטע מידות) און דאָס צווייטע מאָל אַ גיל־דענע אויבל („נזם זהב וחלי כתם" — אזוי ווי אַ גילדענע אויבל[5] אויף אַ פיינער קייט). פון קיין נאָזרינגען האָט מען ניט געוווּסט אין דעם געוויינטלעכן אָרום און אויך ניט פון משונהדיקע גרויסע אוירינגען, האָט דער סאַטאַנאָווער זיך צוגעפּאַסט צו די בילדער וואָס מע וועט גרינג באַנעמען: אַ גילדענע קייט, אַן אויבל אויף אַ קייט. ניט אין פּאָדאָליע, ניט אין מזרח־גאַליציע האָט מען געוווּסט פון מישגעטראַנק, בכן אַז עס קומט צום וואָרט „ממסך" — גיט זיך דער סאַטאַנאָווער אַ פּשוטע עצה: משקה (כג, 30). אַזוי איז דער סאַטאַנאָווער זיך אויך נוהג ווען עס קומט צום ווערב „מסכתי"; אין ט, 5 לייענען מיר „לכו לחמו בלחמי ושתו ביין מסכתי" — און אין דער איבער־זעצונג געפינען מיר: קומטס, עססט מיינע קעסט און טרינקט פון דעם וויין וואָס איך האָב אליין געשטעלט. אַן אַנדער מאָל איז עס פּשוט אַ פּאַראייג־פּאַכונג: „נפת" ווערט ניט פאַרטייטשט טריפיקער האָניק אָדער האָניקזאַפּט, נאָר איינפאַך — צוקער, וואָרעם דאָס וואָרט האָניק איז שוין אויסגעניצט געוואָרן אין דעם זעלביקן זאַץ (כד, 13); דאָס זעלביקע געפינען מיר אין כז, 7: „נפש שבעה תבוס נפת" — אַ זאַט געמיט וואַרפט זיך מיט צוקער; און דער פּסוק ה, 3 „כי נפת תטפנה שפתי זרה וחלק משמן חכה" באַקומט אַזאַ אידיאָמאַטיש־יידישן פּרצוף: ווי זיי טריפן אזוי מיט צוקער די ליפן פון אַ פרעמדער, גלאַט ווי אַ פּוטער איז איר גומען. צוליב דעם פּאַלקספּאַרגלייך גלאַט ווי פּוטער איז פון שמן געוואָרן — פּוטער. דאָס וואָרט „זרה" האָט גלאַט אָפּ־געשניטן: סתם פרעמדע, אָבער וואָס טוט ר' מענדל מיטן וואָרט „נכריה"? איין מאָל איז זי פּשוט אַ פרעמדע (ו, 24), אַ צווייט מאָל ווידער אַ פרעמדע (כז, 13), דערפאַר אָבער אַ דריט מאָל אַ פרעמדע נקבה („ובאר צרה נכריה", כג, 27 — אַ קערניצע פון שלימזל איז אַ פרעמדע נקבה) און אַ פערט מאָל קומט שוין גאָר אַריין דער מגושמדיקער שטייגער: „ולמה תשגה בני בזרה ותחבק חק נכריה" (ה, 20) — וואָס זשע מוזסטו דיך דווקא נאַריש מאַכן מיט אַ פרעמדער, זאָלסט אַרומנעמען דעם בוזעם פון אַ פייערטע.

---

[5] אין טעקסט: נוֹביל.

מיר זעען דאָ קלאָר און בולט אַז עס איז ניט געגאַנגען דעם רעוואָלוציאָנערן איבערזעצער אין איבערגעבן די טײַטשן פון די ווערטער. ער האָט פּאַראַפראַזירט, ער האָט אידיאָמאַטיזירט, ער האָט שטעלנווײַז זיך געשפּילט מיט גרייטע פאָלקספאַרגלײַכן און מיט פּאַרטיקע אויסדרוקן פון זײַן ייִדיש־ריידנדיקן אַרום. ער האָט אפילו געקאָנט זײַן גראָבלעך. אַנשטאָט טהרת הלשון וואָס איז אַזוי טײַער דעם משׂכּיל שוין פון זײַן דור, האָט דער סאַטאַנאָווער אײַנגעפירט אַן אַנדער טהרה: די געטרײַשאַפט צום לשון פון דעם פּשוטן ייִד און אָפּט אפילו דעם גופישן, דעם דאָרפישן ייִד. האָבן מיר פאַרן וואָרט זונה ניט דאָס בײַהילפיק זײַן זיך מיט דעם זעלביקן וואָרט; דאָס טרעפט זיך נאָר איין מאָל, ווען מע דאַרף עס צו דער קלאַנגיקייט פון זאַץ: אזוינער וואס האט ליב זונות (כט, 3); אַן אַנדער מאָל ווערט געניצט דאָס וואָרט וואָס קלינגט גראָבער — נפקא (כג, 27) און אין צוויי ערטער פאַרן אַדיעקטיוו נאָך גראָבער — הורישע נקבה (ו, 26) און הורישער טול (ז, 10).

אוודאי איז גרינג אַזאַ מין פרײַקייט אין לשון אָפּצושפּעטן און מאַכן חוכא וטלולא פון אַזאַ איבערזעצן. טוביה פעדער האָט אין זײַן באַרימטער סאַטירע אויף דער איבערזעצונג פון משלי, אין זײַן קול מחצצים, גאָרניט גערעדטן אויסגעקליבן די שטעלן אויף אָפּצולאַכן. ער האָט דער עיקר גענומען עטלעכע פּסוקים וואָס ווערן פאַרטײַטשט מיט האַמעטנע סלאַוויזמען פון דעם מארק־לשון. ער וואָלט געקאָנט געפינען גענוג אויסדרוקן וואָס אַפילו פאַר אונדזער פרײַערן געשמאַק (אָבער איז טאַקע אונדזער געשמאַק פרײַער?) זײַנען זיי מחוץ דעם גדר פון דעם וואָס מע מעג זיך ריכטן אין אַן איבערזעצונג פון אַ בוך פון תּנך. ישראל צינבערג זעט אין דעם אַ קאַמף קעגן רעליגיעזן שטעמפּל, „וואָס ווערט אַרויפגעלייגט אויף אַלץ וואָס געפינט זיך אויף דער ייִדישער גאַס".[6] אָבער עס איז קוים ריכטיק צו באַטראַכטן מענדל סאַטאַנאָווער ווי אַ קעמפער פאַר אַפּיקורסות, זײַן וועלטלעכקייט איז געווען פון אַן אַנדער שניט. דאָ איז אָבער פאַראַן אַ בפירושער קאַמף, אַ ביודעימדיקער געראַנגל אַרײַנצוברענגען דאָס פאָלקס־לשון אין דער ליטעראַטור אַרײַן, דאָס פאָלקס־לשון מיט זײַן גאָרער אומגעשליפנקייט און מיט זײַן עכטער, נאַטירלעכער, אומאויסגעאיידלטער צורה. מענדל סאַטאַנאָווער האָט דאָס לשון דאָס גערעדטע — פון שטוב און פון בית־מדרש (ער האָט זייער אַ סך גאַנץ שווערע און זעלטענע העברעיִזמען!), פון קראָם און פון וואַרשטאַט, פון די מערק און די הינטערגעסלעך, דאָס לעבעדיקע און צאַפּלדיקע לשון פון זײַנע פּאָדאָ־

---

[6] ד"ר ישׂראל צינבערג, די געשיכטע פון דער ליטעראַטור בײַ ייִדן, ב׳ VIIב, ז׳ 257. זען בכלל די זז׳ 253—267. ווען מען האָט אין זינען אַלע ווערק פון דעם סאַטאַנאָווער, אַפילו זײַן פראַנצייזישע בראָשור וועגן רעפאָרמען, זעט מען אַז ער האָט זיך ניט פאַרנומען מיט באַקעמפן דעם ייִדישן דת און אויך ניט מיט רעפאָרמירן אים, נאָר זײַן קאַמף איז געווען קעגן חסידות. ער איז משמעות געווען דער ערשטער וואָס האָט אָנגעשריבן אַ בראָשור קעגן חסידים און האָט משפּיע געווען אַז זײַנע פרײַנד און תּלמידים, צווישן זיי אויך יוסף פּערל, זאָלן קעמפן קעגן דער חסידישער באַוועגונג.

ליער יידן — אַרייַנגעפֿירט דורך זייַנע איבערזעצונגען אין דעם פֿאַראַדנעם גאַסטצימער. עס שטעקט אין דעם אַ פּרינציפּיעלער שפּראַכיקער פֿאָלקיזם. עס איז דאָ פֿאַראַן אין לשער מוט און דערוועגטקייט. אַ פּיסקאַטע איז זי, אַ בעסטיע — קען זיך זאַפּטיק און בייזלעך אַ זאָג טאָן אַ ייִד וועגן זייַן אייגענער אָדער אַ פֿרעמדער ייִדענע. איז אַזוי, דווקא אַזוי פֿאַרטייַטשט דער סאַטאַנאָווער די ווערטער פֿון משלי „הומיה היא וסררת״ [7] (ז, 11).

מענדל סאַטאַנאָווער ווייסט יאָ פֿון דעם חילוק צווישן דעם גערעדטן לשון און דער שפּראַך דער ליטעראַרישער.[8] אָבער ער גייט בכּיוון אויף אַ נייַעם דרך. ער איז בפּירוש המוניש. אָבער דער עיקר באַשטייט די שייַנקייט פֿון זייַן לשון אין דעם וואָס עס פֿליסט אַזוי גלאַט, וואָס מע פֿילט ניט אַז מע האָט דאָ פֿאַר זיך אַן איבערזעצונג. זייַן לשון גייט אויף ביידע נאַטירלעכע פֿיס, אָן די שטאָלצן פֿון אַ מתורגמן. אין זייַן לשון איז פֿאַראַן נאַטירלעכער ריטעם, די שטראָמיקייט פֿון אַ בעל־דרשער, די שפּרודלדיקייט פֿון אַ ייִדענע מיט אַ מענה־לשון. האָבן מיר כּסדר ווערטלעך און אידיאָמען. כּסיל איז ניט סתּם אַ נאַר, נאָר אַן אָפּגעריסענער נאַר, און רשע איז ניט אַזוי זיך אַ בייזער צי גאָר פּשוט אַ רשע, נאָר אַ הולטייַ, רשע וחוטא — איז אַ הולטייַ און אַ בעל־עבֿירה; רעה איז שלימזל, לץ איז אַ בלאָזן און כּסדר אַזוי. עס קומען אַרייַן געשטאַלטן פֿון דער אַרומיקער סבֿיבֿה. און שלמה המלך רעדט ווי אַ ייִד אַ בעל־הבית אָדער אַפֿילו ווי אַ ייִד אַ פּראָסטאַק פֿון סאַטאַנאָוו אָדער פֿון מיקאָלאַיעוו. און אָט רעדט אַ שיכּור (כג, 35): מע האָט מיך געשלאָגן — איך האָב נישט געפֿילט, מע האָט מיך צעהרגעט — איך האָב גאָרנישט געדענקט; איך וואָלט מיך שוין גערן אויסגעניכטערט, איך זאָל שוין קענען ווידער גיין צום שענקער. עס אַרט ניט דעם איבערזעצער אַז אין אָריגינאַל איז קיין שענקער ניטאָ.[9]

דאָס אַרייַנברענגען סלאַוויזמען איז נאָר אַ קלייַנער טייל פֿון דער פּראָגראַם וואָס דער סאַטאַנאָווער האָט זיך געשטעלט. ער האָט געשטרעבט צו וואָס מער נאַטירלעכקייט פֿון גערעדטן לשון. און ער האָט די דאָזיקע פּראָגראַם באמת אויסגעפֿירט. אָט האָט איר אַ בינטל זאַצן און פּראָזעס:

שלים־שלימזל וועט אויף אייַך קומען; ביזן גרויסן טאָג אַרייַן; קעגן אַ פֿינצטערער, אַ וויסטער נאַכט; הולטייַעס האָבן אויסגעקוקט דערויף; פֿלאָנטעט מיט דער צונג; האָט נישט קיין באַשטאַנד; צו אַ שלימזלניק נעבעך זאָגט זי אַזוי; עס בלייַבט אַ רוח דערפֿון; אַז מע ברעכט נאָר איבער די תּאווה; ער האָט ס׳געגנאַר אויס זייַן באַשעפֿער; אים אָפּטאָן אַזוי ווי ער האָט געטאָן; דו וועסט האָבן אַ תּכלית דערפֿון; וואָס דו ווינטשסט דיר וועט ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן.

---

[7] נאָר דאָ ברענגען מיר אַ פֿאַרגלייַך מיט אַן אַנדער איבערזעצונג, מיט יהואשעס תּרגום: רוישיק איז זי און אויסגעלאַסן.

[8] זען זייַן הקדמה צו דער איבערזעצונג פֿון תּהילים, אָפּגעדרוקט פֿון אַ כּ״י אין קרית ספר, ט״ז, זז׳ 129־130.

[9] דער פּסוק ענדיקט זיך: „אוסיף אבקשנו עוד״.

דאָס זײַנען בלויז געציילטע דוגמאות. כּמעט אַלע פּסוקים פֿאַרמאָגן אין זיך דאָס זאַפּטיקע און צאַפּלדיקע פֿון דעם פּאָדאָליער און מזרח־גאַליציאַנער לשון סוף 18טן און אָנהייב 19טן יאָרהונדערט. די איבערזעצונג איז ממש אַ שפּייכלער פֿון אידיאָמאַטיק און אַן אוצר מיט פֿאָלקסווערטער. פֿאַר דעם גרויסן ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך איז עס אַן ערשטקלאַסיקער מקור. פֿאַר די אַלע וואָס זײַנען פֿאַראינטערעסירט אין שטודירן לעקסיק און גראַמאַטיק, אַפֿילו פֿאַר די וואָס זײַנען דער עיקר פֿאַרנומען מיט פֿאָנאָלאָגיע, מיט שטודירן דיאַלעקטן איז די איבערזעצונג אַ קוואַל שווער אויסצושעפּן. אָבער זי האָט נאָך אַ גרעסערע מעלה: יעדער ייִדישער לייענער אויך פֿון אונדזער דור קען זי לייענען גרינג, מיט הנאה, זיך לאָבן און זיך קוויקן מיט איר זאַפּטיקייט.

## צוגאָבן צו „שמועסן וועגן העברעיִש־ייִדיש און ייִדיש־העברעיִש”

### פֿון יהודה עלזעט

צו די „שמועסן וועגן העברעיִש־ייִדיש און ייִדיש־העברעיִש”, געדרוקט אין ייִדישע שפּראַך, אין די ערשטע צוויי נומערן פֿון דעם איצטיקן באַנד XVI, איז נייטיק צוצוגעבן אַזעלכע הוספֿות:

א. צום סוף פֿון קאַפּיטעלע א, אויף ז׳ 2:

דער אויסדרוק איז אָבער געווען גוואַלדיק פּאָפּולער ממש בכל תּפֿוצות ישׂראל, ווי מיר וועלן באַלד זען. חיים הזז אין זײַן דלתות נחושת (תּל־אָביב, תּשט״ז, ז׳ 48) גיט אונדז איבער ווי עס ריידן ייִדן אין אוקראַיִנע. ער דער־ציילט דאָרטן: הערשל פּריביסקער, וואָס לעבט שוין לאַנג אַוועק פֿון זײַן פּרוי, היים און הויז, רעדט זיך אָפּ ס׳האַרץ פֿאַר ר׳ שׂמחהן, אַז ער איז נעבעך אַ זינדיקער מענטש, פֿול מיט עוונות. ר׳ שׂמחה ענטפֿערט: „חי, חי... פּלג־גוף... השׂטן מתגרה בך”. און אָט שרײַבט דוד לבני־ווײַסבאָרד וועגן ווילנער ייִדיש אין זײַן בוך ירושלים דליטא (צווייטער טייל, תּל־אָבֿיבֿ, תּר״ץ, ז׳ 131): „מיכל עכבר רוק הוא... כּל־זמן שהוא פּלג־גופֿא חוקרים, שואלים ודורשים”.

ב. צום סוף פֿון קאַפּיטעלע ב, אויף ז׳ 4:

און דאָך — הגם מיר הערן כּסדר אַז דער מאַן אַן אַ פֿרוי איז ניט קיין אָדם שלם, האָבן מיר דערווײַל נאָך ניט אָנגעוויזן קיין מקור פֿאַר דעם אַז ער איז אַ האַלבער מענטש, אַ פּלג־גוף.

ר׳ יהודה־אַריה די־מאָדענאַ, אין אַ שיר לכּבֿוד אַ חתן, אין זײַן דיוואַן (פֿאַרעפֿנטלעכט פֿון אַ כּתבֿ־יד דורך ד״ר שמעון בערנשטיין, פֿילאַדעלפֿיע, תּרצ״ב, ז׳ 178), שרײַבט וועגן דעם חתונה־טאָג: „יום מפּלג־גופֿא... נעשׂה שלם”. ד״ר לוי גינצבורג האָט אין זײַנע הערות צום דיוואַן (געדרוקט אין *HUCA*, ב׳ XV, סינסינאַטי, 1940, סוף ז׳ ו) געזאָגט אַז אין דער גמרא יבֿמות,

סב־ב, סג־א, שטייט אַז קודם א מענטש האָט חתונה איז ער אַ פּלג־גוף. דאָס איז אָבער ניט ריכטיק. אין דער גמרא און אין מדרש הייסט עס נאָר אַז דער ניט־חתונה־געהאַטער איז ניט קיין אָדם שלם, און פון דעם ביז פּלג־גוף איז אַ ווייטער מרחק. ד״ר ל. גינצבורג האָט דאָ געמוזט שרייבן פון זכרון, וואָס קען פאַרפירן אפילו אַזאַ פענאָמענאַלן געלערנטן.

חיים יוסף דוד אזולאי (חיד״א) שרייבט אין זיין ווערק עבודת הקודש, חלק „צפורן שמיר", סימן קפ״ג (ירושלימער אויסגאַבע פון תר״ז; פריערדיקע אויסגאַבעס: ליוואָרנאָ, תקמ״ב; שקלאָוו א״אַ), אַז אַ מענטש זאָל ניט שעלטן זיין ווייב, ווייל ער שעלט דאָך נאָר זיך אַליין, „כי הוא פלגא דגופא". אויך ער גיט ניט אָן קיין מקור.

איך האָב שוין באַלד געוואָלט חושד זיין אַז דער ווענעציאַנער רבֿ די־מאָדענאַ האָט דעם אויסדרוק געלערנט פון די „יידישע" יידן וואָס האָבן דע־מאָלט כמעט דאָמינירט די יידישע קהילה אין ווענעציע (זען ד״ר מ. אַ. שול־וואַס, חיי היהודים באיטליה בתקופת הרינֵיסאנס, ניו־יאָרק, תשט״ו, זז׳ 207 א״וו, קאַפּיטל „הספרות האידית"). אויך דעם פילזייטיקן געלערנטן און אנאָ־טאַטאָר פון זוהר חיד״א האָב איך געוואָלט חושד זיין, אַז ער האָט דעם אויס־דרוק גענומען פון די אשכּנזים אין ירושלים אָדער פון זיינע נסיעות איבער אשכּנזישע לענדער. האָב איך אָבער געהערט פון הרבֿ הראָשי, ראשון לציון, ר׳ יצחק נסים, אַז אין בבל, פון וואַנען ער קומט, איז עס אַן אַלגעמיין באַ־קאַנטער און גוט באַוווּסטער אויסדרוק. איז מיר קלאָר געוואָרן אַז אין א סך — און אפשר אין אַלע — יידישע לשונות (וואָס ווייסן מיר פון זיי?!) האָט דאָס פאָלק אונדזערס אויפגעכאַפּט אָט דעם אויסדרוק, ווייל עס האָט צו אים אַפּעלירט. עפּעס האָט דער געדאַנק, אויסגעדריקט אין צוויי ווערטער פון אַראַמעיִש, אַריינגעטראָפן ממש אין פינטל אריין.

דאָך פון וואַנען האָט מען עס גענומען? אַז מע זוכט — געפינט מען. ניט געקוקט דערויף וואָס אַזאַ גוטער פאָרשער און קענער פון פאָלקסאויסדרוקן ווי י. ח. טביוב זאָגט אין דעם מבוא צו זיין אוצר המשלים והפתגמים (ז׳ 30, הערה 1): „אפילו מן הזוהר הקדוש לא זכה שום מאמר להיות לדיבור שגור", איז דאָך דער פּלג־גוף גענומען ניט פון ערגעץ אַנדערש ווי פון דער זוהר־ליטעראַטור. מיר ברענגען דאָ דריי שטעלן מיט אָט דעם אויסדרוק.

(1) זוהר, ויקרא, ז׳ ה־ב, דדכר בלא נוקבא פלג גופא אקרי. עס זעט אויס אַז דער אויסדרוק איז שוין געווען באַקאַנט פאַרן זוהר, דעריבער שרייבט ער ניט „פלג גופא הוה", נאָר „אקרי". דער זוהר טייטשט אויס אַלעגאָריש, ווי ער טוט מיט אַ סך באַקאַנטע שפּריכווערטער און ווערטלעך. ווען יידן זיינען אין גלות און גאָט איז אין הימל, איז עס ווי א פונאַנדערגעבראָכן פאָרפאָלק; ערשט ווען כּביכול וועט זיך ווידער פאַראייניקן מיט דער כּנסת־ישׂראל, ווערט גאַנץ דאָס מלכות־פּאָר, דער מלך מיט דער מטרוניתא, און עס וועט זיין אחד. עס איז א פּאַראַלעל צו קודשא בריך הוא, ישׂראל ואורייתא חד (זוהר, אחרי, ז׳ עג־א; אָנווייזונגען: ניצוצי זוהר, אות ה׳; תיקוני זוהר, ס־ב; דאָרטן

ווערט געגעבן די פֿאַרבינדונג צווישן ישראל — די קנויט, תּורה — דער בוימל, כּביכול — דער פֿלאַם).

(2) רעיא מהימנא, בהר, ז׳ קט־ב: דבר־נש בלא אתתא פלגו גופא איהו. דאָס ווערט ווידער געגעבן ווי אַ משל וועגן גאָט און דער שכינה = ישׂראל. עס רעדט זיך וועגן לעבן אין ארץ־ישׂראל. כל הדר בחוצה לארץ דומה כמי שאין לו אלוה; ערשט נאָך דער צוריקפֿאַראייניקונג — והיה ה׳ אחד ושמו אחד.

(3) אדרא זוטא, האזינו, ז׳ רצו־א: מאן דלא אשתכח דכר ונוקבא אקרי פלג גופא. דעריבער איז דער טאָג שבת אַזוי געהייליקט, ווײַל עס קומט פֿאַר די אידעאַלע פֿאַראייניקונג פֿונעם מלך, הקב״ה, מיט דער מטרוניתא, שבת מלכּתא, און עס קומען דעמאָלט אַלע ברכות.

ניט בחינם זאָגט מען: אַ יידיש ווערטל איז אַ תּורה.

די פֿאָלקשפּראַך (און אפשר אונדזערע פֿאָלקשפּראַכן) האָט דעם אויסדרוק פֿון צוויי ווערטער אַרויסגעראַטעוועט פֿון בערג ווערטער, געמאַכט פֿון דעם אַן אייגנס פֿאַר אַ נוץ און פֿאַר אַ צירונג באַגלײַך. דער וואָס ציטירט ווערט אַ שותּף צום מחבר, פּסקנט עמערסאָן. דער וואָס אַדאַפּטירט און היט אויף איז אַוודאי אַ שותּף. האָט די פֿאָלקשפּראַך פֿאַרשפּרייט דעם אויסדרוק, אים אויפֿגעהיט. און פֿון דאָרטן איז דער אויסדרוק צוריק אַרײַן אין דער ליטעראַטור.

ג. צום צווייטן טייל פֿון דער אַרבעט, געדרוקט אויף די ז״ז 44—54, נאָך די ערשטע צוויי שורות אויף ז׳ 49.

מיר קענען דאָ ניט אויסשעפּן דעם ענין און האָבן ניט בדעה צו ברענגען אַלע אויסדרוקן און ווערטלעך, וואָס יידיש האָט געשאַפֿן פֿון העברעיִשע באַשטאַנדטיילן אָדער האָט צוגעגעבן אַ נײַעם באַטײַט. מיר שטעלן זיך אָפּ בלויז אויף נאָך דרײַ.

שכל־הישר. דאָס זײַנען צוויי כּשרע העברעיִשע ווערטער, אָבער צוזאַמענגעפּאָרט האָט זיי יידיש. גור ברענגט לגמרי ניט די דאָזיקע פֿאַרבינדונג. אבן־שושן פֿאַרצייכנט זי יאָ אָן שום אָנווייַז אויף דעם אָפּשטאַם פֿון אויסדרוק.

מושכּל־ראשון. אין דער מיטל־עלטערלעכער יידישער פֿילאָסאָפֿיע איז עס דער טערמין פֿאַר אַקסיאָם, הנחה שאינה צריכה ראיה והוכחה. אויף יידיש באַטײַט עס אָבער: דער ערשטער אײַנפֿאַל, אין פֿלוג. דאָס שפּריכוואָרט זאָגט: דער מושׂכּל־ראשון איז אַ רוח הקודש. ווי אַ שטיקל אָנשפּאַר צום שפּרוך האָט געקאָנט דינען דער מאמר פֿון ר׳ יוחנן: השכים ונפל פסוק בתוך פיו הרי זו נבואה קטנה (ברכות, נז־ב).

יוצא־דופן. פֿאַראַן אַ גאַנצער פּרק אין מסכת נידה וואָס הייסט אַזוי. דאָרטן רעדט זיך וועגן אַ קינד וואָס ווערט געבוירן דורך אַ קייזערשניט. אין יידיש (זען טביוב, היסודות העברים בזארגון, ז׳ 240) האָט מען עס אויפֿגענומען צו באַצייכענען אַ מענטשן אָדער אַ זאַך צי אַ געשעעניש וואָס איז אַרויס פֿון דעם נאָרמאַלן סדר. דעם ערשטן פּשט ווייסן נאָר לומדים. גור גיט אָן דעם מקור אין אַ משנה אַזש אין בכורות און פֿאַרטײַטשט: „ולד בהמה שהוציאוהו מתוכה על ידי פתיחת הבטן״. דאָס איז ניט ריכטיק, וואָרעם אין דער משנה רעדט זיך

בפירוש וועגן אַ מענטשלעך קינד, צי עס האָט דעם דין פון אַ בכור. דערנאָך גיט גור דעם מאָדערנעם באַטײַט פון אויסדרוק. אין זײַנע פוסטריט גייט אבן־שושן, מיט דעם זעלביקן מקור פון בכורות און מיט דעם ניט־פּינקטלעכן טײַטש. ער שטעלט אָבער דעם מאָדערנעם באַטײַט ווי דעם עיקר. ביידע אָבער מאכן זיך ניט וויסן אַז אין העברעיש זײַנען די ווערטער פאַרשטאַנען געוואָרן דירעקט, לויטן ערשטיקן באַטײַט, בעת אין יידיש איז פון דעם געוואָרן אַן אידיאָמאַטישער אויסדרוק. און ערשט פון יידיש איז דער אידיאָ־מאַטישער באַטײַט צוריק אַרײַן אין דער מאָדערנער העברעיִשער שפּראַך, אין דעם צײַטונג־לשון, אין דער ליטעראַטור.

# צאינה־וראינה־ווערטער

## פון מענדל מאַרק

לעצטנס איז מיר אויסגעקומען צו באַארבעטן מײַן באָבעס צאינה־וראינה פאַרן „גרויסן ווערטערבוך פון דער יידישער שפּראַך". איך האָב אויסגעשריבן הונדערטער אַלטע יידישע ווערטער, וואָס ווערן איצט כמעט ווי ניט גענוצט און וואָס זײַנען פאַרגעסן און פאַרלאָרן פאַר דער יידישער שפּראַך. ווי מוס־טערן ברענג איך דאָ אַ רשימה ווערטער, וואָס וועלן זיכער זײַן אינטערעסאַנט פאַר די לייענערס פון יידישע שפּראַך און וועלן אפשר אויך באַרײַכערן זייער שפּראַך. איך האָב געאַרבעט אויף אַ צאינה־וראינה, אַן אויסגאַבע פון האלמנה והאַחים ראָם, פון יאָר תרל"ב (הוצאה ט"ז).

אוועקצוקן, טראַנז' וו' — אַוועקכאַפּן, צוכאַפּן. „הקב"ה צוקט אַוועק עטלעכע עבירות אויס דאָס וואָגשאָל... דאָס די זכיות וועגן אריבער די עבירות" (כי תשא); „און [שאול] וואר איין ביישן, ער שעמט זיך צו צוקן איין מויד" (נשא).

אויסהאַבן, טראַנז' וו' — ענדיקן. „האָט זיך ניט דאַרפן אויפריכטן ביז ער גאַנץ שמונה עשרה אויסגעהאָט" (הפטרת יתרו).

אויסזײַן, טראַנז' וו' — פאַרענדיקן. „לאָזן מיר די קריג אויסזײַן" (לך לך).

אויפטאָן, טראַנז' וו' — עפענען. „ווען זיי מעכטן איר האַרץ אויפטאָן תשובה צו טאָן" (הפטרת יתרו).

אומגעוועגדט, אַדי' — פאַרקערט, להיפך. „מיר געפינען אומגעוועגדט, דאָס די ווײַבער פון די שׂרים און אנדערע רײַכע לײַט די גייען פיל שווערער צו קינד" (בראשית).

אומגעפער, אַדוו' — פון זיך אַליין, אומגעריכט. „ער זאָל ניט זאָגן, דאָס איז אַזוי געשען אומגעפער, ער זאָל זאָגן דאָס איז איין חסד פון הקב"ה" (בחוקותי).

אומטראַכטערין, סובסט' — אַ פרוי וואָס קאָן ניט האָבן קיין קינדער, אַן עקרה. „איין פרוי איין אומטראַכטערין דאָס געווינט קיין קינדער" (הפטרת נח).

אונטערלענען, טראַנז' וו' — אונטערהאַלטן, שטיצן. „דען איך גאָט וועל שטאַרקן

און העלפֿן און אונטערלענען דיך מיט מײַן רעכטער האַנט פֿון גערעכטי־
קייט" (הפטרת לך לך).

איבערהאַרבריקן, אומטר' וו' — איבערנעכטיקן, שטיין אויף אַן אַכסניא (פֿון
וואָרט האַרבריק: אַכסניא). „ווײַל (כאָטש) איך האָב זעקס קינדער, דאָ וועט
דער מאַן אַלץ בײַ מיר איבערהאַרבריקן" (ויצא).

איבערפֿאָרן, טראַנז' וו' — עובר זײַן. „אויף דרײַ מצוות זאָל זיך דער מענטש
לאָזן דערשלאָגן, איי ער זאָל זיי איבערפֿאָרן" (אַחרי מות).

איידלען זיך, אומטר' וו' — זיך גרייסן, זיך איבערנעמען מיטן ייחוס. „זיי
וואָרן זיך איידלען, כּלומר זיי בראַכטן אירע ייחוס־בריוו" (במדבר).

אייטל, אַדוו' — כּולו, אין גאַנצן, דורכויס. „די תּורה איז דאָך אייטל מצוות
פֿון גאָט" (בראשית).

אַכטן זיך, אומטר' וו' — נעמען אין אַכט עפּעס צו טאָן, זיך פֿאַרנעמען, זיך
אונטערנעמען. „נח האָט זיך מצער געווען, וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין
קליין זון... אַז איך וועל אַרויסגיין פֿון דער תּיבֿה, דאָ וועל איך זען און
וועל מיר אַכטן איין קליין זון" (נח).

אַלע וועגן, אַדוו' — בכל־אופֿן. „אָבער אַלע וועגן האָט דער מענטש ניט דאַרפֿן
עסן פֿלייש" (בראשית).

אַלע צײַט, אַדוו' — שטענדיק, תּמיד. „הקב"ה זאָגט: איך האָב יעקבֿ אַלע צײַט
ווויל באַהיט מיט דעם מלאך" (הפטרת ויצא).

אַנגסטן, אומטר' וו' — מורא האָבן, זיך שרעקן. „און דו זאָלסט זיך ניט פֿאַרכטן,
מײַן קנעכט יעקבֿ, און דו זאָלסט ניט אַנגסטן" (הפטרת בא).

אַנטרינער, סובסט' — אַנטלאָפֿענער, זיך געראַטעוועטער, פּליט. „און האָסט
געוואָלט פֿאַרשנײַדן די אַנטרינער פֿון ישׂראל" (הפטרת וישלח).

אָנשטעלן זיך, אומטר' וו' — מאַכן אַן אָנשטעל. „איך האָב מיך אָנגעשטעלט
גלײַך אַז איך האָב אויך פֿון אים ברויט גענומען" (הפטרת לך לך).

אָפּגיין, אומטר' וו' — פֿעלן, אויספֿעלן, ווייניקער זײַן. „פֿילײַכט וועט אָפּגיין
פֿון די פֿופֿציק פֿינף" (וירא).

אַקערמאַן, סובסט' — ערדאַרבעטער, פּויער. „דער אַקערמאַן ווערט גאָר פֿיל
תּבֿואה שנײַדן" (הפטרת אַחרי).

באַדעקט, אַדי' — פֿאַרשטעלט, ניט־דירעקט. „מע זאָל איין בייזע שמועה
באַדעקט זאָגן" (מקץ).

באַהענד, אַדוו' — פֿריער, פֿאַרגעכאַפּט, פֿלינק, געשיקט. „דרום איז דאָס
מלכות פֿון עשׂו געווזן באַהענד פֿיר הונדערט און פֿופֿציק יאָר איי דאָס
מלכות פֿון ישׂראל" (וישלח); „דאָ האָט דער מלאך מוזן באַהענד שרײַען,
דען אבֿרהם איז גאָר געשווינד געווען צו שעכטן יצחק" (וירא); „שם, דער־
ווײַל ער איז פֿריש און באַהענד געגאַנגען און האָט צוגעדעקט דעם פֿאָ־
טערס שאַנד" (נח).

באַקענען, אומטר׳ וו׳ — מודה זײַן, צוגעבן. „דער סדר איז פֿון די צדיקים זיי באַקענען אויף אירע עבירות און טוען תּשובֿה״ (מקץ).

באַשיידלעך, אַדוו׳ — קלאָר, דײַטלעך, אויסדריקלעך, בפּירוש. „דאָ האָבן נון די ווײַבער געזען באַשיידלעך, דאָס זי פּיל מילך האָט״ (לך לך).

באַשעפֿנס, סובסט׳ — באַשאַפֿונג. „ווען דער מענטש טוט אַפּשערן זײַן באָרד, דאָ וויל ער פֿאַרענדערן די באַשעפֿנס פֿון גאָט״ (קדושים).

ביטערן, טראַנז׳ וו׳ — פֿאַרביטערן, ביטער מאַכן, פּייניקן. „ער מוז זײַן גוף ביטערן מיט תּעניתים און אַנדערע פּײַן״ (אמור).

בילדלעך, אַדוו׳ — בפּירוש. „רבֿה זון חנה זאָגט בילדלעך: דאָס ים האָט אויסגעוואָרפֿן איין גרויסן פֿיש, דאָ האָבן זעכציק שטעט געגעסן דערפֿון״ (בראשית).

בילך, אַדי׳ — פּאַסיק, ראָווי, ווערט, כּדאַי. „עס איז ניט בילך איין ברכה צו מאַכן אויף דעם ווײַן, ווײַל פּיל בייז קומט פֿון ווײַן״ (נח); „זוי האָבן זיי שרה געלויבט מיט שיינהייט, זי איז בילך צו דעם מלך״ (לך לך); „דען הקדוש ברוך הוא האָט חם געבענטשט... דרום איז ניט בילך געוועזן אַז מען זאָל אים פֿלוכן״ (נח).

בענטשער, סובסט׳ — דער וואָס בענטשט. „דײַן בענטשער זאָל זײַן געבענטשט״ (תּולדות).

גײַן, אומטר׳ וו׳ — שטיין געשריבן ווײַטער, עס זאָגט זיך ווײַטער. „די גמרא גייט: רבי חנינא זאָגט, ווארום איז געגליכן די תּורה צו וואַסער?״ (הפֿטרת נח).

גלײַך, אַדוו׳ — (1) אַפֿילו. „מײַנע קינדער ווערן געוויס האָבן דאָס לאַנד, ווען זיי גלײַך עבֿירות טאָן אָדער ווען גלײַך די נכרים ווערן תּשובֿה טאָן״ (לך לך); (2) ריכטיק, גערעכט. „נײַערט ווײַל דו האָסט גלײַך גערעדט, דאָ זאָלן מײַנע קינדער ישראל אַלע ראָש־חודש מײַן קרבן ברענגען״ (בראשית).

געבירד, סובסט׳ — געבורטלאַנד; געשיכטע פֿון דורות, תּולדות. „אַבֿרהם איז געגאַנגען אויס זײַנעם לאַנד, פֿון זײַן פֿאָטער און מוטערס געבירד צו פֿאַר־לאָזן״ (נח); „דאָס זײַנען די געבירד פֿון יצחק״ (תּולדות).

געדריט, אַדי׳ — פֿאַרבונדן מיט דער צאָל דרײַ, האָט אַ שײַכות צו דרײַ, גע־כּפֿלט אויף דרײַ. „אַלץ וואָס דאָ איז געדריט איז שוואַך״ (וישלח).

געהערן, אומטר׳ וו׳ — באַדאַרפֿן, מוזן. „ווײַל די נבֿיאים האָבן אײַך פֿריער אָנגעזאָגט, זוי געהערט איר פֿרום צו זײַן״ (הפֿטרת וישב).

געוואָרפֿן, אַדי׳ — באַשטימט, אויסגעפֿאָלן. „אויף זיי איז געוואָרפֿן צו וויסן דעת און חכמה, ווײַל מען פֿון זיי באַגערט תּורה״ (הפֿטרת תּולדות).

געמעלט, אַדי׳ — געמאָלן, באַשריבן. „די קינדער פֿון עשׂו זײַנען קורץ גע־מעלט, ער וויל ניט לאַנג פֿון רשעים ריידן״ (וישבֿ).

געשיכטעניש, סובסט׳ — געשיכטע, תּולדות, פּאַסירונג. „דאָס זײַנען די גע־שיכטעניש צו די קינדער יעקבֿ״ (וישבֿ); „דאָס איז אַזוי איין געשיכטעניש און ניט פֿון הקב״ה פֿון עבֿירה וועגן״ (הפֿטרת אַחרי).

גרונטפּאַס, סובסט׳ — תּהום. „דוד האָט געגראָבן גאָר טיף, פּופּצן הונדערט איילן, און האָט ניט געפונען דעם תּהום, דאָס זעלביקע איז דער גרונטפּאַס צו דער ערד״ (הפטרת שמיני).

גרייזקייט, סובסט׳ — זיקנה. „פיל מער וועלן זיי זיך פּרוכטן און שטאַרקן אין זיין גרייזקייט אין דער עלטער״ (הפטרת לך לך).

דערווייל, קאָניונקציע — כּל־זמן. „דערווייל איך בין דאָ, מאַך קיין עבודת כּוכבים״ (יתרו).

דרינגען, טראַנז׳ וו׳ — צווינגען, שטויסן. „ער איז ניט געגאַנגען אין תּיבה ביז די וואסער האָבן אים געדרונגען אין דער תּיבה״ (נח).

האָפונג, סובסט׳ — האָפענונג. „און האָט אויך עפּעס בנבואה געזען, דאָס איין האָפונג איז צו יעקב אין מצרים״ (מקץ).

האָפּערקייט, סובסט׳ — האָפּערדיקייט. „גלייך אז ווען דאָס גיאות און האָ־פּערקייט וואר צו זיי איין קרוין״ (הפטרת שמות).

הייבין, סובסט׳ — הייבאַם. „דאָ זאָגט די הייבין צו רחל: פּאָרכט זיך נישט, דו וועסט האָבן איין זון״ (וישלח).

היימלעך, אַדוו׳ — אין געהיים. „הקב״ה טוט אויף אַלע דינג אַלע טאָג נסים מיט דעם מענטשן פאַרבאָרגן און היימלעך״ (כּי תשא).

הייסן, טראַנז׳ וו׳ — רופן, אַ נאָמען געבן. „מען זאָל דיך ניט הייסן אַברם, נייערט אברהם״ (לך לך).

וואָרהאַפּטיק, אַדי׳ — באַגלייבט, ערלעך. „אָבער איין פרומען וואָרהאַפּטיקן מאַן ווער קאָן אים געפינען״ (נח).

ווייל, די, סובסט׳ — אויסקלייב, אויסוואַל. „איר זאָלט די ווייל האָבן צו נעמען פון אונדז טעכטער וועלכע איר ווילט״ (וישלח).

ווילהייט, סובסט׳ — אויסוואַל. „ער האָט די ווילהייט, ער מעג טאָן וואָס ער וויל״ (בראשית).

וויסיקלעך, אַדי׳ — באַוווּסט, באַקאַנט, ידוע. „עס איז וויסיקלעך דאָס דריי מעלות זיינען אָן די צדיקים״ (נח).

וועגשייד, סובסט׳ — ווו וועגן שיידן זיך, שיידוועג. „דו האָסט ניט באַדאַרפט שטיין אויף דעם וועגשייד, ווו זיך צוויי וועגן שיידן״ (הפטרת וישלח).

ווערן, טראַנז׳ וו׳ — (1) וואָרענען; (2) פאַרווערן, שטערן. „און אירע מיידן האָבן איר געווערט, זי זאָל דעם קאַסטן ניט אַרויסנעמען״ (שמות); „זיי מוזן טאָן אירע מעשׂים צו וואָס ער באַשאַפן איז, און קיינער טוט זיי עס ווערן צו טאָן״ (קדושים).

זונדער, אַדוו׳ — חוץ, אַניט. „אַלצדינג איז וואָרן פאַרלאָרן אין דעם מבול זונדער די פיש״ (בראשית); „דען ער וואר ניט אַרויסגעגאַנגען זונדער מען אים זאָלט גלייך האָבן דערשלאָגן מיט אלע מיתות״ (בראשית).

זייגערין, סובסט׳ — אַם. „מען נון האָט געהייסן דאָס רבקה זאָל גיין און איר זייגערין״ (חיי שרה).

זיכערלעך, אדוו׳ — **זיכער, רויק. „און זיי וועלן בויען הייזער... און זיי וועלן זיצן זיכערלעך דרויף״** (הפטרת וארה).

זעצן, טראַנז׳ וו׳ — **איינשטעלן. „איך האָב מיין חלק לעולם הבא דעראָן גע־זעצט״** (ויגש).

טאגווייז, אדוו׳ — **אויפן טאָג. „זייט איר אנדערש געדונגען טאָגווייז, דאָ איז עס נאָך צו פרי אַהיים צו טרייבן די פיך, דען דער טאָג איז נאָך ניט אויס״** (ויצא).

טרונקען, אַדי׳ — **שיכור. „אלע געטראַנקען דאָ מען טרונקען דערפון ווערט״** (נח).

לויפערין, סובסט׳ — **אַרומלויפערקע. „איך האָב זי ניט באַשאפן פון דעם פוס און זיי זיינען לויפערינס אין הייזער״** (בראשית).

לוסטיק זיין, אומטער׳ וו׳ — **חשק האָבן, גערן האָבן. „איין רבֿ האָט איין מאָל געדרשנט... דאָ האָט ער געזען, דאָס די לייט ניט לוסטיק זיינען צו הערן זיין דרשה״** (ויגש).

לײדיק, אדי׳ — **פריי, פטור. „דען פיליכט זאָגט יוסף שקר, נייערט ער וויל זיך ליידיק מאַכן אויס דער תּפיסה״** (מקץ).

מארקן, טראנז׳ וו׳ — **באמערקן, מערקן. „די רשעים פון דער שטאָט זאָלן ניט מארקן, וואָס איך האָב געסט״** (וירא).

נארהייט, סובסט׳ — **אָפּנאַרעריי, נארישקייט. „עס איז אין איטלעכן חלום אויך עפּעס נארהייט, כּלומר ווען גלייך דער חלום אמת איז״** (וישב); **„און זיי ניט קינדעריש אַז איין יונגער דער דאָ נאַרהייט נאָכגייט״** (הפטרת ויחי).

נייטלעך, אדי׳ — **נייטיק. „די צדיקים ווילן הקב״ה ניט מיען, ווו עס ניט גאַנץ נייטלעך איז״** (חיי שׂרה).

נימעץ, פּראָנאָם — **קיינער (אנטאָנים פון עמעץ). „דאָ ווערט זיך יעקב נימעץ אָננעמען, דען ער ווערט קיין ברודער האָבן״** (תּולדות).

עלטער־פאטער, סובסט׳ — **זיידע. „מיט יצחק דעם עלטער־פאָטער האָט ער גע־ווינט״** (וישב).

ער, סובסט׳ — **כּבוד, ערע. „הקב״ה האָט צוגעזאָגט אַברהם ער זאָל שטאַרבן אין ער, דאָס ער זאָל ניט זען אָן זיינע קינדער עפּעס בייז״** (לך לך).

ערנסטלעך, אַדוו׳ — **ערנסט. „איין מענטש דער דאָ לערנט ערנסטלעך די קרבנות, ווי מען זיי געבראַכט האָט, איז גלייך אַלס ער האָט זעלבערט גע־בראכט דאָס קרבן״** (ויקהל).

פאראָן, אַדוו׳ — **אין פאָרויס. „דער האָט די מויד געגעבן פאַראָן, איי ער האָט די מויד געפרעגט: ווער מעס טאָכטער ביסטו״** (חיי שׂרה).

פארנעמען, טראנז׳ וו׳ — **זיך צוהערן צו, באַנעמען, תּופס זיין. „קומט אהער, איר אומות, און שווייגט שטיל און פאַרנעמט מיינע רייד, איר מלכים. און ווען איר ווערט צוהערן און פאַרנעמען, דאָ זאָלט אירריידן, אז איר האָט עפּעס צו ריידן״** (הפטרת לך לך).

פארצאגן, אומטר׳ וו׳ — **פאַרצווייפלען אַריינפאַלן אין יאוש. „איר זאָלט**

ניט פֿאַרצאָגן, ישׂראל, די איך האָב אויסדערווײלט צו דינען מיר״ (הפטרת ויקרא).

פּוטער, סובסט׳ — שפּײַז פֿאַר בהמות. „און ער גאַב פּוטער צו די קעמלעך״ (חיי שׂרה).

פֿון דעסט וועגן, אַדוו׳ — דערפֿאַר, צוליב דעם. „דאָס איז געווען פֿון דעסט וועגן, ווײַל ער זיך האָט פֿאַרלאָזן אויף דעם שׂר המשקים״ (מקץ).

פֿון ווערסט וועגן, אַדוו׳ — פֿאַר וואָס, צוליב וואָס. „פֿון ווערסט וועגן גייט עס ישׂראל אַזוי איבל?״ (שמות).

פֿר:ען זיך, אומטר׳ וו׳ — זײַן פֿאַר פֿרײַ. „ווען זי זײַן אַז איין וואָלקן צו מאָרגנס פֿרי, דער גאָר באַלד פֿאַרגייט, און אַז איין טוי דער זיך פֿריט און פֿאַרגייט באַלד״ (הפטרת ויצא).

פֿר:ערן זיך, אומטר׳ וו׳ — אויפֿשטיין פֿרי, זיך משכּים זײַן, זיך פּעדערן. „ער וואָר זיך פֿריערן צו איין מצווה״ (וירא).

פֿרישונג, סובסט׳ — פֿרישקייט. „נעמט שטראָף מיט פֿרישונג און ניט מיט פֿוילקייט״ (תּרומה).

פֿרישן, טראַנז׳ וו׳ — צוגעבן מוט, דערמוטיקן. „פּרעה האָט אַליין געבונדן דעם רײַטוואָגן, כּדי ער וואָלט פֿרישן זײַן פֿאָלק זיי זאָלן אויך באַהענד גיין״ (בשלח).

צוטאָן, טראַנז׳ וו׳ — צומאַכן, פֿאַרמאַכן. „אירע אויערן האָבן זיי צוגעטאָן ניט צו הערן מײַנע רייד״ (הפטרת יתרו).

צופֿאָר, אַדוו׳ — פֿריער. „מען זאָל ניט פֿאַרשטיין, דאָס זי האָט מיט נתן הנביא צופֿאָר עפּעס גערעדט דערפֿון״ (הפטרת חיי שׂרה).

צ:ען, אומטר׳ וו׳ — רייזן, זיך אַוועקלאָזן אויף אַ נסיעה. „ער ווייס ניט ווען ער זאָל צ:ען... און גרייט זיך אָן שפּײַז אויף דעם וועגן״ (וישב).

צערונג, סובסט׳ — שפּײַז. „און יוסף האָט געהייסן מען זאָל זיי געבן צערונג אויף דעם וועג״ (מקץ).

קליינגעזינד, סובסט׳ — קליינוואַרג. „און האָט געהייסן ברענגען זײַן פֿאָטער אַהער אין לאַנד מצרים מיט זײַנע ווײַבער און קליינגעזינד״ (ויגש).

קעסטלעך, אַדי׳ — גרויס, שטאַלץ, חשוב. „דו ווילסט זיך קעסטלעך האַלטן און ווילסט אַליין לײַכטן״ (בראשית); „שבת איז קעסטלעכער פֿאַר אַלע טאָג״ (בראשית); „דאָ מאַכט שׂרה איין סעודה און האָט געבעטן אַל די קעסטלעכע לײַט״ (לך לך).

קעפּסקינד, סובסט׳ — אַ קינד פֿון אַ קעפּסווײַב. „און די קעפּסקינדער האָט אַברהם געגעבן מתּנות״ (חיי שׂרה).

רײַז, סובסט׳ — רייזע, נסיעה. „און [אברהם] האָט דאָס האָלץ מיט זיך גע־טראָגן דרײַ טאָג רײַז״ (וירא).

רייניקלעך, אַדוו׳ — ריין, ציכטיק. „זאָל ער זיך גאָר שיין צירן מיט קליידער און רייניקלעך האַלטן״ (צו).

רעכט, אַדי׳ — ריכטיק, עכט, גערעכט. „אייניקלעך זײַנען אַז די רעכטע

קינדער" (ויצא); „ער [גאָט] האָט זיי באַשאַפן מיט אמת און ער טוט זיי ריכטן רעכט" (הפטרת לך לך).

רעכטפּאַרטיק, אַדי' — גערעכט. „מיט שלום און מיט רעכטפּאַרטיקן וועג איז ער מיט מיר געגאַנגען" (הפטרת תולדות).

שאַלק, סובסט' — פּוסטער מענטש, גאַרנישט. „איז עס אונדז איין חרפּה, דיינע רעכטע ווייבער, דאָס דו דיך שפּל מאַכסט גלייך אַז איין שאַלק" (הפטרת שמיני).

שאַלקהאַפּטיק, אַדי' — ביטרע. „און די שלאַנג וואר שאַלקהאַפּטיק" (בראשית).

שולדיק, אַדי' — מחויב. „די מאַנען זיינען שולדיק צו גיין קיין ירושלים אום רגל" (כי תשא).

שטרויכלען, טראַנז' וו' — מאַכן שטרויכלען. „ווען איינער שטרויכלט צו איין עבירה זיין חבר, דער ווערט מער געשטראָפט אַז דער חבר" (בראשית).

שפּעטער, סובסט' — אָפּשפּאָטער, אָפּלאַכער. „איר זאָלט צוהערן די רייד פון גאָט, איר שפּעטער" (כי תשא).

# ווערטער און ווערטלעך פון דער חורבן־תקופה*

## פון נ. בלומענטאַל

אָפּגעבן דאָס וואַזשיוע־ביכל — האַלטן ביים שטאַרבן. דאָס „וואַזשיוע־ביכל" האָט באַרעכטיקט צו קריגן גרינסן (חיים פּאָטשאַרקאָווסקי, פּל"ח, נומ' 7).

אָפּחורשן — אונטערקויפן (גאָלדשטיין, ז' 171; מ. שטריגלער, אין די פאַבריקן פון טויט, ז' 165).

אָפּסמען — אונטערקויפן. „מ'האָט געמוזט יעדן אָפּסמען" (ל' דרעווניצע, ר"א, אַפּריל 1941).

אָפּעראַציע — אַ געוויסע, קאָנקרעטע אויפגאַבע וואָס אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע דאַרף דורכפירן. עס זיינען געווען קאַמף־אָפּעראַציעס, ווען מען האָט געדאַרפט אויספירן אַן אַקט פון סאַבאָטאַזש אָדער ליקווידירן אויף אַ געוויסן אָרט דעם שונא, און שפּייז־אָפּעראַציעס, ווען מען האָט געדאַרפט פאַרזאָרגן די אָפּטיילונג מיט שפּייזפּראָדוקטן. געווען די אויס־דרוקן: גיין אויף אָפּעראַציע, צוריקקומען פון אָפּעראַציע. „יעדע נאַכט גייען מיר אַרויס אויף אָפּעראַציע... איצט גרייטן מיר זיך אַרונטערצולאָזן אַ באַן פון דער ליניע" (פּנקס ביטען, ז' 286); „יעדע נאַכט גייען מיר אַרויס אויף אָפּ', מיר ברענגען קעסלען, כלים, עסנוואַרג... טייל גיבן אונדז פּראָדוקטן פרייוויליק, ביי אַנדערע נעמען מיר אַליין" (דאָרטן, ז' 247).

אַ'פּרוך — (1) די אַרבעט ביים אַראָפּרייסן הייזער, וואָס מען האָט פון דאָרטן „אויסגעזידלט" די יידן; (2) דאָס אָרט ווו מע פאַרנעמט זיך מיט אַפּרוך, די אַפּרוך־שטעלע; (3) די קאָמאַנדע וואָס פאַרנעמט זיך מיטן אַפּרוך. אַפּרוך האָט זיך גערעכנט ווי זייער אַ שווערע אַרבעט און מען האָט געשיקט אויף אָט דער אַרבעט די וואָס האָבן באַדאַרפט אָפּקומען אַ שטראָף. „20 פּאָליציסטן זיינען באַזייטיקט געוואָרן און וועלן מוזן גיין צום אַפּרוך" (כ"י פון ל"ג, מחבר אומבאַקאַנט, פון 9טן יולי 1944). שטאַמט פון דייטשישן וואָרט Abbruch, אָבער יידן האָבן עס אַרויסגעזאָגט און געשריבן מיט אַ פּ.

* דעם אָנהייב פון דער רשימה מיט די קיצורים וואָס ווערן גענוצט זען יידישע שפּראַך, ב' XVI, נומ' 1, זז' 22—28; דעם המשך אין די נג' 2, און 3, זז' 55—57, 93—95.

אָפּשנײַדן — אָפּטיילן א גרופּע פֿון א גרינגערער אַרבעט און שיקן צו א שווערער. „פֿון קאָווגער ג׳ גייען יעדן טאָג אַרויס [דורך צוויי באַזונדערע טויערן] די שטאָטישע [וואָס אַרבעטן אין שטאָט] און די שטעפּערס צום אַעראָדראָם. די אַרבעט ביים אַ׳ איז זייער א שווערע, דעריבער גייען אַהין זייער ווייניק אַרבעטער. אַזוי ווי אָבער דעם קאָנטינגענט מוז מען צושטעלן, פֿלעגט די מאָביליזאַציע־אָפּטיילונג אָפּטיילן פֿון יעדער שטאָטישער בריגאַדע א געוויסע צאָל מענטשן... און צושטעלן זיי צו די אַעראָדראָם־אַרבעטער. אַזאַ אָפּעראַציע האָט מען גערופֿן אָפּשנײַדן" (פּל״ח, נומ׳ 8).

אַקאַ — ראָשי־תּיבֿות פֿון „אַרמיאַ קראַיאָוואַ", דער פּוילישער אונטערערדישער אַרמיי וואָס האָט געקעמפֿט קעגן די דײַטשן. איבער די אָפֿטע אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען פֿון אירע אָפּטיילן האָט מען די ראָשי־תּיבֿות געלייענט: אַ כּפּרה.

אַ׳קאָווצעס — די מיטגלידער פֿון אַקאַ. „צוליב די אַקאָווצעס האָבן די פּאָליאַקן מורא צו האַלטן יידן" (יזכּור־בוך קאָריוו, ז׳ 330); „די אַקאָווצעס זוכן איצט [אין 1944!] יידן מער ווי די דײַטשן" (דאָרטן, ז׳ 336).

אַקאַדעמיק — אַ ייִד אויף דער אַרישער זײַט. געניצט פֿון יידן וואָס האָבן זיך פֿאַרשטעלט ווי אַריער אין וואַרשע.

אַקאַעסניק — אַן אָפּגעשוואַכטער. קומט פֿון די דײַטשישע ראָשי־תּיבֿות .A. K. S, „אַלגעמיינע קערפּערשוועכע" (דוואָרזשעצקי, ז׳ 19).

אַקאָרדמאָרד — ווען די דײַטשן האָבן פֿאַרלאַנגט אַז יידן זאָלן אַרבעטן אויף אַקאָרד, האָבן יידן דאָס גערופֿן אַקאָרדמאָרד און דערמיט געוואָרנט, מען זאָל זיך ניט איבערנעמען מיט דער אַרבעט (קאַפּלאַן, ז׳ 77).

אַקטאָר — דאָס זעלביקע וואָס אַקאַדעמיק — אין לעמבערג.

אַקס — דער נאָמען פֿאַרן דײַטש־איטאַליעניש־יאַפּאַנישן אָפּמאַך. וועגן דער אַקס זײַנען גע־שאַפֿן געוואָרן פֿאַרשיידענע אַנעקדאָטן: (1) „אויפֿן וועג איז געשטאַנען אַן אייזל און ניט געוואָלט זיך רירן פֿון אָרט. עס זײַנען אָנגעקומען צוויי גרויסע [היטלער און מוסאָליני]. רופֿט זיך אָן איינער: כ׳האָב שוין א מיטל. ער איז צוגעגאַנגען צום אייזל און אים אַרײַנגעשושקעט אין אויער. דער אייזל איז גלײַך אַנטלאָפֿן. וואָס האָסטו אים אָזוינס געזאָגט? — פֿרעגט דער צווייטער. איך האָב אים פֿאָרגעלייגט צוצוטרעטן צו דער אַקס" (רינגל׳, דעצ׳ 1941); (2) אַ געסטאַפּאָ־מאַן פֿרעגט א יידן, ווער וועט געווינען די מלחמה. דער ייִד ענטפֿערט: אַקסע — Achse (און טײַטשט אויס: אַמעריקע, כינע, סאָוועטן, ענגלאַנד). און ווער וועט פֿאַרשפּילן די מלחמה? — ייִד (און טײַטשט אויס: יאַפּאַן, איטאַליע, דײַטשלאַנד) — באַקאַנט אין ווי״ג, אין לעמבערגער ג׳ א״א.

אַקציע, אַקציאָן — דאָס צונויפֿנעמען א טייל פֿון געטאָ אָדער אַלע יידן פֿון געטאָ כּדי זיי אַוועקצופֿירן אין אַן אויסראָט־לאַגער אָדער אומברענגען אויפֿן אָרט. דאָס סאַמע פֿאַר־שפּרייטע און באַקאַנטע וואָרט פֿון דער נאַצי־תּקופֿה, געניצט אין אַלע געגנטן און אויך אין אַלע לשונות. פֿון א לאַגערליד: „דער פֿאָטער איז אין אַקציאָן אַוועק / און מיט דער מוטער זיך צעשיידט אין שרעק". „די גרויסע פּאָגראָמען — אַקציעס ווערן זיי אײַפֿעמיסטיש אָנגערופֿן" (אליהו גוטקאָווסקי, „דער בלוטיקער סך־הכּל", ר״א, 166, פֿון 16טן יוני 1942[!]). אין ביאַליסטאָק האָט מען געהאַלטן (מ. טאַמאַראָוו־טענענבוים, אין זײַנע נאָטיצן אין ג׳ ביאַליסטאָק, אָנהייב 1943) אַז דאָס וואָרט האָט מען דאָס ערשטע מאָל געניצט אין ווילנע ביי דער דאָרטיקער ערשטער אַקציע אין סעפּטעמבער 1941. אָבער דאָס וואָרט האָבן די דײַטשן געניצט אין זייערע אַמטלעכע דאָקומענטן נאָך פֿאַר דער מלחמה, למשל, בעת די נאָוועמבער־געשעענישן פֿון 1938 אין דײַטשלאַנד. אַזוי ווי אין איין אָרט זײַנען פֿאָרגעקומען מערערע אַקציעס, האָט מען גערופֿן נאָכן סדר נאָך: די ערשטע א׳, די צווייטע א׳ אאז״וו. ביי די שפּעטערע אַקציעס האָבן יידן שוין געהאַט סימנים צו דערקענען אַז עס דערנענטערט זיך אַן א׳. „זיי גרייטן שוין די אַקציע. גויים פֿון די אַרומיקע דערפֿער גראָבן גריבער" (פּנקס ביטען, ז׳ 229). אַן אַקציע האָט געקאָנט געדויערן עטלעכע טעג נאָך דער ריי, א געוויסע לענגערע צײַט. „יעדן אַנדערן

טאָג באַווייזט זיך אויף די מויערן אַ פרישער פלאַקאַט, אונטערגעשריבן דורך דער לייטונג פון דער יידישער פּאָליציי אַז די אַ׳ (אַזוי האָט עס געהייסן) דויערט ווייטער״ (י. פּערלע, „חורבן וואַרשע 1942״, ר״א, II).

עס זיינען געווען אַקציעס אויף באַזונדערע גרופּעס: קינדער, אַלטע לייט, די וואָס אַרבעטן ניט, אָדער אויף ספּעציעלע פאַכן, אויף דער אינטעליגענץ (למשל, אין בראָד, אין טשאָרטקעוו א״א). אַ גרויסע אַ׳ האָט געהייסן, ווען זי האָט פאַרכאַפּט אַ גרויסן טייל פון ג׳, און אַ קליינע אַ׳, ווען מען האָט אומגעבראַכט אַ קלענערע צאָל יידן. אַ קאָנטינגענט־אַקציע האָט זיך גערופן אַזאַ אַ׳, ווען דער יודענראַט האָט געדאַרפט צושטעלן אַ באַשטימטע צאָל קרבנות און מען האָט זיי גענומען לויט ספּעציעלע רשימות. אַ בלינדע אַקציע — בעת וועלכער מע האָט געכאַפּט צופעליקע מענטשן (רינגל׳, פון 24סטן מאַרץ, 1942). אַ ווילדע אַ׳ — אַזאַ וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט באַזונדערער אכזריות, ווען מען האָט געשאָסן מענטשן אויפן אָרט. אַ שטילע אַ׳ — ווען מען האָט אָן גערויש און טומל צונויפגענומען די קרבנות, וואָרעם געוויינטלעך פלעגט מען די אַ׳ דורכפירן מיט אַ גרויס געפילדער, מיט שיסערייען, ברעכן טירן און שויבן, אויפרייסן בונקערס אאז״וו. שטילע אַ׳ זיינען ס׳רוב געווען אויף בתי־זקנים, קראַנקע פון שפּיטאָלן, יתומים־הײַזער א״א. גיין מיט דער אַקציע באַטייט: אומקומען בעת דער אַ׳.

אַקציעס זיינען נוגע געווען מענטשן; זעלטן האָט מען דורכגעפירט אַקציעס אויף זאַכן (למשל, די פאַרמעגנס־אַקציע אין קאָוונע און אַנדערע שטעט, אַקציע אויף פוטער אָדער פוטער־אַקציע א״א).

אַראָפּבייגן זיך — אַריינלייגן צו זיך אין קעשענע זאַכן וואָס מע (ד״ה די יידישע „רוד־מונגס־קאָמאַנדע״) געפינט ביים סאָרטירן דאָס יידישע פאַרמעגן נאָכן ליקווידירן דאָס געטאָ. אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט, פרעגט איינער דעם צווייטן: „האָסט זיך היינט עפּעס אַראָפּגעבויגן?״ און דער צווייטער ענטפערט: „היינט האָב איך זיך אַזוי אַראָפּגע־בויגן אַז איך האָב באַקומען דעם הויקער״, ד״ה ער האָט אַ סך אַראָפּגעלקחנט (ש. ראָטנבערג, צויזמער־סטאַשעוו).

אַרבוז — קאָפּ פון אַן אויסגעגראָבענעם מת וואָס מע האָט פאַרברענט אויפן שייטער.

אַרביטראַזשיסט — הענדלער מיט וואַלוטע, וואַלוטשאַזש — אין וו״ג — וואָס עקספּאָרטירט די „סחורה״ מחוץ ג׳ און אפילו מחוץ די גרענעצן פון גענעראַל־גאָווערנעמענט, אָבער ער אַליין פאָרט ניט, נאָר שיקט דעם בויקס (זען) (ר״א, 61, „די שוואַרצע גילדע״).

אַרבעה — אַ נאָמען פאַר היטלערן, דעם פירער — אין קאָוונער ג׳ (פּל״ח, נומ׳ 2).

אַרבעט האָב איך... — אַ פראַזע פון רומקאָווסקיס אַ רעדע אין ל״ג: „אַ׳רבעט האָב איך פאַר אייך און ע׳סן האָב איך״, האָט מען איבערגעגעבן מיט אַן אַקצענטירונג: „אַרבעט האָב איך פאַר אייך און עסן האָב איך״ (פּל״ח, נומ׳ 3).

אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס — אָט דאָס שפּריכוואָרט האָבן די נאַציס אָפּט געניצט; יידן פלעגן צוגעבן פאַרשיידענע קאָמענטאַרן: (1) „...און דאָס פּנים מיאוס, און מע באַקומט לאַנגע פיס״ (ל׳ סקאַרזשיסקאָ, בוכנוואַלד); (2) „...קורצע טעג און לאַנגע פיס״; (3) אַ דייטש שלעפּט אַ ייד צו דער אַרבעט און זאָגט...; ענטפערט דער ייד: „כ׳בין נישט קיין נאַשער״ (רינגל׳, מיי 1940); (4) אַן אַנדער וואַריאַנט — דער ייד ענטפערט צום גראַם: „ברעך הענט און פיס״.

אַרבעט מאַכט פריי — אויפשריפט אויפן אַריינגאַנג־טויער אין אוישוויצער ל׳; יידן פלעגן צוגעבן: „פון לעבן״, אָדער „...און קרעמאַטאָריום איינס־צוויי־דריי״.

אַרבעטס־געמיינשאַפט — אַ וואַרשטאַט וואָס אַרבעט אויס אַרטיקלען פאַר דער דייטשישער אַרמיי. דער נאָמען איז געווען פאַרשפּרייט אין ראָדעם, קראָקע און א״א געטאָס, אין וו״ג האָט מען עס גערופן שאָפּ.

אַרבעטספליכט־פּאַס — דאָס קאַרטל וואָס עס האָט באַקומען יעדער ייד וואָס איז געווען גע־צוווּנגען צו אַרבעטן פאַר די דייטשן — מענער פון 17 ביז 55, פרויען פון 18 ביז 45. אויפן קאַרטל איז געווען אַ נומער, דער נאָמען, פאַמיליע־נאָמען, עלטער, אַדרעס; מיט

דער צייט איז דער נאָמען אַזוי ווי פֿאַרשווּנדן און געבליבן איז נאָר דער נומער. מע פֿלעגט רופֿן צו דער אַרבעט לויט די נומערן: גראָדע איין טאָג, אומגראָדע אַן אַנדער טאָג. אויפֿן לשון פֿון „אַרבייטסאײַנזאַץ" האָט עס געהייסן: טורנוס אַ — די אומגראָדע נומערן, טורנוס בע — די גראָדע — קאָוונער ג׳ (פּל״ח, נומ׳ 8).

אָרגאַניזירן — צונעמען פֿון די דײַטשישע סקלאַדן, האַנדלען מיט די געגנבעטע זאַכן. יידן האָבן עס ניט באַטראַכט ווי אַ חטא. דאָס וואָרט איז געווען באַקאַנט אין אַלע ל׳ און איז אַפֿילו אַרײַן אין די דײַטשישע אָפֿיציעלע דאָקומענטן.

אָרדנונגסדינסט — די ייִדישע פּאָליציי אין געטאָס און אַ טייל לאַגערן. אין ווי״ג האָט מען עס גערופֿן: אומאָרדנונגסדינסט (ר״א, 192, פֿון 6טן יולי 1942). מען האָט זיך געוויצלט: עס איז געווען אַ יישוב־הדעת, מיט וואָסער צייכן די אָרדנערס זאָלן זיך באַגריסן, לסוף האָט מען באַשלאָסן: זאָלן זיי הייבן דעם גראָבן פֿינגער און דעם ווײַזפֿינגער, וואָרעם מיט זיי ציילט מען געלט — אַן אָנצוהערעניש אויף כאַבאַר (ר״א, 301, נאָטיץ פֿון ה. וואַסער, פֿון 11טן דעצעמבער 1940).

(המשך אין קומעדיקן נומער)

# בריוו אין רעדאַקציע

חשובער פֿרײַנד רעדאַקטאָר:

אין זײַן ענטפֿער אויף מײַן נאָטיץ „פּאַר 50 יאָר" (זען לעצטע 2 נומערן ייִדישע שפּראַך), שרײַבט אַ. אַ. ראָבאַק:

„ווען איך האָב אין פֿרײַע אַרבעטער־שטימע קריטיקירט דעם אויסדרוק ׳פּאַר 50 יאָר׳ ווי ניט־אידיאָמאַטיש, באַזונדער אין זאַץ פֿון אַ צירקולאַר וואָס האָט זיך אָנגעהויבן: ׳פּאַר 50 יאָר איז צביון געשטאַנען...׳, האָב איך ניט געוווּסט וועמען איך האָב אָנגעטראָטן".

איז אויב אַ. אַ. ראָבאַק מיינט, אַז מיטן „פּאַר" פֿון צירקולאַר האָט ער מ י ר אָנגעטראָטן, האָט ער אַ גרויסן טעות. איך האָב דעם צירקולאַר קיין מאָל ניט געשריבן און קיין מאָל ניט געזען. איך רעכן אַז אויך אַ. אַ. ראָבאַק האָט אים קיין מאָל ניט געזען. ער האָט דאָ אַ פּנים צונויפֿגעמישט צוויי באַזונדערע זאַכן: והראָיה: אין זײַן ערשטן אַרויסטריט קעגן דעם אויסדרוק „פּאַר 50 יאָר" האָט ער ניט גערעדט וועגן אַ צירקולאַר וואָס דערציילט אַז „פּאַר 50 יאָר איז צביון געשטאַנען..." נאָר גאָר עפּעס אַנדערש: „אַט לייען איך אין אַ מודעה וועגן אַ יובילײַ פֿון אַ קולטור־טוער וואָס איז אַליין אַ ביבליאָגראַף, און איך שטויס זיך אָן אויפֿן ׳פּאַר׳ אין אַ זאַץ: ׳פּאַר פֿיל יאָרן האָלט ער אָן אַן אָנפֿירנדע פּאָזיציע׳" אַאַז״וו (פֿרײַע אַרבעטער־שטימע, 13טן יאַנואַר 1956).

בכן, אַט דער באמת קאָמפּראָמיטירנדיקער „פּאַר" האָט ניט קיין שום שייכות צו צביונען און אויך ניט צו מיר. איך האָב געגנוג צרות פֿונעם ג ו ט ן (נאָך מײַן מיינונג) פּאַר, רוקט מיר אַ. אַ. ראָבאַק אונטער נאָך אַ נײַעם פּאַר. וואָלט איך דעם דאָזיקן פּאַר באמת געניצט, וואָלט איך גלײַך געדאַרפֿט רעזיגנירן פֿון ייִדיש־לערערײַ אין לערער־סעמינאַר און מיטלשול.

צו דער דיסקוסיע גופֿא וויל איך צוגעבן נאָר אָט וואָס: די „פּסיכאָלאָגיע" און די „געזעצן" פֿאַר אַ נאָמען פֿון אַ בוך זײַנען אין גאַנצן אַנדערע. צביונס בוך האָט ניט געקענט אָנגערופֿן ווערן „במשך פֿון 50 יאָר", „אין פֿאַרלויף

פון 50 יאָר", און אַוודאי ניט ווי א. אַ. ראָבאַק רעקאָמענדירט „אין משך פֿון 50 יאָר", אָדער „50 יאָר לאַנג", צי גאָר „מיט 50 יאָר צוריק". א טיטל־נאָמען דאַרף זיין קורץ, שלאָגעוודיק, מיט געשמאַק און טעם. איך באַשטיי אַלץ אַז „פֿאַר 50 יאָר" איז אַ געלונגענער נאָמען, און ער איז אבסאָלוט יידישלעך און ער איז ניט „פֿרעמד" און אַוודאי ניט „גרייזיק", ווי אַ. אַ. ראָבאַק האָט געפּסקנט לכתּחילה און ווי ער האָט שפּעטער נאָכגעלאָזט: „אַנשטאָט גרייזיק לאָמיר זאָגן: טויג ניט".

לאָמיר האָפֿן אַז דער רעדאַקטאָר פֿון ייִדישע שפּראַך וועט אין זיין צוגע־זאָגטער אַרבעט וועגן דער פּרעפּאָזיציע פֿאַר אויפֿפּלאָנטערן אויך דעם ענין „פֿאַר 50 יאָר".

מיט דרך־ארץ,

ח. ש. קאַזדאַן

חשובער רעדאַקטאָר:

צו מיין אַרטיקל „ווען פֿאַר איז קעגן גייסט פֿון יידיש", ייִדישע שפּראַך, ב' XVI, נומ' 3, געפֿין איך אויף ז' 88 דעם רעדאַקטאָרס הערה צו דער פּראַזע אין זיינער צייט: „מיר קענען עס ליידער ניט רעקאָמענדירן פֿאַר דער כּלל־שפּראַך". איך האָב געלייענט עטלעכע מאָל מיין זאַץ, ביז איך האָב דערזען אַז דאָרטן איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן דאָס וואָרט ניט. מיין זאַץ דאַרף זיך לייענען: „דערפֿאַר וועל איך ניט ניצן אַזעלכע אויסדרוקן ווי היינט צו טאָג, אין זיינער צייט, דאָס וויל זאָגן". מיר איז אַ חידוש וואָס פֿון קאָנטעקסט פֿון אַרטיקל איז ניט קלאָר געווען אַז איך רעקאָמענדיר ניט די אויסדרוקן: היינט צו טאָג, אין זיינער צייט, דאָס וויל זאָגן. אין פֿרייַע אַרבעטער־שטימע האָב איך אַנומלטן אָנגעוויזן אויף אָט די אויס־דרוקן ווי אויף דייטשמעריזמען.

וואָס שייך אַ צווייטער רעדאַקציאָנעלער הערה, אויף ז' 91, קעגן מיין הנחה אַז טאָג אין טאָג קלינגט יידישלעכער ווי טאָג פֿאַר טאָג, אַפּעליר איך צו די ביאַליסטאָקער און גראָדנער, אַז זיי זאָלן זיך אַרויסזאָגן וועגן דעם. פֿון מיינע עלטערן האָב איך תּמיד געהערט: טאָג אין טאָג. טאָג פֿאַר טאָג פּלאָנטערט זיך צונויף מיט פֿאַר טאָג (כּעלות הבוקר), און דאָס גופֿא איז שוין אַ קנאַפּע רעקאָמענדאַציע.

מיט גרוס,

אַ. אַ. ראָבאַק

# שאלות און תשובות

339. אין אַ צײַטונג האָב איך באַגעגנט אַ זאַץ וואָס בײַ מיר פֿאַרטשעפּעט ער זיך און קלינגט ניט ייִדיש. דער זאַץ איז געווען: „וואָס איך ווייס אויך איז אַז איינער איז אַ מבֿין אויף אַ צווייטן". האַלט איר אַז דער זאַץ איז אַ ריכטיקער?

ניין, עס וואָלט געדאַרפֿט זײַן אַ סך פּשוטער: איך ווייס אויך אַז איינער... דער ציטירטער זאַץ איז אַן איבערזעצונג פֿון ענגליש אָדער באַווירקט פֿון דעם ענגלישן אופֿן שאַפֿן זאַצן.

(די פֿראַגע 339 האָט צוגעשיקט ה. הירשקאָוויץ, ניו־יאָרק).

340. אין אַן אַלט ספֿרל, הנהגות אָדם, פֿון יאָר 1865, אין פּרק ז, געפֿינען מיר אין ייִדיש נעמען פֿון מאכלים, וואָס אויף זיי „אין קובעים ברכה לעצמן כשבאין בתוך הסעודה, אפילו שלא מחמת הסעודה". די מאכלים זענען: 1) קרעפּלי"ך; 2) לעקי"ך; 3) הוזין בלאָזין; 4) נליסניקש. די פּאַטראַוועס מיט די נומערן 3) און 4) זענען מיר נישט באַקאַנט.

הויזנבלאָזן זײַנען לענגלעכע מאַנדעלעך וואָס מען עסט מיט זופּ, לויטן אויסזען דערמאָנען זיי אָן אַ פּענכער אין אַ פֿיש; נאַליס(ט)ניקעס זײַנען אַ מין בלינעס פֿון לויזן טייג, געבאַקן אויף בלעטער. וועגן אָט די „פּאַטראַוועס" און וועגן נאָך אַנדערע צענדליקער שפּײַזן וועט דער לייענער געפֿינען זייער אַ סך מאַטעריאַל אין מ. קאָסאָווערס גרויסער אַרבעט „ייִדישע מאכלים", וואָס גייט אַרײַן אין דעם יאָפּע־בוך וואָס דרוקט זיך איצט.

(די פֿראַגע 340 האָט צוגעשיקט יוסף פֿוקסמאַן, ברוקלין).

341. וואָס איז דער חילוק צווישן קומעדיק און קומענדיק? ווען דאַרף מען ניצן קומעדיק און ווען קומענדיק? דער עתיד איז די קומעדיקע צײַט אָדער די קומענדיקע צײַט? וואָס איז דער חילוק צווישן די אויסדרוקן: קומעדיקער נומער ייִדישע שפּראַך און קומענדיקער נומער?

קומענדיק איז דער ערשטער פּאַרטיציפּ אָדער דער גערונדיוו פֿון ווערב קומען; קומענדיק באַטײַט: וואָס עס האַלט אין פּראָצעס פֿון קומען. דער קומענדיקער נומער באַטײַט: דער נומער וואָס איז אין פּראָצעס פֿון קומען, דער וואָס דרוקט זיך שוין, אָדער וואָס איז שוין גרייט צום דרוק.

קומעדיק איז אַן אַדיעקטיוו, אַזוי ווי שטייעדיק, ווי גייעדיק און אַנדערע פֿון דעם שניט. קומעדיק באַטײַט: וואָס האָט די אײַגנשאַפֿט צו קומען, אָבער דערבײַ איז ניטאָ די פֿאָרשטעלונג אַז אָט דאָס קומען וועט באַלד געשען אָדער איז שוין אין פּראָצעס פֿון געשען. לאָמיר זאָגן, מע שמועסט וועגן דעם מענטשן פֿון ווײַטן עתיד — קען מען זאָגן דערבײַ: דער קומעדיקער מענטש וועט זײַן גליקלעכער ווי דער איצטיקער מענטש, אָבער ווער ווייסט ווען ער וועט קומען! דעריבער ווען עס רעדט זיך בכלל וועגן דעם עתיד דאַרף מען די צײַט אָנרופֿן — די קומעדיקע צײַט. ווען עס רעדט זיך וועגן אַ נומער פֿון אַ זשורנאַל וואָס וועט אַרויס שפּעטער, דאַרף מען זאָגן: דער קומעדיקער נומער.

(די פֿראַגע 341 האָט צוגעשיקט בערל כּהן, ברוקלין).

---

רעדאַקטאָר: יודל מאַרק.

# YIDISHE SHPRAKH

## (THE YIDDISH LANGUAGE)



A JOURNAL
Devoted to the
PROBLEMS OF
STANDARD YIDDISH

TABLE OF CONTENTS:




YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH
1048 Fifth Avenue
New York 28, N. Y.

**Oct.-Dec., 1956, Vol. XVI, 4**

PRINTED IN U.S.A.

Annual Subscription—$2.00


vol. 16

[redacted]